# CONTROL TEST TARGET
# for Kodak Quality Monitoring















Aa Bb Cc Dd Ee Ff Gg Hh Ii Jj Kk Ll Mm Nn Oo Pp Qq Rr Ss Tt Uu Vv Ww Xx Yy Zz

Aa Bb Cc Dd Ee Ff Gg Hh Ii Jj Kk Ll Mm Nn Oo Pp Qq Rr Ss Tt Uu Vv Ww

Note: This target is intended for routine quality control checking and uniformity.
It is not to be used for certification of meeting any ANSI or ISO Standards for image quality requirements.
Note: To record background density, use a blank sheet of white paper.

A-2289 CAT 800 7403 Rev. 2/00 @ Eastman Kodak Company, 2000 Printed in U.S.A.

Document Imaging
EASTMAN KODAK COMPANY
Rochester, New York 14650
1-800-232-8811

DOCUMENT IMAGING



BIBLIOGRAPHIC RECORD TARGET

YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

Master negative Storage Number Y-2005- 1897.20

**Vieviorka, Avraham, 1887-1935**
Dramatishe shriftn / A. Vevyorka.
Kharkov : Literatur un kunst, 1933.
403 p.

1. Yiddish drama.--lcsh
I. Ukraine-Kharkiv

ID : NXYH02-B2296 CC: 9114 DCF: [HBR]
CALL #: /72438

Reduction ratio X 10.0

עסטערנ,
מײַנ לעבנס־כאַווער,
צוגעטראָגנ.

# פון מעכאַבער

אין דעם באַנד גייען אַרײַן פּיעסן, וועלכע זײַנען געװען די ע ר ש ט ע דראַמאַטורגישע ווערק אין דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור. „האַנענקריי“ איז ניט נאָר די ערשטע פּיעסע, נאָר איבערהויפּט די ערשטע גרעסערע זאַך, וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דער ייִדיש־סאָוועטישער ליטעראַטור. „ברילִיאַנטן“ איז נאָך אַלץ געקומען אַף א פּוסט דראַמאַטורגיש פעלד.

דערצייל איך דאָס ניט צוליב באַרימערײַ און אויך ניט צוליבן נוצן פונעם קומענדיקן ליטעראַטור־היסטאָריקער, נאָר קעדיי צו דערקלערן אייגענע שוואַכקייטן און בלויזן.

עטלעכע באַמערקונגען צו די זאַכן, וואָס זײַנען געדרוקט אין דעם באַנד:

„האָנענקריי“ איז געשריבן ווי א מיסטעריע, אָבער איך האָב געקוקט דערויף ווי אַף א סאַטירע, וואָס דאַרף אויפרײַסן אַלץ, וואָס איז מיסטעריעז, מיסטיש און סימבאָליסטיש. נאָר עקסטרעמע נאַיִוּוקייט קאָן אַף וועלכן ניט איז אויפן פאַרבונדן דיראָזיקע מיסטעריע מיט סימבאָליזם. פאַרקערט, מײַן ציל איז געווען — אויפרײַסן דעם טראַדיציאָנעלן ייִדישן סימבאָליזם־מיסטיציזם, אויפרײַסן אים מיט זײַנע אייגענע מיטלען; די שכינה, וואָס ווערט געשענדט אַף דער האַרטער באַנק, מאָשיעך וואָס פּאָליציי אַרעסטירט — דיראָזיקע לעסטערונג ניוועלירט יעדע מעגלעכקײַט פון אירע־אַליזירונג און פאַרהייליקונג.

אָבער —

נאָר אַף י ע נ ע ם עטאַפּ פון אונדזער ליטעראַטור, וועלכע איז נאָך פּאַקטיש ניט געוועז אָפּגעשניטן פונעם נאַפּל פון דער בורזשואַזער, פּערעצישער קלאַסיק, איז מעגלעך און היסטאָריש — לויט מײַן מיינונג — אָרגאַניש געווען, אַזאַ מעטאָד פון אָ פּ ל ײ ק ע נ ע ן. דיראָזיקע בריק איז לאַנג דורכגעשפּרײַזט. יעדער בריק פאַרבינדט ניט נאָר מיטן פ אָ ר ו י ס נאָר אויך מיטן צ ו ר י ק. אין דעם ליגט דער ווידערשפּרוך פון אַזאַ מעטאָד און דאָס מאַכט אים לאַכלוסן ניט־אָנווענדבאַר אַפן איצטיקן עטאַפּ פון אונדזער ליטעראַטור.

„ברילִיאַנטן“ — דאָס פּאָזיטיוווסטע אין דער קאָמעדיע האַלט איך דאָס, וואָס אין איר איז צום ערשטן מאָל אין אונדזער ליטעראַטור אַרויסגעשטעלט געוואָרן אין אַזאַ נעגאַטיוו ליכט א בונדיסט. ווען די פּיעסע איז געשריבן געוואָרן האָט



נאָך אין אונדזער ליטעראַטור ווײַט ניט געהערשט די לענינישע אָפּשאַצונג פונעם „בונד“. דערמיט דערקלערט זיך אויך א שוואַכע זײַט פון דער פּיעסע, — דער הויפּט־פּערסאָנאַזש איז ניט גענוג פאַרבינדן און פאַרקניפּט מיטן ב ו נ ד י ז ם אין דער ה אַ נ ד ל ו נ ג פון דער קאָמעדיע.

די שוואַכסטע זײַט פון דער זאַך האַלט איך דאָס, וואָס די פּאָזיטיווע פּערסאָנאַזשן זײַנען שוואַכער פון די נעגאַטיווע. דעריקער איז דאָס גילטיק פאַר פרײַדקען.

„נאַפּטאָלי באָסווין“ האָט אייניקע וועזנטלעכע כעסרוינעס. דעריקער דאָס, וואָס דער סאָציאַל־פאַשיזם, איבערהויפּט דער „בונד“ איז נאָר באַרירט געוואָרן אין דער דראַמע עפּיזאָדיש. זײַנע קויכעס זײַנען ניט אויפגעדעקט געוואָרן דורך אײַנפלעכטן אים אינגאַנצן גאַנג פון דער האַנדלונג.

טײַערס ווענן גענויקייט און פּינקטלעכקייט אין די דעטאַלן פונעם היסטאָרישן פּאַקט נעם איך ניט אָן. די באָסווין־דראַמע (אין דער ווירקלעכקייט) איז ברייטער ווי דער באָסווין־פּאַקט. איך רעכן, אַז איך האָב געמעגט און געדאַרפט געבן אַלץ, וואָס ס׳איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער באָסווין־דראַמע, כאָטש ס׳איז אינעם כראָניקאַלישן באָסווין־פּאַקט ניט פאָרגעקומען.

נאָך ווייניקער נעם איך אָן די טײַנע פון געוויסע ליטעראַרישע פּוריטאַנער, אַז אין „באָסווין“ איז פאַראַן אַן עלעמענט פון „וואָלונטיוריזם“. דער פּראָלעטאַריש־רעוואָלוציאָנערער אונטערערד איז אַזוי רײַך מיט דעמראָזיקן מין „וואָלונטיוריזם“ (וואָס פּאַקטיש איז עס נאָר אַן אויסדרוק פון העראָישער שעפערישקייט אינעם אומדערמידלעכן קלאַסנקאַמף), אַז ער דער קלוימערשטער „וואָלונטיוריזם“, איז א ר ע אַ ל י ס ט י ש ע ר פּלעק, וואָס אָן דעם קאָן קיין זאַך פונעם אונטערערד ניט אָנגעשריבן ווערן. א רעאַליסטישער פּ ל ע ק, ווײַל דעראָזיקער עלעמענט שטעלט מיט זיך פאָר ניט דעם רוקנביין און ניט דעם צענטער פון דער דראַמע. דער צענטער איז דער קאַמף, די אידייע און די פּערסאָנאַזשן, וואָס טראָגן די אידייע.

איך געפין פאַר נייטיק צו מאַכן דיראָזיקע באַמערקונגען, ווײַל, צום באַדויערן, האָט דער ברייטער אוילעם א באַגריף וועגן „באָסווין“ נאָר פון דער סצענע, און ווײַט ניט שטענדיק קאָן דער דראַמאַטורג אונטערשטעלן די פּלייצע און נעמען אַף זיך די אַכרײַעס פאַר אַלץ, וואָס ס׳קומט פאָר אַף די טעאַטער־„ברעטער“.

„דער סטעפּ ברענט“ איז אָנגעשריבן געוואָרן דעמאָלט, ווען דער גרעסטער טייל שאַפונגען אַף דער טעמע פון ייִדישער ערדאײַנאָרדענונג איז געווען א מין כוויוועווע ערד־ליטעראַטור. דער קלאַסנקאַמף אין ייִדישן דאָרף און דער באַלעגוף איז פון דער ליטעראַטור קימאַט ניט געזען געוואָרן — איך בין צוגעגאַנגען צו דער טעמע גראָד שטעלנדיק דעם קלאַסנקאַמף און דעם באַלעגוף־שעדיקער אין צענטער. דאָס האַלט איך פאַר דער פּאָזיטיווער זײַט פון דער פּיעסע (די פּראָבלעם פון דורכויטיקער קאָלעקטיוויזאַציע און דאָס ליקווידירן דאָס באַלעגופֿנטום ווי א קלאַס איז נאָך דעמאָלט ניט אַרויסגערוקט געוואָרן). די שוואַכע זײַט פון דער

פיעסע איז אַן עלעמענט פון סכעמאַטיזם, וואָס קומט צום אויסדרוק—ווי געווײנ־לעך — אין די פּאַזיטיווע פּערסאָנאַזשן.

אַראָנק דער אָפּגעשטאַנענקייט פון אונדזער קריטיק און אַראָנק דעם אַנטוויק־לונג־גאַנג פון אונדזער טעאַטער האָט א לאַנגע צײַט געהערשט בײַ אונדז אַן „אײגענער" קוק אױף דראַמאַטורגיע, ווי אױף עפּעס אַ באַזונדערן מין שרײַבן, וואָס שטײט אינדערזײַט פון דער גאַנצער ליטעראַטור. דראַמאַטורגישע ווערק זײַנען איבערגעלאָזט געוואָרן אױפן כעסעד פונעם טעאַטער־רעצענזענט. אזאַ צושטאַנד ברענגט דערצו, אז דער דראַמאַטורג האָט אין סאַך זעלטן אַן ערנסטע קריטישע אָפּשאַצונג פון זײַן ווערק. עס בלײַבט איבער צו נעמען אין כעזשבן דעריקער דעם גרויסן קאָלעקטיוון קריטיקער — דעם באַוווסטזיניקן, רעוואָליוציאָנערן ארבעטער־צושויער, פאַר וועמען די זאַכן זײַנען געשריבן געוואָרן. א י ם. דער אומיטלבאַרן קאָלעקטיוון פּראָלעטאַרישן קריטיקער אין ראַטנפאַרבאַנד און אין די קאַפּיטאַ־ליסטישע לענדער, דריק איך אויס מײַן דאַנק פאַר וואַרעמקײַט. די וואַרעמקייט, וואָס האָט מיר באַוויזן, אז אין גרעסטן טײל האָב איך מיט מײַן ארבעט דערגרייכט דעם ציל, וואָס כ׳האָב זיך געשטעלט, און רעאַליזירט די קאַוואָנע, וואָס כ׳האָב געהאַט שרײַבנדיק די זאַכן.

און די קאַוואָנע מײַנע און דער ציל מײַנער זײַנען געווען:

לויט די קויכעס מיט מײַן וואָרט זיך אײַנשליסן אין פּראָלע־טאַרישן קאַמף, מיט מײַנע באַשיידענע מיטלען מיטהעלפן דעם סאָציאַליסטישן בוי פונעם ארבע־טער־קלאַס אונטערן אָנפיר פון דער לענינשער פּאַרטײ.

כאַרקאָוו, אינעם 15־טן יאָרטאָג פון דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע.

# האנענקריי

## מיסטעריע אין 2 אקטן

ארויסגעגעבן צום ערשטן מאָל אין
בוכפאָרם אין פארלאג „קולטור־
ליגע“, מאָסקווע, 1923

## עס שפּילן:

לײב.
כאַסקל.
ראָכל.
לעה.
ראָװ.
אַלטער.
הינערפּלעט.
בלאָװײַס.
קאַרפּקאָפּ.
זלאַטע.
בײסאַקװאָרעס־שוימער.
הינקעדיקער.
אײנױגיקער.
ערשטער אָרעמאַן.
צװײטער אָרעמאַן.
ערשטער קרעמער.
צװײטער קרעמער.
מאָשיִען.
אָרעמעלײַט, אָפּיצערן, סאָלדאַטן, פֿאָלק.

ווען דער פאָרהאַנג הייבט זיך אוף, באַווײַזט זיך אַ קלויז, אַן אַלטער מילבן־צעפרעסענער אָרנקוידעש מיט אַ פּאָרויכעס פון געלן סאַמעט. אינעם אָמעד ברענט טרויעריק אַ וואַקסן נעשאָמע־ליכט און באַלײַכט אַ פליגן־צעפּינטלטן „מיזרעך״, אף וועלכן עס זײַנען אויסגעמאָלט צווי כאַיעס מיט הינטישע קעפּ און לייבישע עקן.

רעכטס און לינקס — שטענדערס אף הינקעדיקע פיסלעך. עס הענגען לייכטערס, מענוירעס און איינצלנע ליכט־רערן.

רעכטס — אַ טיר. אין דער מיטלוואַנט אַן אָפן פענצטער אין שולהויף אַריין.

אף דער בינע, אין רעכטן וואַנט־ווינקל, שטייט אַ גרופּע קרעמער בײַ אַ טישל. זיי אַמפּערן זיך איבער אַ פאַרבונדן פּעקל שמאַטעס. נידעריקער צו דער פּובליק, בײַ אַ צווייטן טישל, אף אַ באַנק זיצן עטלעכע אָרעמעלײַט, צווישן זיי דער הינקעדיקער און דער איינויגיקער. אף יענער זײַט פון אָפענעם פענצטער, אפן שולהויף, שטייען כאַסקל מיט ראָכלען.

הינקעדיקער:

(ווײַזט אף דער גרופּע קרעמער)

... זיי קריגן זיך איבער שמאַטעס,
אַלטע פּלודערן,
לעכער און לאַטעס...
זיי גלויבן,
דער פּאָרעש האָט געלאָזט
אַ פאַרמעגן,—
כאַ־כאַ־כאַ!
כ'וואָלט, כ'לעבן,
קײַן געבראָטענע קאַרטאָפל
ניט געגעבן
פאַר זײַן פאַרמעגן...

אינוויניקער:

אי־אי־אי, געבראָטענע קאַרטאָפּל...
ווער קאָן זיך פאַרגינען!
קאַרטאָפּל זײַנען טײַער,
און ווו נעמט מען פײַער?
שוין לאַנג ניט קײַן וואַרעמעס געגעסן,—
הײַנטיקע באַלעבאַטים!
עס זאָלן די ווערים זיי פרעסן!

(ווײַזט אף כאַסקלען אין פענצטער)

אָט שטייט ער דאָרט, דער אָנגעשטאָפּטער כאַזער!
א הינטישע פעל,
א שטיינערנע האַנט...
אף יענער זײַט גרענעץ,
אין רויטינקן לאַנד,
שינדט מען אזעלכן די הויט.—
די פעל, זאָגט מען, פאַרבט מען אָפּ רויט
און געמאַכט ווערט א פאָן...

הינקעדיקער:

הייבט זיך ניט אָן!
זיי נוצן ניט קיין טאָמע פעל.
אזעלכן שיקט מען אין דער העל
און א סאָף!

איינויגיקער:

אויסגעצייכנט!
דאָ איז ער א גאַנצער, יעש,
גלאַנצט ווי אָפּגעשײַערטער מעש...
און זע, א ווײַבל —גינגאָלד שיין!
וואָס א כאַזער איז באַשערט!

הינקעדיקער:

זי האָט אים אין דר׳ערד!—
דאָס האט דער פאָטער זי געניט...



זי האט ליב אן אנדערן,
איז ער טויט.
געוועזן איינער פון יענע,—
רויט...
מע זאָגט, אן עכטער באָלשעוויק.
האָט מען אפן האַלדז
פאַרצויגן א שטריק—
נאָר זי האָט ניט פאַרגעסן אים...

איינויגיקער:

אזוי, אָוואַ, אַן עכטער באָלשעוויק?
דו האָסט אים געקענט?

הינקעדיקער:

געוויס.
א מענטש ווי איך, ווי דו,
מיט הענט
און פיס.

(שטעלן זיך אוף און גייען צו צו דער גרופע קרעמער. כאַסקל און ראָכל קומען צו נעענטער צום פענצטער. אָן ווילכן כאַסקל לענט זיך אָן)

כאַסקל:

וועט דער פאָרעש גיבן מיר זײַן בראָכע
אף האצלאָכע,
אף גליק,—
וועט שוין געמוילעכט ווערן הײַנט באנאכט!
די גרענעץ איז אזוי באַוואַכט,—
א באָלשעוויק
אף יעדן שפּאַן!—
נאָר ס׳איז פאַראַן
א וועג א סאָד,
געדרייט דורך וואַלד און זומפּ,
און ס׳איז פאַראַן
א גרויסער גאָט!

דו שוויַיגסט,—
אזוי ווי גאָרנישט גייט דיר אָן,
אז אַשירעס שטייט אין קאָן!
דיַין אשירעס, ראָכל...

ראָכל:

מיַין אשירעס?
ווי קומט צו מיר אַשירעס?

כאַסקל:

איז מיַין אַשירעס דען ניט דיַין?
דו שוויַיגסט,
דיַין בליק איז קאלט אזוי און פרעמד.
איך נעם דיך ווי דו גייסט און שטייסט,—
אָן העמד,
ארויס פון נויט,
פונ פיַין, פון לייד,
איך לייג דיר פערל צו די פיס,
און גאָלד און זיַיד...
דיַין טאַטן אף די פיס געשטעלט,
און דו?
זאָל עמעס זיַין,
וואָס ס׳זאָגן לײַט? —
דו גייסט אף קייווער יעדן טאָג
פון דעם, וואָס מ׳האָט געהאנגען...
איז עמעס, ראָכל? זאָג...
וואָס טרייסלען דיר די פינגער?..
געוויס... ס׳איז ליגן...
אז דאַרן זאָלן בייזע צינגער!
געוויס... ס׳איז ליגן... איך בין זיכער,
אז דיר אליין איז שווער
צו טראַכטן גאָר, אז ד׳האָסט אמאָל
געליבט אזא ווי ער—
א שנאָרעדיקן באַרשטנמאַכער—



אף מיַיסים זיך פאַרמאָסטן,
א גרויל!
פארמאָסטן וועלטן איבערקערן!

ראָכל:

איך וויל ניט פון דיַין מויל
זיַין נאָמען קיינמאָל הערן.
ער איז שוין טויט און ער פאַרמעסט זיך
אף גאָרניט מער,
אף גאָרניט מער...

כאָסקל:

גענוג געריעדט דערוועגן...
און ווען דער פאָרעש מיך היַינט בענטשן,—
באקומען מיר א גרויס פאַרמעגן!
איך וועל דיר זיבן דינסטן דינגען,
פאַלאַצן בויען דיר...
און וועט דער פאָרעש מיך היַינט בענטשן...

(שטעקט אריַין דעם קאָפּ אין פענצטער)

פארוואָס זשע זע איך ניט דעם פאָרעש...
אזוי פיל מענטשן...
העי, כאַיִם!
וואָס טומלט מען אזוי אין קלויז?
און ווייסטו ניט ווו ס׳איז דער פאָרעש?

הינקעדיקער:

(גייט צו צום פענצטער)

ניטאָ מער דער פאָרעש,
געשטאָרבן דער פאָרעש...

כאָסקל:

(לויפט אריַין אין קלויז, גייט צו צו די קרעמערס)

געשטאָרבן!? ווען איז עס געשען?
די קוורע ווען געווען?

הינקעדיקער:

איר זײַט ניט קײַן היגער,
צי זײַט איר געשלאָפֿן?
איר ווייסט ניט וואָס ס'האט זיך
מיטן פּאָרעש געטראָפֿן?..
איר ווייסט ניט, דער פּאָרעש איז נעלעם געוואָרן.
דער דריטער מעסלעס שוין ר'איז נעלעם געוואָרן.
א לעק איז אין שטעטל געקומען צו פֿאָרן,
באוויזן זיך פּונקט ווי א שעד —
ער האט מיטן פּאָרעש נאָר איין מאָל גערעדט,
און דאן איז דער פּאָרעש פארשוווּנדן. —
פארשוווּנדן דער הייליקער פּאָרעש,
און קיינער געוווּסט האט ניט ווּ.
איצט זאָגט מען געשטאָרבן,
אוועק אין זײַן אייביקער רו...

כאַסקל:

(דערשלאָגן)

געשטאָרבן —
און ניט געגעבן מיר קײַן בראָכע...

(גייט צו צום פענצטער, רעדט ארויס צו ראָכלען)

ערשטער קרעמער:

(רײַסט ס'פּעקל צו זיך)

ס'איז אן אומדערהערטע כוצפּע,
אומדערהערט!
כ'האב אים גענערט,
כ'האב געבראכט אים ציבל, הערינג,
און אף שאבעס — צמוקים־ווײַן.
איצטער ווילן פרעמדע זײַנע יאָרשים זײַן!
מיר קיין זאַך ניט לאָזן פון זײַן הייליקייט.
כ'וועל נים דערלויבן



מיך בארויבן
פון יערושע הייליקע, וואָס מיר אליין געהערט, —
כ'האב אים גענערט!

צווייטער קרעמער:

(שטופּט אים אָפּ)

א פּאַסקודנע כוצפּע פון א געלן ליגנער!
ווער האט אים געבראכט
ארבעס יעדע נאַכט
אין דער שאָ פון כצאָס,
ווען געוויינט האט ער אף גאָלעס־שכינע?
ווער האט אים געשענקט די אלטע קינע,
דעם מישנײַעס?
כ'קאָן אײַך ברענגען טויזנט רײַעס,
אז זײַן יוירעש
בין איך אליין נאָר,
איך אליין און ווײַטער קיינער.
און אז ווי וועט זײַן צו יענעם,
וואָס וועט מיך בארויבן. —
ס'איז פאראן א גענעם!
און דער פּאָרעש אויבן
וועט נים שווײַגן,
וועט נים שווײַגן!

(רײַסט מיט קאַעס צו זיך דאָס פּעקל)

ערשטער קרעמער:

(האלט צו דאָס פּעקל, ווערט אָבער ווייכער)

וואָס טויג די מאַכלויקע?
כ'באשטיי אף יאַכלויקע...
מיר האבן אים ביידע געשפּײַזט.

שטימען פון אוילעם:

— שווינדלער!
— אלעמען האט ער געהערט!

— אים האָט קיינער ניט געענערט.
— אים געענערט האָט גאָט.
— יעדער האט א גלײַכן טייל אין זײַן ירושע.

אַלטער:

איר האָט ניט קײַן בושע!
א פאָרעש אַ קאָדעש
געלעבט האָט אין ק״ויז,
אף פלייצע געטראָגן די שטאָט —
ניטאָ אים שוין מער.
ס'איז טוירע און טפילע אַנטלאָפן פון קלויז
און פוסט בלײַבט און לער. —
איצט שטייט איר דאָ אַלע מיט טרוקענע בליקן,
ס'האט קיינער קײַן טרער...
איר זוכט אינעם פעקל באַהאַלטענע גליקן.
איר גלויבט, אז שטילע אויצרעס האָט דער פאָרעש
פארמאָגט?

ערשטער קרעמער:

ווער זאָגט?
עס גייט ניט אין פארמעגן,
ס'איז פאַר א סגולע וועגן
די זאַכן פון אַ קאָרעש...

צווייטער קרעמער:

און פונוואנען ווייסט איר דען אם קלאָר,
וואָס איז ליגן,
וואָס איז וואָר?

אלטער:

און פונוואַנען ווייסט איר גאָר אינגאַנצן,
אַז ער איז געשטאָרבן?
עפשער זיצט ער גאָר פאַרבאָרגן,
עפשער זיצט ער גאָר אין וועלדער שטילע,
ווי אמאָל אין יענע יאָרן



זיצן פלעגט פאַרטיפט אין טפילע
אַ הייליקער באַלשעם?

ערשטער קרעמער:

אַ שיינער פאַרנעם!

צווייטער קרעמער:

שוין דרײַ מעסלעס אַוועק.
ער האָט געזאָגט: זײַן חעג
האָט קײַן צוריק.

ערשטער קרעמער:

ער האָט געזאָגט: הינטער מיר
איז פאַרברענט די בריק.

צווייטער קרעמער:

ער האָט געזאָגט: איך גיי צום סאָף.

ערשטער קרעמער:

ער האָט געזאָגט:
כ'גיי זעגלען די שיפן.
כ'האָב די ווערטער ניט באַגריפן.
געמיינט, ער איז ניט באַם קלאָרן.
איצט איז ער ניטאָ —
ר'איז ניפטער געוואָרן.

שטימען פון אוילעם:

— ר'איז ניפטער געוואָרן,
— אונדזער פאָרעש, אונדזער פאָרעש,
— באָרעך דאַיען עמעס ...

אַלטער:

מע קאָן ניט וויסן ס'ארא רעמעז
ס'איז געווען אין זײַנע רייד...
פול מיט סוידעס זיינען ווערטער
פון אזעלכע לײַט.
עפשער גאָר א רעמעז אָפן קעץ...
דער לעץ,
ווו איז דער לעץ?

דער האָט מיט אים גערעדט,
דער ווייסט!

**ערשטער קרעמער:**

איר זײַט אן אלטער אויוורבאָטל!
דעם לעך גאָר פרעגן.
כ׳לעבן, ניט שלעכט.
באַוויזן אין שטעטל זיך עפּעס אַ העכט
מיט גלעקלעך און פּײַקלעך,
גאָט ווייסט פונוואַנען.
טאַקע פאראנגען
צו פרעגן באַ וועמען
אַף הייליקן פּאָרעש!
איר וואָלט זיך נאָר שעמען,
א ייִד אין די יאָרן, —
דער פּאָרעש איז ניפטער געוואָרן!

**שטימען פון אוילעם:**

— דער פּאָרעש איז ניפטער געוואָרן,
— אונדזער פּאָרעש, אונדזער פּאָרעש,
— באָרעך דאַיען עמעס...

(דער לעך קומט אריַין אומבאמערקט)

**לעך:**

וועמעס טויט באַזינגט איר,
וועמעס?

**שטימען פון אוילעם:**

— אונדזער פּאָרעש, אונדזער פּאָרעש,
— באָרעך דאַיען עמעס...

(באמערקן דעם לעך. טומלדיקע באוועגונג)

— דער לעך! דער לעך!
— אונדזער פּאָרעש, אונדזער פּאָרעש,
— ווו איז אונדזער פּאָרעש?



**לעך:**

דער פּאָרעש איז עפּשער אוועק אף א ווײַל,
אף צענדליקער, הונדערטער, טויזנטער מײַל,
און עפּשער גאָר איז ער מיט אייך דאָ פאַראַן,
א שפּאַן אינדערלענג, אינדערברייט נאָר א שפּאַן...

**שטימען פון אוילעם:**

— ער ווייסט! ער ווייסט!
— אונדזער פּאָרעש, אונדזער פּאָרעש,
— ווו איז אונדזער פּאָרעש?

**לעך:**

דער פּאָרעש איז זיכער אייך ברענגען געגאַנגען
רויטוויַין און, עפּשער, געפּײגערטע שלאַנגען,
טרויבן צו שלאנגען, ניט דאָס איז דער איקער —
גיכער פון אלעם ליגט ער איצט שיקער.

**שטימען פון אוילעם:**

— ער כויזעקט!
— ער לעסטערט!
— אינדזער פּאָרעש!
— אונדזער פּאָרעש!

**לעך:**

יעדער פּאָרעש האָט זײַן סאָד.
מעגלעך, ר׳איז אוועק צו גאָט,
און עפּשער האָט ער גאָר אַ קויסע
געמאַכט, א שארפע און א גרויסע,
און פארשלאָפן אפן בוזעם
פון זײַן געליבטער שיידעכע.

אין דער כורווע ערגעץ דאָרטן,
בא די גרינע זומפּנס באָרטן,
פון באַנאַכט און ביז באַגינען
שיקערט ער מיט יונגע שפּינען,

און פֿאַרזינקט דאָן אפֿן בוזעם
פֿון זײַן געליבטער שיידעכץ.

(דער אוילעם ווערט אויפגערעגט. וואַרפֿט זיך צום לעץ מיט די פֿויסטן)

**שטימען:**

— אומווירדיקער, אומריינער!
— פֿאַרוואַרפֿט אים מיט שטיינער!

**לעץ:**

(האַלט דעם אוילעם צוריק מיט א האַנט־באַוועגונג)

יעדער פֿאָרעש האָט זײַן סאָד,
מאַכט א וואַרע, מאַכט א ראָד,
א ראָד פֿון צוואַנציק איילן,
וועל איך שיינע מײַסעס
פֿון פּרושים אייך דערציילן.

(דרייט זיך אין ראָד, וואָס איז געוואָרן ארום אים, און גרימפּלט צו אף זײַן אינסטרומענט)

ס'האָט א פֿאָרעשל געלעבט,
אין א קלויז אליין געלעבט,
צום בלאָ־גאָרנישט נאָר געשטרעבט,
צו דער שכינע נאָר געשטרעבט.

צו דער שכינע הענט געשפּרייט,
צום בלאָ־גאָרנישט דאָרטן ווײַט,
אין דער פּוסטער ווײַט און ברייט,
צו דער שכינע הענט געשפּרייט.

האָט אמאָל אין בלאָער נאַכט
אונדזער פֿאָרעשל געוואַכט
און דערזען דער שכינעס פּראַכט
נאַקעט אין דער בלאָער נאַכט.

האָט געמאַפּלט כאַוועס שלאַנג
נ'פֿאָרעשס קעפּל א געדאַנק;



פֿאָרעש האָט געפּײַניקט לאַנג
שכינע אף דער האַרטער באַנק.

אין דער קלויז אף האַרטער באַנק,
לאַנג און קורץ און קורץ און לאַנג,
און צו שאָ פֿון מאָרגנרויט
שכינע איז געוועזן טויט.

דידל־דידל דידל־דאָם,
דידל־דידל דידל־דאָם,
דידל־הידל דידל־דאָם,
דידל־דידל דידל־דאָם.

(דער אוילעם, וואָס איז געווען מיטגעריסן מיטן לעץ, הייבט אָן ווידער ווערן אומגעדולדיק און צאָרנדיק)

**אלטער:**

ווייסט איר עפּעס פֿונעם פֿאָרעש,
זאָגט.
וואָס טויגן אונדז די שטיק?

**כאַסקל:**

ס'געניק
דאַרף מען ברעכן פֿאַר אזעלכע רייד!

**לעץ:**

איידער ס'האָט דער האָן געקרייט
וועט איר וויסן אלץ. —
ווילט ניט וויסן פֿאַר דער צײַט,
ס'וועט ווערן פֿון אייך זאַלץ.

**אלטער:**

מיר ווילן זיך ניט קריגן. נאָר באַטראַכט:
מיט אונדז האָט אַ קאָדעש א פֿאָרעש געלעבט
געווען אונדזער טרייסט, אונדזער האָפֿן,
און פּלוצלינג, א מיטוואָך באַנאַכט,
מיר זײַנען גאַנץ רויִק געשלאָפֿן...

לעק:

איז עפּשער דער פֿאָרעש אַנטלאָפֿן
אריבער דער פֿינצטערער גרענעץ.
אין בלענדלאַנד אין רויטן געלאָפֿן,
געלאָזט אייך אָן אָנדענק אַ געגעץ
אין אָרן באַ הייליקע ספֿאָרים
פֿון פֿאַרמעסטן געלע און אַלטע.
אַנטלאָפֿן אין בלענדלאַנד, ווו ס'פֿינקלט
רויטשײַן אף שנייען אף קאַלטע.

ס'איז דאָך ניטווײַט דאָ די גרענעץ.
דאָך מאַמעש דאָ הינטער דער וואַנט.
איר בלאָנקעט דאָך אלע אף גרענעץ
פֿון רויטן פֿאַרקישעפֿטן לאַנד.
דאָס לאַנד, וואָס האָט גאָט פֿון די הייכן
געצויגן אַראָפּ אינדערנידער,
געגעבן אין האַנט אים א האַמער,
געמאַכט אים אין קוזניע אַ שמידער.

און שמידערס געשיקט אין די הימלען
מיט אײַזערנע האמערס אין הענט,
צעקנאַקן די פּוסטע הייכאָלעס,
צעשטערן דעם בלאָ־פֿונדאַמענט.—
איז עפּשער דער פֿאָרעש אַנטלאָפֿן
אין רויטן פֿאַרקישעפֿטן לאַנד,
און קומען צוריק אייך צעשטערן
מיט האַמער מיט שווערן אין האַנט!

כאַסקל:

העי, לעק, דאָס מויל פֿאַרמאַך!
ס'אַראַ גרענעץ, ס'אַראַ האַמער!
אונדזער גרענעץ האָט א וואך.



עפּשער וויל זיך דיר א קאַמער
אונטער שלאָס און ריגל?

אלטער:

מע דאַרף זיך ניט קריגן.

כאַסקל:

ווי מיט ציגן
שפּילט ער זיך מיט אייך,
האַקט ניט געשטויגן, ניט געפֿלויגן;
פּירט צוזאַמען ווענט,
גרענעץ, האַמער;
כ'וועל אים ברעכן ריק און לענד!

(לאָזט זיך מיט די פֿויסטן קעגן לעק)

אלטער:

(פֿארשטעלט אים דעם וועג)

כאַסקל, מע דארף זיך ניט קריגן.

כאַסקל:

אַזעלכע לײַט שיקט מען וויגן
זיך אף טליִעס,
קעגן ווינט.

אַלטער:

(צום לעק)

ס'איז א זינד
זיך צו שפּילן
מיט אַן אידע ייִדן
און ריידן ווערטער נאָך פֿאַרשײַטע.
איר האָט דערציילט אונדז וועגן פֿאָרעש.
ניט איינס איז עמעס און ניט ס'צווייטע.
איר האָט זיך נאָר מיט אונדז פֿאַרווײַלט.
דערציילט דאָס דריטע, נאָר אָן קונצן.
דעם עמעס, אויב איר ווייסט, דערציילט.

ל ע ק:

איך וועל דעם עמעס אייך אנטפּלעקן —
טריִע, טקיִע, שוואָרים!
דער פּאָרעש איז געגאנגען וועקן
מייסים פון די קוואָרים.
קומט א טענצל, פיס און קוליעס,
אינדערבּרייט און קווער —
פּאָרעש וועט הײַנט דעם מאָשיִעך
בּרענגען אייך אהער.

איר וועט נאָך הײַנט דעם שויפער הערן
בּלאָזן פונעם הימל.
ווער ס'האָט א בּעזעם, דער זאָל קערן
אויס פון האַרץ דעם שימל.
צינדט א פײַער אין די קלייטן,
וואַרפט דעם רויב אין בּראַנד.
גליט די אײַזנס, קאַשערט לײַבער —
שלאָגט זיך קאָפּ אין וואַנט!

די אײַזנס גליט און קאַשערט לײַבער,
רויט צעגליט די צוואַנגען,
און דער, וואָס שלאָפט מיט פרעמדע ווײַבער,
וואַרפט זיך פאַר די שלאַנגען.
וועמען גרינג איז אפן הארצן,
קומט צום טאַנץ אהער —
פּאָרעש וועט מאָשיִעך בּרענגען,
ווי אף קייט א בּער.

ס'וועט בּלאָזן באַלד פון אלע עקן
טקיִע, טריִע, שוואָרים —
דער פּאָרעש איז געגאנגען וועקן
מייסים פון די קוואָרים.



קומט א טענצל, פיס און קוליעס,
שפּרינג און שפּראַנג און האָפּ —
דריי זיך, דריי זיך פרייד-מעשוגע,
שטעל זיך אפן קאָפּ!

(א ווײַלע איז שטיל. באַלד ברעכט דער אוילעם אויס אין א ווילדער אופרעגונג, וואס דריקט זיך אויס אינאָנהייב אין א בּרום, ווי פון א סטאָדע צערייצטע שטומע באַשעפעניש, און גייט דאַן איבער אין א מישמאַש פון אויסגעשרייען)

ש ט י מ ע ן:

— שפּעטער!
— מעכאַשעף!
— מע דארף אים ווײַזן שפּעטן!
— אין כיירעם לייגן!
— דעם קאָפּ צעפּלעטן!
— מיט די פיס צעטרעטן!

(מיט געבּײַלטע פויסטן און שוים אף די ליפּן לאָזן זיי זיך צום לעק, ווי אן אָנלויף פון כוואַליעס. דער לעק הייבּט אוף די האַנט אינדערהייך, גיט א גרימפּל אף זײַן אינסטרומענט. פּלוצלינג שאלט אָפּ פון ערגעץ ווייט דאָס בּלאָזן פון א שויפער)

ל ע ק:

(לייענט נאָך די טקיעס)

טקיִע... טריִע... שוואָרים...

א יינ ע ר פ ו ן א ו י ל ע ם:

(גיט א געשריי)

שויפער שעל מאָשיעך!

(די טקיעס כאַזערן זיך איבּער)

ל ע ק:

(לייענט נאָך)

טקיִע... טריִע.. שוואָרים...
עס האָבּן זיך דערוועקט
מייסים פון די קוואָרים.

(דער אוילעם בלײַבט שטיין ווי פּאַראַליזירט. אייניקע װערן פּלוצלינג ווי פאַר־
כאַפּט פון מעשוגאַעס און הייבן אָן צו טאַנצן, פּאַטשנדיק אין די הענט)

מאָשיַעך איז געקומען,
מאָשיַעך איז געקומען.
מיר האָבן עס דערלעבט,
מיר האָבן עס דערלעבט!

מאָשיַעך איז געקומען,
דערלייזן אונדז געקומען,
מיר האָבן זיך דערוואַרט,
מיר האָבן זיך דערוואַרט!

**אײַנגעניקער:**

(פאַלט פּלוצלינג צו צום לעץ)

און איר, פאַרצײַט!

**הינקעדיקער:**

(קושט אים די קליידער)

ניט געוווסט ווער איר זײַט.

**אלטער:**

עליאָהו!
דאָס איז דאָך עליאָהו,
עליאָהו האַנאָווי,
האַטישבי,
האַגילאָדי...

(פאַלט דעם לעץ צו די פיס. אַנדערע טוען עס אויך. אַנדערע, צווישן זיי כאַסקל
בלײַבן אין זייער אומבאַוועגלעכער פּאָזע)

**כאַסקל:**

פערד!
הייבט זיך פון דר'ערד!
ס'נאָך קיין קונצנמאַכער ניט געזען!—



פארבלענדעניש.
געזען אזעלכע שוין, וואָס שלינגען
בלאַנקע קלינגען,
שאַרפע שפּיזן,
עסן אויף סערוויזן,
געגליטע קויל,
ציען פײַער פונעם מויל.
בלענדשטיק, האָקוס־פּאָקוס...

(די פון דר'ערד שטייען אויף, טייל מיט צווייפלדיקע, אנטוישטע פּנימער)

**אלטער:**

מע דאַרף אזוי ניט ריידן,
כאַסקל,
מע קאָן ניט וויסן...
מיר זײַנען גרייט דאָך יעדן טאָג באַגריסן
דעם מאָשיַעך...
מיר גלויבן דאָך, אז יעדע רעגע קאָן ער קומען.
מיר האָבן ערשט פארנומען
דעם קאָל פון שויפער.
עפּשער...
עפּשער איז דער פּאָרעש טאַקע
מיען זיך געגאַנגען,
ווי אמאָל בענזאַקע
דורך האַשבאָעס, צירופים,
טאַניִיסים, סיגופים
שאַרע־מאָשיַעך דערלאַנגען...
עפּשער איז די צײַט געקומען,
אונדזער טויב זאָל מער ניט ברומען?

**שטימען:**

— אונדזער טויב זאָל מער ניט ברומען...

**כאַסקל:**

וואָסער צײַט... ס'אַרא ברומען...

2. א. וועוויאָרקע. 1433.

װאָסער טויב?
אן אלטע באָבע אין א הויב
דערציילט!..
שטייט א לעק און טרײַבט זײַן שפּאס,
וויכטע מײַסעס פּוסט און פּאַס;
דער פּאָרעש האָט געטרונקען
און אין א שויס פאַרזונקען.
דער פּאָרעש איז אַנטלאָפן,
אין רויטן לאנד געלאָפן...
דער פּאָרעש איז געגאנגען.
מאָשיִעכן דערלאַנגען.—
וואָס איז ליגן, וואָס איז עמעס?

לעך:

אלץ, וואָס כ׳האב געזאָגט, איז עמעס.

אלטער:

מעגלעך, אז א רעמעז,
פאַרהוילענע געדאנקען
אין די רייד באהאלט ער.
אזוי גערעדט אמאָל, אמאָל
אין צײַט אין אלטער
האָבן גרויסע ייִדן...

כאַסקל:

(אומגעדולדיק)

לאָזט צופרידן!
ער איז א לעק און טרײַבט אַ פרעכן שפּאס,
א לעק און עפּשער ערגער.
מע דארף א קוק טאָן אין זײַן פּאס,
פון וועלכע טאָלן, וועלכע בערגער
קומט אזא פאַרשוין.—
עפּעס האָט ער דאָך דערציילט
פון רויטע לענדער!



בינדט אים צו א שטענדער —
זאָל ער ריידן!

(צעפלאַמטע לויפן אריין פון דרויסן עטלעכע אָרעמעלײַט. נאָך זיי — עטלעכע ווײַבער און ראָכל)

ערשטער אָרעמאַן:

געזעען פונהינטן דעם הייליקן פּאָרעש
באַם אלטן בייסוילעם.
ער שטייט
צום הימל די הענט
געשפּרייט.
עס זײַנען די גראָזן ארום אים פאַרברענט,
און הונדערטער פייגל פאַרדעקן די ערד,
— פון לופטן געפאלן פאַרברענט.

שטימען:

— פון לופטן געפאלן פאַרברענט.

(ס׳קומט אריין צו לויפן דער צווייטער אָרעמאַן)

צווייטער אָרעמאַן:

דעם הייליקן פּאָרעש געזעען
ניסוויים פון דער הילצערנער בריק,
א פינגער געהויבן אין הויך,
די וואסערן שטראָמען צוריק,
פאַרוויקלט אין גאָלדענעם רויך.

(ס׳קומט אריין צו לויפן דער בייסאָקוואָרעס-שוימער. ער ברענגט מיט זיך פעק און פעקלעך און וואַרפט זיי אינמיטן דער בינע)

שוימער:

עס טרייסלען די מאַצייוועס
אף בייסוילעם.
פון די קוואָרים גייט א ברומען!

הינקעדיקער:

(וואַרפט זיך אַף דר׳ערד)

מאָשיַעך איז געקומען!

אלע:

(אויסער כאַסקלען, זינגען פאַטשנדיק זיך אין די הענט)

מאָשיַעך איז געקומען,
מאָשיַעך איז געקומען,
מיר האָבן עס דערלעבט,
מיר האָבן עס דערלעבט!

כאַסקל:

(וואַרפט זיך צום שוימער)

ווער האָט אײַך דערלויבט
לאָזן ס׳גוטע אָרט אליין?
בין איך גאַבע אָדער ניין?

שוימער:

רעב כאַסקל... די טויטע...

כאַסקל:

שווײַג, דו אלטער שויטע!
לאָמיר גיין פונדאַנען,
ראָכל,
זיי זײַנען דאָ מעשוגע־קראַנק.

ראָכל:

איך וועל ניט גיין פונדאנען,
כ׳בלײַב!
ס׳וואַכן אוף די מייסים,
און לייב
וועט קומען קילן מײַן פאַרלאַנג...
שטילן מײַן באגער.
איך הער



די שטילע טריט פון טויטע
קומען נעענטער,
נעענטער,
ווי דאָס וויגן זיך פון זאַנגען.

(צום לעך)

וועט אויך אופשטיין פונעם קייווער
דער, וואָס איז געהאַנגען?

לעך:

אופשטיין וועלן אלע מייסים,
ארויף־אראָפ, אהין־צוריק —
ווער אין געל־צעפוילטן קיטל,
ווער אף האַלדז א שטריק.

כאַסקל:

הער־אוף מיט דײַנע טרייפע שטיק,
אויב דײַן לעבן איז דיר טײַער!
האָסט געצונדן פײַער,
געמאַכט מעשוגע
אונדזער שטאָט —
אויב דו האָסט קײַן מוירע ניט פאַר גאָט,
וועט פאָליציי דיך לערנען,
וואָס מע טאָר ניט, וואָס מע טאָר...
גיי אין אלדי שוואַרצע יאָר!
פארלאָז די שטאָט,
גיי פונוואַנען ביסט געקומען!
און איר
מאכט ניט פון זיך שאנד און שפּאָט,
גייט צו אײַערע קראָמען...

אלטער:

זײַט איר טויב,
צי זײַט איר בלינד?
יעדעס וואָרט פון אײַך איז זינד.

טויבע הערן, בלינדע זעען
גרויסער וואונדער,
מאָשיַעכס צייכן —
זײַט איר בלינד, צי זײַט איר טויב?
**הינקעדיקער:**
ער האט מוירע פאר זײַן רויב,
פאר די טויטע האט ער מוירע;
וואָלף וועט מאָנען צוריק זײַן סכוירע,
בער זײַן הויז, שמול זײַן וואלד,
לייב זײַן ווײַב, זייוו זײַן גרונט.
**כאַסקל:**
שווײַג, דו קרומער הונט!
איר זײַט פוסטע לײדיקגייערס,
וואַרט אף ניסים ניט געשטויגן,
ניט געפלויגן...
ראָכל,
כ'בעט דיך ס'לעצטע מאָל,
קום פון דאָ!
**ראָכל:**
עס קומט די שאָ
פון גרויסן גליק —
מײַן באַשערטער קומט צוריק,
כ'וועל ניט רירן זיך פונדאַנען,
ביזוואַנען
מײַן באשערטער,
מײַן געליבטער
וועט אהער ניט קומען.
**כאַסקל:**
כ'וועל אײַך אלעמען באַווײַזן!
ארויס
פון קלויז.
דערווײַל בין איך דאָ גאַבע!



**אלטער**
דו פארלירסט דײַן אוילעמאַבע,
כאַסקל.
עס ליגט דערין א מוסערהאַסקל.
דײַנע אויגן זעען ניט,
דײַנע אויערן הערן ניט
דעם נעס דעם גרויסן.
קוק אין דרויסן,
כאַסקל!

(ער ווײַזט אים אין פענצטער. דורכוואַנען עס זעען זיך מענטשן לויפן ווי אין א בעהאָלע פאַרכאַפּט)

**כאסקל:**
א שיגאָען,
א מעשוגענער ווינט.
**הינקעדיקער:**
ס'איז א זינד
צו ריידן פוסטע רייד
מיט אזעלכן אָט ווי ער. —
איך פיל, מײַן פוס ווערט אויסגעהיילט.

(וואַרפט אוועק די קוליע. שטעלט זיך גלײַך. פּרובירט דעם פוס. גייט א טענצל)

מײַן פוס, מײַן פוס,
מײַן טײַערער פוס!
**איינויגיקער:**

(נעמט אראָפּ די ברילן. גייט צו צו א טיש, נעמט א סייפער, עפנט אוף און פּרו-בירט די אויגן. לייענט אפן קאָל)

רעב יעהודע חאָיאָ נויסן באָעם סימאָנים:
דעצאַך אראש בעאכאוו

(וואַרפט די ברילן אף דר'ערד, זיי ווערן צעשמעטערט מיט בריאָזג)

מײַן אויג, מײַן אויג!

ליכטיק ווערט מײַן אויג דאָס רעכטע,
וואָס איז פאַריאָרן בלינד געוואָרן.
א יִד:

(קומט אַרײַן צו לויפן)

א גאָלדענער האָרן
הענגט איבער בייסוילעם,
און ס'וויגט זיך א פלאמיקע שווערד...
הינקעדיקער:
איר הערט, איר הערט —
א פלאמיקע שווערד!

(דער אוילעם ווערט ווילד. אלע כאַפּן זיך אין ראָד. אַחוץ כאַסקלען, וועלכער בלײַבט שטיין אינדערויִיִט. אינעם ראָד שטייט דער לעק, זינגט און גרימפּלט צו)

לעק:
א גאָלדענער האָרן, א פלאַמיקע שווערד,
האָפּ-האָפּ, א גאָלדענער האָרן!
ווער אף אן אייזל און ווער אף א פערד —
האָפּ-האָפּ, אַ דרוק מיט די שפּאָרן!
א דרוק מיט די שפּאָרן, גאַלאָפּ דורך דער צײַט,
א שפּרונג דורך דער אייביקײַטס שטאָלענער קייט!
האָפּ-האָפּ, האָפּ-האָפּ, האָפּ-האָפּ.

(דער אוילעם כאַפּט אַרײַן כאַסקלען אין ראָד און טאַנצט אַרום אים. אינאָנהייב שטייט ער א רעגע צעטומלט. באַלד אָבער, רײַסט ער דורך דאָס ראָד)

כאַסקל:
מעשוגאָיִם!
וואָס טאַנצט איר ווי פּראָיִם?
גלויבט איר בעמעס, מייסים קאָנען לעבן?

(אין דערזעלבער רעגע באַווײַזט זיך אפן שוועל לייב, אָנגעטאָן אין טאַכריכים מיט א פּעטליע אפן האַלדז. דער אוילעם בלײַבט שטיין פאַרשטאַרט. כאַסקל ווערט ווי פאַרגליווערט פון שרעק און שטאַרצט אויס אף אים א פּאָר אויגן)



ראָכל:

(וואַרפט זיך צו צו לייבן)

לייב!
שטימען:
— טכיִעס-המייסים!
הינקעדיקער:
זײַנען אופגעשטאַנען שוין די מייסים?
לייב:
איך בין דער ערשטער...
דער ייִנגסטער אף בייסוילעם —
אופגעוואַכט מיט ערשטן רוף.
דער איינציקער מיט גאַנצן גוף.
יענע זײַנען קראַנקע, אַלטע.
טייל אָן גלידער,
אָן הענט און פיס, אָן קאָפּ און לײַב...
און כ'האָב געצײַלט צו דיר, מײַן ווײַב,
ראָכל!
כאַסקל:

(קומט ביסלעכווײַז צו זיך, מאַכט אַ שריט צו לייבן)

ס'אַרא קישעף קומט דאָ פאָר?
וואָס טוסטו דאָ?
מע האָט דאָך דיך געהאַנגען!
עפּשער אף דער טליִע
ס'שטריקל ניט פאַרצויגן?
ס'בענקל ניט גערוקט אַפיר
פון צופיסן?
טראָג דיך אָפּ וואָס שנעלער!
אויב ס'איז ווייניק הענגען,
וועט מען שיסן!
טראָג דיך אָפּ וואָס גיכער!
און פרעמדע ווײַבער ריר ניט!

אלטער:

ביסט אראָפּ פון זינען?

לייב:

ס'איז באַגינען...
לאַנג געווען איז די נאַכט,
און טעמפּ און טויב.
מ'האט געוועקט,
כ'האב דערוואַכט
מיט ערשטן מאָרגנגראָ.

(צו כאַסקלען)

און דיך דערקאָן איך.
מענטש מיט האק אין האַנט,
וואָס לעבט פון רויב!
האָסט אף טליִע מיך געשיקט —
ס'האט אזוי אין האלדז געשטיקט,
ווען די פּעטליע האט געצויגן,
דאן געפאַלן און געזונקען טיף אין שווארצן טאָל.
איצט שטיי איך דאָ,
דער אלטער בערשטער פון אמאָל,
און וועל דייַן כעשבן מאַכן...

כאַסקל:

(לויפט ארום א צעמישטער)

וואָס גייט דאָ פאָר?
וואָס קומט דאָ פאָר?
איז עס א כאָלעם א וויסטער?
א שלעכטער שלאָף?
דער ראָוו!
ווו איז דער אלטער ראָוו?
דאָ גייט אלץ קאַפּויר,
מיט קאָפּ אראָפּ,



און דער ראָוו,
דער קאָפּ פון שטאָט,
ניטאָ...

(מיט איינגעהאלטענער מוירע, צו לייבן)

מע האט דאָך דיך געהאנגען,
ס'ארא קונץ האָסטו געמאַכט?

לייב:

איך האב געהערט א רוף:
דערוואַכט!
און ס'האט זיך איבער מיר
די נאַכט
אין צוויי צעריסן.

הינקעדיקער:

מיר דאַרפן מער שוין גאָרניט וויסן.
מיר וייסן אלץ.
אָט שטייט פאר אונדז דער, וואָס געהאנגען,
מיט שטריק אף האַלדז.
ס'איז א כאָלעם אף דער וואָר,
מאָשיִעך איז געקומען.
געבענטשט דער טאָג, געבענטשט דאָס יאָר,
מאָשיִעך איז געקומען.

אוילעם:

געבענטשט דער טאָג, געבענטשט דאָס יאָר,
מאָשיִעך איז געקומען.

איינויגיקער:

(לויפט צו צום פענצטער)

זעט,
מאַכנעס מענטשן
אייַלן, יאָגן,
ווי געטראָגן

פון א שטורעם.
מענער, ווײַבער. . .
קלויסטער־טורעם
שטייט פארקרומט.
א מאַכנע קומט
טאנצנדיק אהער,
דער ראָוו אין שפיץ
טאַנצנדיק אהער.

(לויפט ארויס. דער לעץ און נאָך אייניקע לויפן מיט. פון דרויסן הערט זיך זינגען

כאַסקל:
זאָג דעם עמעס, לייב,
ווי איז עס געשען?
איז טאַקע עפעס פאָרגעקומען אַפן גוטן אָרט?
ראָכל:
היט דיך, ליבסטער, מיט א וואָרט!
ער מיינט דיר שלעכטס צו טאָן.
כאַסקל:
איצט זע איך דיך אין דײַן געשטאַלט,
ראָכל!
וועסט בערײַען,
נאָר צו שפעט. כ'וועל ניט פארצײַען,
פאַלשע פרוי!
ראָכל:
ניט דו דאַרפסט מיר פארצײַען,
ניט דו דאַרפסט מיר פארגעבן,
דאָס דארף ער!—

(ווײַזט אף לייבן)

כ'האב געזינדיקט שווער
צו דעם,
צו וועם



מײַן הארץ, מײַן זעל געהער,—
איין לײַב,
איין הארץ,
אין צווייען.

(די טירן עפענען זיך ברייט און א זינגענדיקע מאַכנע שטראָמט ארײַן. אין שפיץ גייט דער ראָוו אין יאָנטעפדיקע מאלבושים. מיטן פּנים צו אים, טאַנצנדיק און גרימפלדיק אף זײַן אינסטרומענט, גייט דער לעץ)

ראָוו:

(זינגט)

האבן מיר דערלעבט, האָבן מיר דערלעבט!
מײַנע ווײַסע האָר ווערן ווידער שוואַרץ.

(אָרעמעלײַט כאַפּן אונטער)

האבן מיר דערלעבט, האבן מיר דערלעבט
הערן, ווי עס קלאַפּט וועלטנס גרויסע האַרץ.
לעץ:
ווער עס האט א פויק, ווער עס האָט א טאַץ,
קומט אין וועלטן־ראָד, כאַפּט מיט אונדז טאנץ;
ווער עס האט א מויז, ווער עס האט א קאַץ,
ציג און וואָלף — אהער, כאַפּט מיט אונדז א טאַנץ.
כאַסקל:
איר אויך,
רעבע?
ראָוו:
וואָס?
בין איך ניט קיין ייד?
זאָג ניט יעדן טאָג:
איך גלויב מיט פולן גלויבן,
קומען וועט מאָשיעך
פון שיפלעס אונדז דערהויבן. . .

כאַסקל:
אָבער, רעבע,
ס'איז שיגאָען!
ראָוו:
שיגאָען?
האָסטו ניט געזען די צייכן?
האָסט דעם שויפער ניט געהערט?
ניט געזען די שווערד,
דעם האָרן... און די טײַכן
גייען צוריק?
כאַסקל:
דאָס איז קונצן,

(ווײַזט אפן לעץ)

זײַנע שטיק...
ראָוו:

(דערזעט לייבן)

און ווער איז דער
אף האַלדז א שטריק?
הינקעדיקער:
לייב דער בערשטנמאַכער,
רעבע,
דער, וואָס מ'האט געהאַנגען,
פֿון קייווער אופגעשטאַנען...
ראָוו:
לייב דער בערשטער...
פונקט איז ער דער ערשטער...
מײלע,
באָרעך מעכאַיע מייסים!
אוילעם:
באָרעך מעכאַיע מייסים!



כאַסקל:
הערט,
איר זײַט דער ראָוו,
דער קאָפּ פון שטאָט,
מאַכט א סאָף
מיט דעם.
מיר וועלן זײַן צו שאַנד און שפּאָט
בא לײַט.
און —
ס'איז די גרענעץ דאָ ניטווײַט,
יענע גרענעץ פון דעם לאַנד,
וואָס וואַרפט מיט שטיינער,
שפּײַט מיט בראנד
אין דער וועלט.
וועט מען ווארפן נאָך א כשאַד
אף אונדזער אײדע,
אז מיר שטייען אין פאַרבאנד
מיט יענע,
מיט די צינדער!
ראָוו:
איך פאַרשטיי ניט דײַנע רייד,
כאַסקל גאַבע,
דו רעדסט ווי איינער, וועלכער גלויבט ניט
ג'אוילעמאבע.
יעדן יידנס הארץ איז איצט א בעכער
אָנגעפולט מיט ליכט און פרייד, —
א פריידגעשריי
טראָגט זיך איבער דעכער:
דער טאָג דער אויסגעבענקטער,
דער טאָג דער צוגעזאָגטער
איז געקומען.
דער טאָג, ווען געטלעך וויסן

וועט די ערד באַדעקן.—
פון מיזרעך און מײַרעוו,
פון אלע פיר עקן
וועט שטראָמען ס'באהאלטענע ליכט,
אף וואָס געבעטן האבן
די פּאָטערס און די זיידעס,
א גאנצע קייט פון דוירעס.—
און דו,
ווי א שאָטן שטייסטו פינצטער
מיט ווידערשפעניקייט אין מויל —
ווילסטו נישט קיין כיילעק
אין יאַנקעווס נאַכלע?
כאַסקל:
איר זײַט פארבלענדעט, אלע!
טפילעס זײַנען טפילעס,
די וועלט איז אָבער וועלט;
זי איז געשטעלט
אף מאַכט, אף קויעך.
מיט שטיוול פון אײַזן
שטײַגט מען אינדערהויך,
ניט איר מיט אײַערע טפילעס
און ניט דער אויסגעדאַרטער פארעש
וועט די וועלט באַנײַען.
לייב:
ס'איז די וועלט געשטעלט
אף מאַכט, אף קויעך,
נאָר נישט דו וועסט שטײַגן
אינדערהויך.
אין דײַנע שטיוול פון אײַזן
קרישלען זיך ליימיקע פיס.
איידער ס'וועט דער נײַער סערפּ פון דער לעוואָנע
אין הימל זיך באווײַזן,



וועסטו זײַן פארשוונגען
פון דײַן שוואַרצן שאָטן,
פון דײַן לאנגן טויט.
עס וואַרט אף דיר א קייווער
אף בייסוילעם אונטער פלויט.
מאָשיעך —
יאָ, צי ניט געקומען,
איך בין זיכער אופגעשטאַנען,
לייב דער בערשטער מיט די שווערע הענט.
קום, מיר וועלן קראַפט פרובירן!

(לאָזט זיך צו כאסקלען מיט געבײַלטע פויסטן. נאָך אים לאָזן זיך די אָרעמעלײַט)

ראָוו:

(האַלט זיי צוריק)

זאָל רויק זײַן, יידן,
אין הייליקן אָרט,
אין הייליקער שאָ.
זאָל הערשן פרידן
אין ערשטער שאַבעס־שאָ.
ניט פאַרשוועכט
מיט קריג און קאַעס...
ניט מיר
מעגן איצט באַשטראָפן.

(צו כאַסקלען)

מיר זײַנען מויכל דיר
בימכילע־גמורע,
און גאָט, דער שויפעט־צעדעק,
זאָל דיר אויך פאַרגעבן
דײַנע רייד,
די ווידערשפעניקע, די האַרטע!

כאַסקל:
אט ווער ס'איז אײַער מאַכנע,
קאַפּצאָנים א כעוורע,
קריװ־בלײַע —
איר מעגט זיך שעמען,
אלטער ראָוו!
וווּ זײַנען די באַלעבאַטים,
די פּניי?
בלאָווײַס, קאַרפּקאָפּ,
וווּ זײַנען זיי?

הינקעדיקער:
קאַפּאַקאַל מיט פּניי,
מיט דיר, מיט זיי!

ערשטער אָרעמאַן:
ווער דאַרף אים דאָ?!
זאָל ער גיין פונדאַנען,
מיט זײַן גאָלד זיך שטיקן.

איינויגיקער:
קראָען וועלן דיך צעפּיקן,
אָנגעשטאָפּטער כאַזער!
האָסט מוירע, וועסט קאפּצאָנים
ניט קענען טרײַבן פון דײַן טיר!

(די מאַכנע אָרעמעלײַט לאָזט זיך אַף כאַסקלען מיט געבײַלטע פויסטן און צאָרנ־דיקע אויסגעשרייען)

אָרעמעלײַט:
— זײַן הינטישע פעל לאָמיר שינדן!
— זיין שטויב צעשפּרייטן אַף ווינטן!
— די טרייפענע ביינער צעברעכן!

(כאַסקל לויפט, און די מאַכנע יאָגט זיך נאָך אים. דער ראָוו פּרובירט זיי איינ־האַלטן. נאָר קיינער הערט אים ניט. כאַסקל לויפט צו צום אָפענעם פענצטער, שפּרינגט ארויס)



כאַסקל:

(אַף יענער זײַט פענצטער)

איצט איז עס קלאָר,
א בונט און גאָר!
איר זײַט געהעצט פון יענע לײַט;
מאָשיװעך קלוימערשט, קלוימערשט טויטע,
עס קומט פון דאָרט, פון יענער זײַט,
פון די רויטע!
איך וועל אײַך ווײַזן בונטעווען!

(די אָרעמעלײַט כאַפּן יעדער איינער, וואס אים קומט פונקט אונטער דער האַנט, און וואַרפן דורכן פענצטער כאַסקלען אין קאָפּ ארײַן. ער גייט אוועק ארײַנ־שרײַענדיק)

איך וועל אײַך ווײַזן בונטעווען!

הינקעדיקער:

(און נאָך אים—די איבעריקע אָרעמעלײַט. ברעכן אויס אין א געלעכטער)

כאָ־כאַ־כאַ...

פאָרהאַנג

דיזעלבע סצענע, וואס אין ערשטן אַקט.

אין דעם גרעסטן טייל ליַכטערס און מענוירעס ;זיַינען אריַינגעשטעלט געוואָרן ליכט, וועלכע ברענען נאָך ניט.

ר׳ כטס — דער ראָוו, די קרעמערס, דער אַלטער מיט א גרופּע ייִדן. טיפער, לינקס — לייב, ראָכל מיט א גרופּע אָר׳מעלײַט. צווישן די צוויי גרופּעס— דער הינקעדיקער און דער איינויגיקער. אין א באַזונדער ווינקל — א גרופּע וויַיבער. צווישן זיי זלאַטע.

ווען דער פּאָרהאַנג הייבט זיך אוף, האַלט דער אוילעם אין ענדיקן א טאַנץ, אין גרופּעס, אין רעדלעך און איינציקווײַז. די פּנימער זיַינען צעפלאַמט. טייל אויגן שיקער און מיד. דער אלטער שטייט אין איין רעדל און זינגט :

עפנט־אוף די לאָדנס,
ריגל׳ט אָפּ דעם ריגל—
אויג צו אויג, האַרץ צו האַרץ,
שפּיגל קעגן שפּיגל.

(דער טאַנץ שטאַרבט אָפּ. פון דרויסן לויפט אריַין א צעטומלטער הינערפלעט. פון זיַין פּאָנעם איז איין העלפט גלאט ראַזירט ; די צווייטע העלפט האָט באָרד און א פּאַרדרייטע, פּאַרשפּיצטע האלבע וואָנצע)

הינערפלעט:
ס׳איז עמעס, ס׳איז וואָר ?
אינמיטן גאָלן באָרד און האָר
איך הער :
ס׳קומט מאָשיִעך.
כ׳האב געוואָרפן באַלד די שער
און דאָס מעסער
אינדערמיט,
האַלבער גוי און האַלבער ייִד...

ע ר ש ט ע ר  ק ר ע מ ע ר :
דעם ראַזירער העלפט באַצאָלט?
ה י נ ע ר פ ל ע ם :
כ׳האָב אליין געגאָלט...
אוי־ווי איז מיר און וויסט און ווינד,
פונקט הײַנט געוואָלט באגיין א כעט!

(צום ראָוו)

א האַלבע באָרד איז אויך א זינד?
וואָס זאָל איך טאָן,
וואָס זאָל איך טאָן?
ר אָ ו ו :
טשוווע העלפט אין טאָג פון רין.
ה י נ ע ר פ ל ע ט :
טשוווע... טשוווע... וואָס זאָל איך טאָן?
וואָס פאַר א טשוווע זאָל איך טאָן?
ל ע ק :
ראַזיר דיר אָפּ די צווייטע העלפט
צוזאַמען מיט דער הויט,
צי אראָפּ דײַן פאַלשע פעל
און הענג זי אף א פלויט.
און אלע איר, וואָס וואַרט די שאָ,
דערלייזונג ווער ס׳באגערט —
איר האָט אזויפיל זינד אין האַרץ,
ווי האָר אין אײַערע בערד.

(א ציטערניש גייט דורך דעם עולם, וועלכער טוליעט זיך צום ראָוו)

ר אָ ו ו :
לאָמיר, ראַבוסײַ, מיסוואַדע זיך זײַן,
וויינען, קלאָגן,
קלאַפּן אין האַרצן אלכעט,
ווידע זאָגן,



גאָט איבערבעטן פאַר אונדזערע זינד.
לאָמיר זיך גרייניקטע
דעם דערלייזער ווײַזן.
ל י י ב :
מיט פײַער און אײַזן
אײַערע הערצער לײַטערט!
גרעסער ווי די זינד צו גאָט
איז פון מאַן צו מאַן.
ר אָ ו ו :
אויב עס איז בא אײַך פאַראַן
זינד צו פרײַנט, צו לײַט —
מאַכט צורעכט,
איבערבעט,
ווי לאנג ס׳איז צײַט,
ווי לאַנג ס׳איז ניט צו שפּעט...

(אלע בלײַבן שטיין צעטומלטע. יעדער עפנט אויף דאָס מויל, וויל עפּעס זאָגן און קאָן ניט)

ה י נ ק ע ד י ק ע ר :
בושע — אינדערזײַט!
ניט צו שעמען זיך די צײַט.
ער איז גערעכט, דער בערשטער. —
ווער וויל זײַן דער ערשטער?
א י י נ ו י ג י ק ע ר :

(גייט צו צום הינקעדיקן)

איך בין זיך מוידע:
כ׳האָב געגאַנוועט בא אײַך דעם שטעקן
מיט דעם שוואַרצן קעפּל...
און דאָס זעקל מיט די געלע פלעקן...
פאַרקויפט פאַר עפּל
דעם סעדער נאָטע. —

כ׳האָב פֿון טיפֿסטן האַרצן כאַראָטע,
זײַט מיר מוחל...

**הינקעדיקער:**

גאַנעװ, רויבער!
דעם שטעקן,
גיב אָפּ דעם שטעקן!

**ראָװ:**

ניט איצט די צײַט צו מאָנען —
זײַט זיך מוחל אײנס דעם צװײטן.

**לעך:**

איר דאַרפֿט ניט שענקען,
איר קאָנט זיך בײַטן.

**הינקעדיקער:**

(װערט רויִקער, דערמאָנט זיך, גײט צו צו אָן אָרעמאַן)

און איר פֿאַרצײַט,
כ׳האָב נעכטן אײַך געזען ארויס פֿון קלײט
מיט א לעבל ברויט,
פֿריש... װײַס...
ס׳האָט פֿאַרשמעקט.
איר האָט עס אין דער טאַש פֿאַרשטעקט.
כ׳האָב עס צוגעצויגן.
בײַ מיר אזוי מין קרענק...

**אָרעמאַן:**

איך שענק. איך שענק.

**הינערפֿלעט:**

(גײט צו צו זלאַטן, נעמט אָן איר האַנט)

אָ, זלאַטע טײַערע, אַפּל פֿון מײַן אויג,
כ׳בין א פֿאַרך!
כ׳האָב געשאַדכנט זיך צו געלער צויג
צוליב א רײַכן שװער.



גאָר װאָס געװעזן איז פֿאַרבײַ,
זלאַטע טײַערע, כ׳שװער,
כ׳װעל דיר אײביק בלײַבן טרײַ,
אונטער כופּע גײן מיט דיר.
ראַכמאָנעס האָב — פֿאַרצײַ!

(זלאַטע טראַכט א װײַלע, כאַפּט זיך דאָן ארום מיט אים און קושט אים; ער נעמט זי ליב אונטערן אָרעם און האַלט זיך מיט איר אזוי אין גאַנצן לויף פֿון דער האַנדלונג. דער אוילעם פֿאַלט צו טומלדיק אײנער צום צװײטן. װײַבער כליפּען און שנײַצן זיך אין די שירצן ארײַן. צװישן אוילעם דרײט זיך ארום דער לעך מיט זײַן אינסטרומענט, גײט פֿון אײנעם צום צװײטן און װי ער װאָלט יעדן עפּעס אײַנגערוימט אין אויער. דער ראָװ גײט צו צום אָרנקוידעש, קלאַפּט זיך מיט בײדע הענט אין האַרצן. אינעם טומל הערט זיך ניט קײנעמס רײד. עס הערן זיך גאָר אָפּריסן)

**פֿאַרײַנצלטע מענער־שטימען:**

— כ׳האָב פֿאַרשיקערט מײַן געװיסן.
— ארויסגעריסן דיר דעם ביסן.

**פֿאַרײַנצלטע װײַבער־שטימען:**

— א שטיקל פֿלײש פֿון יאַקטע־טיש.
— געגאַנװעט אײך אַ האַלבן פֿיש.

**פֿאַרײַנצלטע מענער־שטימען:**

— כ׳האָב מײַן יוישער אָפּגעטויבט.
— דעם לעצטן גראָשן צוגערויבט.

**פֿאַרײַנצלטע װײַבער־שטימען:**

— ניט געגעבן צוריק די פֿאַן.
— כ׳האָב געזינדיקט מיט דײַן מאַן.

(דער אוילעם פֿאַלט זיך ארויף אײנער דעם צװײטן אויף די העלדזער, קושן זיך)

**שטימען:**

(טומלדיק)

— מוחל... מוחל... מוחל...

ראָװ:

(גייט אראָפּ פון אָרנקוידעש)

מיר זײַנען ריינע איצט,
ווי קינדער ערשט געבוירן.

לעך:

איר האט אין קלויז
די זינד פאַרלוירן —
נעמט א בײַטש און טרײַבט דעם ווינט! —
גרינגע זינד,
דין ווי שטויב,
און דער ווינט איז בלינד און טויב,
כאַפּט ער שטויבל,
כעט נאָך כעט,
פליט מיט זיי צו אײַער הויז,
וואַרפט זיי דורכן קוימען —
פאַרזייט זיי אין אײַער בעט.

לייב:

מיט ווערטער וואַשט איר אָפּ
די מײַסים אײַערע!
יעדער ציגל, יעדער שטיין שרײַט פון אײַערע זינד!
אײַערע זינד זיי בלײַבן שטיין
אײַנגעמויערט אין ווענט.
ניט מיט ווערטער — מיט די הענט
רײַסט די זינד און ברעכט!

הינערפלעט:

ס'איז מיר שלעכט!
ער מיינט... מײַן מויער.

ראָװ:

יאָגט ניט אָן אויף אונדז קײַן טרויער.
ניט פאַר אונדז איז ברעכן ווענט.
מיר האָבן אלץ געטאָן,



וואָס אין די ספאָרים שטייט,
זאָל הערשן איצטער שאַבעס־פּרייד.
לאָמיר זיך געזעגענען,
מיט דער וואָך געזעגענען
און שאַבעסדיק און יאָנטעוודיק
מאָשיעכן באגעגענען.

(ס'ווערט א ראַד)

ראָװ:

(זינגט)

שאַבעס איז געקומען,
קיינער טאָר ניט האַנדלען;
פון א שטיין וואַקסט א בוים,
בליִען אף אים מאַנדלען.

נעמט די פּויק און פידל,
נעמט די פלייט און האָרן —
איבער נאַכט ט'אופגעבליט
אויסגעדאַרטער דאָרן.

לייב:

אײַזן נעמט און האַמער,
נעמט דעם פײַל און בויגן, —
ס'לעצטע מאָל א לעצטע פײַל
אין דעם שאָטנס אויגן!

(ס'קוקען אריין בלאָווײַס און קארפּקאָפּ. שטייען, קוקן זיך אײַן ביז דער אוילעם הערט אויף טאַנצן)

בלאָווײַס:

(צו קארפּקאָפּ)

ס'איז עמעס, אפּאָנים.

**קאַרפּקאָפּ:**

א יאָנטעוו פאַר קאַפּצאָנים.

(צום ראָוו)

עס איז עמעס, רעבע,

מאָשיִעך קומט?

**ערשטער אָרעמאַן:**

ס'איז עמעס, ס'איז עמעס,

איז וואָס?

**צווייטער אָרעמאַן:**

ער האָט דערשמעקט שוין עפּעס

מיט דער נאָז.

גייט אהיים און לייגט זיך שלאָפן.

מע וועט אײַך רופן!

**בּלאָוויַיס:**

אויב ס'איז עמעס,

איז עס גאָר א גרויסע זאַך

און מײַנער איז דער זיג!

(דעקלאַמירט)

„אונדזער לאַנד און אונדזער שפּראַך,

אונדזער שטאַם און אונדזער וויג" —

איר דערקאָנט די ווערטער?

**ערשטער אָרעמאַן:**

אָהאָ, איך דערקאָן די ווערטער,

איך דערקאָן זיי גוט!

(פון דרויסן שטורעמט ארײַן כאַסקל)

**כאַסקל:**

איצט איז אלץ שוין קלאָר,

פונוואַנען ס'איז געקומען;

פּאָליציי האָט פארנומען



דאָקומענטן.

טונקעלע פארשוינען זײַנען דורך דער גרענעץ.

געווים אַגענטן,

רויטע שפּיאָנען.

צייכנס אויך געזען, געהערט.

ניט קײַן האָרן, ניט קײַן שווערד, —

רויטע פאָנען!..

**אָרעמעלײַט:**

(געפירט פונעם לעך, רינגלען ארום כאַ־קלען אין ראָד, מאַכן אים גרימאַסן אין פּאָנעם ארײַן)

— כאַ־כאַ־כאַ, כאַ־כאַ־כאַ־כאַ,

ער ווייסט שוין אלץ, ער ווייסט שוין אלץ,

אונדזער גאַבע! —

וואָס ס'איז געשען באַנאַכט,

וואָס ס'איז באַנאַכט געשען

אין שאָסן־פאַלב

פון גרויסן בלאָען פאָן, —

נאָר ניט דאָס, וואָס ליגט

אין אונדזער טאָרבע גרייט

פאַר נעכט, וואָס קומען אָן

פאַר אונדזער גאַבע, כאַ־כאַ־כאַ!

**כאַסקל:**

(רײַסט זיך ארויס פונעם ראָד)

פּאָליציי וועט באַלד דאָ קומען,

וועט א טאַכלעס מאַכן.

(דערזעט בלאָווײַסן און קאַרפּקאָפּן)

וואָס?

איר האָט אויך צו טאָן

מיט אזעלכע זאַכן?

קאַרפּקאָפּ:

וואָס קאָן מען טאָן?

ס'ווענדט זיך ניט אין מיר, אין איַיך.

בלאָוויַיס:

ס'וואָלט יעדנפאַלס געווען ניט גלייַך,

ווען מאָשיַיעך קומט

לאָזן אים אַליין

מיט די שנאָרערס.—

ס'וואָלט געווען ניט שיין

און ס'וואָלט געווען ניט גוט.

(כאַסקל מאַכט זיך עפּעס גרייט צו ריידן. נאָר פּלוצלינג קראַכט א שרעקלעכער דונער. עס הייבן אָן ציטערן די ווענט און די שויבן פון קלויז. עס ווערט נאַכטיש פינצטער. ס'בליצט און ס'הערט זיך רייסן א שרעקלעכער שטורעם מיט האָגל און רעגן, באַם שיַין פון די בליצן זעט זיך, ווי דער אוילעם רוקט זיך צוזאַמען ווי א ציטעריקע סטאַדע. טייל ברומען איַינגעהאַלטן און שרעקנדיק. מאָשיעכס צייַטן... ס'ווערט פּלוצלינג שטיל. פון זיך אליין צינדן זיך אָן די ליכט אין אלע לייַכטערס און מענוירעס, און די קלויז ווערט באַגאָסן מיט א העלן שייַן. באַם פּלוצלינג-דיקן אופשייַן דערזעט דער אוילעם מאָשיעכן שטיין באַם טיר. זייַן קאָפּ איז צע-שויבערט און אָן א הוט. א רעגע קוקט דער אוילעם שווייַגנדיק און פאַרשטאַרט. דאַן מאַכט דער ראָוו א טריט צו מאָשיעכן, און נאָך אים די איבעריקע)

ראָוו:

שאָלעם-אליי׳כעם!

ווער איז א ייִד?

מאָשיַיעך:

איך בין מאָשיַיעך.

געקומען איַיך דערלייזן,

(דער גאַנצער אוילעם אכוץ כאַסקלען פאַלן מיט די פּענימער צו דער ערד. הייבן זיך דאַן אוף, מאַכן א האַלב-ראָד ארום מאָשיעכן)

בלאָוויַיס:

(זינגט)

מאָשיַיעך אונדזער מעלעך,

מאָשיַיעך דער דערלייזער,



מאָשיַיעך, מאָשיַיעך,

מאָשיַיעך אונדזער מעלעך.

קאַרפּקאָפּ:

(גייט צו אומאַנטשלאָסן און פאָרזיכטיק צו מאָשיעכן. פאַרנייגט זיך)

שאָלעם-אלייכעם!

איך בין קארפּקאָפּ, די טאַלמעטוירע אופגעבויט,

געמאַכט ארום דער שול א פּלויט,

צורעכט געמאַכט די מיקווע.

בלאָוויַיס:

(גייט צו, פאַרנייגט זיך)

שטענדיק זינג איך די „האַטיקווע",

טראָג א מאָגנדאָוויד.

לעך:

פון עכטן בריליאַנט.

בלאָוויַיס:

דאָס הייליקע לאַנד

איז מייַן הייסטער באַגער.

הינערפלעט:

(ווייַזט אפן ראַזירטן טייל פון זייַן פּאָנעם)

ס'איז ניט ראַזירט, ס'איז מיט א שער,

ס'וועט פאַרוואַקסן.

אן אָרעמע יעסוימע נעם איך.

(ווייַזט אף זלאַטען)

הינקעדיקער:

וואָס פלוידערט ער, דער לעמעך?

האָקט א קאָפּ מיט זלאַטען...

איינויגיקער:

זיי שאַרן זיך צו,

די בײַכער די גראָבע.
אַ רועך אין זייער טאָטן!

**קאַרפּקאָפּ:**

(מאַכט אַ רעווערענס פֿאַר מאָשיעכן)

וואָס שטייט איר בײַ דער טיר,
הייליקער מאָשיעך?
קומט אַ ביסל העכער...
זעט מײַן נײַ פֿאָרויכעס,
מיט זײַד געוועבט.

**בלאָוויַיס:**

מאָרגן וועט דער „דעגל ציִען" פֿלאַטערן אויף דעכער —
דאָס אַלטע פֿאָלק מיט נײַע קויכעס.
אַ שאָד, וואָס הערצל האָט ניט דערלעבט!
וואָס טוען מיר? וואָס לאָזן מיר
דעם דערלייזער שטיין בײַם טיר?

(ווײַזט מאָשיעכן מיט אַ בעטנדיקער מינע דעם וועג צום אָרנקוידעש צו)

**מאָשיִעך:**

(ניט רירנדיק זיך פֿון אָרט)

פֿון די קייטן האָט דער פּאָרעש מיך באַפֿרײַט,
נאָר אויף די הענט געלאָזט אַ קייט,
ער האָט פֿאַרגעסן.
די איינע קייט זי בלײַבט פֿאַר אײַך —
באַפֿרײַט!

(שטרעקט אויס די הענט. אַלע שטופּן זיך צו, באַקוקן מאָשיעכס געקייטלטע הענט)

האַקט די קייט!
אַלע, ווי איר שטייט און גייט,
ווי איין מאַן,
מיט איין האַרץ,
מיט איין געדאַנק.



**קאַרפּקאָפּ:**
אומהו.

**בלאָוויַיס:**

(שטעקט זיך אַרײַן די הענט אין די טאַשן, בייגט זיך אײַן, באַקוקט די קייט)

נישקאָשע פֿון אַ קייטל, כ'לעבן,
פֿון שטאָל פֿון ריינעם לויט דעם קלאַנג.

(קערט זיך אָפּ)

**לייב:**

וואָס שטייט איר ווי די לעמער?
נעמט אַ האַמער, נעמט אַ צוואַנג.
ווער אַן אײַזן, ווער אַ לײַכטער,
האַקט די קייט!

**מאָשיִעך:**

אַלע, ווי איר שטייט און גייט,
ווי איין מאַן,
מיט איין האַרץ,
מיט איינע פֿאַרלאַנגען.

**ערשטער אָרעמאַן:**

ברענגט די האַמערס, ברענגט די צוואַנגען,
זעג און שער.

**לעץ:**

און ווען ס'איז דער האַמער שווער,
מיטן קאָפּ צעהאַקט!
און ווער עס האָט אַ גוט געהער,
זינגט און טאַנצט צום טאַקט.

(לייב, ראָכל און אַ גרופּע אָרעמעלײַט לאָזן זיך אין אַ ווינקל אויפֿקלײַבן אײַזנס, האַמערס און אַנדער געצײַג. טייל נעמען אַרויס רערן פֿון מענוירעס. דער איינ-אויגיקער ברענגט צו עטלעכע אײַזנס, הייבט זיי אָן אײַנטיילן צווישן אַלעם. גייט צו צו בלאָוויַיסן)

**איינאויגיקער:**

נעמט, פֿאַראַן אַסאַך.

בלאָוויַס:

ניט מיַין פאַך.

כאסקל:

(וועלכער איז די גאַנצע צייַט געשטאַנען אין ווינקל מוטלאָז, קומט צו זיך, גייט צו צום ראָוו)

רעבע, כ'וואָרן אייך,
מאכט א סאָף!
איַיך דערוואַרט די גרעסטע שטראָף.
איר זיַיט דער ראָוו!

ראָוו:

וואָס טיַינעט איר צו מיר?
האָב איך געבראכט
דעם מאָשיִעך?
האָב איך דען מאכט
איבער גאָט?
ער איז דאָך גאָטס שאָליִעך.
האָט טיַינעס צום באשעפער!

כאסקל:

איר זיַיט דער ראָש
פון אַן אײדע ייִדן.
זאָגט, מיר זיַינען ניט צופרידן.
מיר ווילן ניט, מיר דארפן ניט,
ס'איז ניט וואָס אמאָל.
מיר דארפן ניט, מיר ווילן ניט!
און איר, מאָשיִעך,
גייט געזונטערהייט —
מיר קאָנען ניט,
מיר וועלן ניט
צעשמעטערן די קייט!

בלאָוויַס:

(גייט צו אומאָנטשלאָסן צו מאָשיעכן)

עפשער קאָנט איר אונדז דערקלערן,



הייליקער מאָשיִעך,
וואָס ברענגט איר אונדז און וואָס וועט ווערן
א טאָג נאָך דער דערלייזונג?
וואָס איז אונדז באשערט?

מאָשיִעך:

גערעכטיקייט אף דר'ערד.

בלאָוויַס:

אומהו...

כאסקל:

אונדזער געריכט איז גאָרניט שלעכט.
און ווער ס'וויל זיַין שוין גאָר גערעכט,
קאָן גיין צום דינטוירע.
ווי מיינט איר, הער קארפקאָפ,
זאָגט, וואָס האָט איר מוירע?

קארפקאָפ:

נו, געוויס.... איך מיין...
מע קאָן ניט וויסן...
מע דארף דעם הער מאָשיִעך
איידל־פיַין באגריסן,
אָבער ברעכן קייטן...
ס'פירט זיך ניט אזוי בא לײַטן...

(לייב און די אָרעמעלײַט קומען צו מיטן געציַיג. לייב האַלט אין האַנט א שווערן האמער. די איבעריקע—איַיזנס, שטיקער לײַכטער א. ד. ג.)

לייב:

הייבט די האַמערס אינדערהייך,
אלע, ווי איר שטייט —
האַקט די קייט!

כאסקל:

מיר דאַרפן ניט,
מיר קאָנען ניט,
מיר ווילן ניט!

ליב:

ווער מיט מיר — הייבט אוף די האַמערס!
שמעטערט איבער קאָפּ און שאַרבן.
ווער עס וויל דערלייזט ניט ווערן,
ווער עס וויל דערלייזונג שטערן, —
דער זאָל שטאַרבן!

(ליב און נאָך אים די אָרעמעלײַט לאָזן זיך מיטן געצײַג אף כאַסקלען. ס'ווערט א ווילדע בעהאָלע. כאַסקל באַהאַלט זיך הינטערן ראָוו. אין דערזעלבער רעגע קומען ארײַן עטלעכע אָפיצירן, סאָלדאַטן און פּאָליציי. צווישן אוילעם ווערט א דערשראָקענער טומל. אָרעמעלײַט לאָזן אראָפּ דאָס געצײַג און פאַרשטעלן מיט זיך ליבן כאַסקל גייט צו צום הויפּט - אָפיציר, רעדט מיט אים עפּעס אינדערשטיל)

כאַסקל:

אָט יענער באַם טיר,
הער אָפיציר,

(ווײַזט אף מאָשיעכן)

האָט דעם טומל געמאַכט,
מאָדנע זאַכן אויסגעטראַכט.

אָפיציר:

ווער איז ער?

(גייט צו נאָענט צו מאָשיעכן, באַקוקט אים)

אַהאַ, אין קייטן באָר,
אַפּאָנעם, פון אַ טפיסע...
אַ מײַסע ניט קײַן מיעסע...
ווער זײַט איר?

מאָשיעך:

מאָשיעך.

אָפיציר:

וואָס?
ר'מאַכט זיך מעשוגע.
גאָרניט קײַן נאַר...



הינקעדיקער:

ניט דאָס, מײַן האַר.
מאָשיעך וויל פירן אין הייליקן לאַנד.

אָפיציר:

אזוי...
אין הייליקן לאַנד וויל ער פירן?
נו, מע דאַרף אַ קוק טאָן די פּאַפּירן,
אויב אזעלכעס איז פאַראַן.
פונוואַנען קומט איר, מאַן?

מאָשיעך:

פון די טויערן פון רוים.

אָפיציר:

פונוואַנען?

ראָוו:

באַ אונדז ז'א מעסוירע פאַראַנען.

אָפיציר:

איך פרעג ניט באַ אײַך!

(צו מאָשיעכן)

פונוואַנען קומט איר,
פון וועלכן קעניגרײַך?

מאָשיעך:

פון די טויערן פון רוים.

אָפיציר:

אים גלוסט זיך טרײַבן שפּאַס...
אײַער אויסלאַנד - פּאַס?
פּאַפּירן?

(צו א צווייטן אָפיציר)

מע דאַרף אים
פאָטאָגראַפירן.
מיר האָבן געפּאַקט

אַ פויגל אַן עכטן,
פון די, וואָס האָבן נעכטן
באַם גרענעץ אונדזער וואַך פארטריבן.—
דערהאַרגעט פיר.

הינקעדיקער:

הער אָפיציר,
ווי פאַלט איר אויס?
דאָ ווייסן אַלע ווער ער איז,
וואָס ער איז...

אָפיציר:

אזוי...
דאָ ווייסן אלע און שווייַגן.
איר ווילט פאַרבויגן.
אַהאַ...
ער וויל פירן אין הייליקן לאַנד,

(שמייכלענדיק)

האָט דאָס צו טאָן מיט אייך, הער בלאוויַס,
ער געהער צו אייַער פאַרבאַנד?

בלאָוויַס:

איר לאַכט...
מיר האָבן מיט אַזעלכעס ניט צו טאָן, צום גליק—
אונדזערס איז נאַציאָנאַלע פאָליטיק...

אָפיציר:

און איר, הער קארפקאָפּ, איר וואָס ווייסט פון דעם פאַרשוין?
קאָנט איר אים?

קארפקאָפּ:

(שמייכלט אונטערטעניק)

ניט קייַן שלעכטער ווייַ,
ערנוואָרט!

(דערלאַנגט דעם אָפיציר אַ ציגאַר)



ביטע,
אַן עכטער האוואנער,
ערשטער סאָרט.

(ציגרט אָן אַ שוועבעלע, דערלאַנגט דעם אָפיציר. דער פארויכערט, שמעקט דעם רויך מיט דער נאָז, רעדט עפּעס צו קארפנקאָפּ. ביידע לאַכן הויך)

אָפיציר:

נו, מייַנע הערן,
האָט קיינער גאָרניט
צו דערקלערן?
און איר,
אלטער ראָוו,
איר וואָס האָט צו זאָגן?
לאָמיר הערן.

ראָוו:

(ציטערנדיק)

מיר גלויבן אין גאָט דעם בוירע,
מיר גלויבן אין זייַן טוירע...

אָפיציר:

ניט דאָס האָב איך געפרעגט,
וועגן מאָשיעך פרעג איך.

ראָוו:

אזוי שטייט אין הייליקע ספאָרים געשריבן:
ס'וועט קומען דער טאָג און מאָשיעך וועט ברענגען
באַפרייַונג צו אלע, וואָס זייַנען פאַרטריבן...

אָפיציר:

אַהאַ... ער ברענגט באַפרייַונג...
איך פאַרשטיי...
איר קאָנט אים, הייסט עס?
ער וויל באַפרייַען די, וואָס זייַנען פארטריבן...

כאַסקל:

ניין, דאָס זאָגט ער ניט, דער ראָוו,
ער דערציילט נאָר בלויז, וואָס ס'איז געשריבן.
פונוואַנען קאָן דער ראָוו
אזעלכע לײַט,
וואָס כאַפּן זיך אהער פון יענער זײַט?

אָפיציר:

נו,
מיר וועלן שפּעטער מאַכן קלאָר די גאַנצע זאַך.

(צו די סאָלדאַטן)

וואַך!
שפּיז ארוף,
רעכטס, לינקס,
קרום, גראָד.
נעמט אים פּעסט אין ראָד.

(סאָלדאַטן רינגלען ארום מאָשיעכן. א דערשלאָגענע אומרויִקייט באהערשט דעם אוילעם. ווײַבער כליפּען שטיל אין די שירצן ארײַן. דער אָפיציר שמייכלט, פאַרוי- כערט לאַנגזאַם א פּאַפּיראָס)

אַהאַ, דאָס הייסט, געפּאַקט א העכט!
ס'איז א גליק,—
מאָרגן וואָלט געוועזן פאַרבּרענט
יעדע בריק,
וואָס ס'איז בײַ אונדז פאַראַנען.

(ווינקט צו מיט איין אויג)

מיר ווייסן זייערע פּלאַנען,
מיר ווייסן אַלץ!
וואַך!
שווערד ארויס!
רעכטס, לינקס —
מאַרש פאָרויס!

(די סאָלדאַטן מאַכן זיך גרייט צו גיין)



איינוויניקער:

ס'רײַסט בײַם האַרץ!
אין גאַס
איז נאַס,
דונער, בליץ.

לעץ:

(גייט צו צו מאָשיעכן, נעמט אראָפּ זײַן מיץ פון קאָפּ)

דעקט דעם קאָפּ צו מיט מײַן מיץ.

(טוט מאָשיעכן אָן אפן קאָפּ זײַן מיץ. די סאָלדאַטן הייבן אָן גיין מיט מאָשיעכן. דער לעץ גרימפּלט אף זײַן אינסטרומענט און זינגט)

נעמט פידלען, נעמט פלייטן, נעמט פּויקן, נעמט טאַצן,
באַגלייטן מאָשיעך ארויס.
און ווער ס'וויל זאָל וויינען, און ווער ס'וויל זיך קראַצן,—
זאָל בלײַבן זיך קראַצן אין קלויז,
זיך קראַצן בײַם אויוון אין קלויז.

זאָל פּויקן די פּויקן, זאָל באַצן די טאַצן,
פאַרהילכן דעם קלאַנג פון דער קיים.
און ווער ס'וויל זאָל לאַכן, זאָל לאַכן ביז פּלאַצן!
צעשפּרינגען די רינגען פון קיים,
די רינגען פון אײַזערנער קיים.

זאָל פידלען די פידלען, זאָל פײַפן די פלייטן,
און טאַנצן אַנטקעגן א נעס;
ווער ס'וויל דעם כאָסן צו כופּע באַגלייטן
און ווער ס'וויל צו קווּרע דעם מעס,
צו קווּרע דעם הייליקן מעס,

(מאָשיעך ווערט אוועקגעפירט, באגלייט פונעם לעצס גרימפּלען. קאַרפּקאָפּ און בלאָווײַס גייען נעבן אָפיציר און ריידן מיט אים. א גרויסער טייל פונעם אוילעם לויפט נאָך דער פּראָצעסיע. צווישן די נאָכלויפנדיקע איז אויך זלאַטע. די ליכט

(אין די מענוירעס ווערן פלוצלינג פאַרלאָשן. די איבערגעבליבענע בלײַבן א ווײַלע שטיין שטום מיט געזונקענע קעפּ. לייב און ראָכל טיילן זיך אָפּ אין א באזונדער ווינקל)

**ערשטער אָרעמאַן:**

(נעמט זײַן פּאָנעם אין דער האַנט און וויינט זיך פאַנאַנדער)

אונדזער ווייטיק, אונדזער שאַנד,
געלאָזט די קייטן אַף זיין האַנט.

**אלטער:**

מע טאָר ניט טרײַבן
מיט בײַטשן די צײַט.

(הינערפלעט שטעלט זיך באַ א שטענדער, הייבט זיך אָן זייפן די מאָרדע און ראזירן דעם ניט־ראַזירטן טייל פון זײַן באָרד. זלאַטע קומט ארײַן, גייט צו צו אים, לייגט איר האַנט אף זײַן אַקסל)

**זלאַטע:**

מיר וועלן שטעלן בלויז א כופּע,
אָדער אויך א באַל?

**הינערפלעט:**

קאַפּאַקאַל!

(שטויסט זי אוועק. זי אנטלויפט א ווײנענדיקע)

**הינקעדיקער:**

(הייבט אָן שפּרינגען אף איין פוס)

אוי,
צו מײַן פוס קומט צוריק די ווייען.

(הייבט אָן זוכן אף דר׳ערד זײַן קוליע)

**איינויגיקער:**

מײַן אויג הערט אוף צו זעען.

(לייגט זיך אף דר׳ערד, צוזאמענקלײַבנדיק די שטיקלעך צעבראָכענע בריל. ער שטויסט זיך אָן אפן הינקעדיקן, וועלכער פאַקט אים פאַרן גאָרגל)



**הינקעדיקער:**

רויבער!
גיב אָפּ מײַן שטעקן,
מײַן זעקל
מיט די געלע פלעקן!

(טייל פון די איבערגעבליבענע הייבן פלוצלינג אָן צו באפאַלן איינער דעם צווייטן מיט קוילעס: „גאַנעוו!“ „רויבער!“. עס ווערט א גרויסער טומל און א געשלעג. היט ווערן אראָפּגעריסן פון קעפּ. טייל פאַלן אום איינער אפן צווייטן און קויקלען זיך אזוי אף דר׳ערד)

**כאַסקל:**

(גיט א קלאפּ אין בעלעמער)

שנאָרערס!
וואָס מאַכט איר א שענק
פון אונדזער קלויז?!
ווער עס וויל זיך קריגן —
גייט ארויס!

(טייל הייבן זיך אוף, ווערן שטיל; טייל קויקלען זיך ארויס, שלאָגנדיק און זידלענדיק. כאַסקל גייט צו צו ראָכלען)

און דיר,
כ׳וואָלט געבן דיר געדאַרפט א שטראָף,
נאָר כ׳שענק דיר פאַר דײַן שיינקײַט.
איך האָף,
וועסט אף ווײַטער שעצן מער דײַן גליק.

(ווײַזט אף לייבן)

דער וועט אין קיווער גיין צוריק,
און וועסט פאַרגעסן וואָס געוועזן.

(ראָכל פאַרשטעקט איר פּאָנעם אין די הענט און וויינט)

**לייב:**

דו נאַרסט זיך, מאַן,
איך בלײַב!

פאַר דעם, וואָס שטייט פון קייווער אוף,
איז קײַן צוריק פאַרהאַן!
איך בלײַב.

כאַסקל:

מיר וועלן דאָס נאָך זעען.
פאָליציי! העי, פאָליציי!

*(ער בייגט זיך ארויס דורכן פענצטער. ער באַקומט אָבער פונדאָרט ניט קײַן ענטפער, לויפט ער ארויס, שרײַענדיק)*

מיר וועלן דאָס נאָך זעען!

ראָכל:

*(דערשראָקן)*

ווײ!
ער וועט א נײַע טליָע שטעלן.

*(לויפט נאָך כאַסקלען)*

כאַסקל, כאַסקל!
זע...

לעך:

*(קומט ארײַן לאַנגזאַם פון דרויסן, זינגענדיק)*

פלאַם געוועזן די שווערד,
פון גאָלד דער האָרן —
מאָשיִעך איז געוועזן דאָ
און פאַרכאַפּט געוואָרן...
מאַכט האוודאָלע, רעבע,
ווינטשט א גוטע וואָך.
זאָגט דעם אייזל,
זאָגט די קו —
ס'איז אוועק די שאַבעס־רו,
מע מעג שוין גיין אין יאָך.
מאַכט האוודאָלע, רעבע,



רויכערט אָן די ליולקע,
שאַבעס איז פארשוווּנדן —
גוט־וואָך, גוט־וואָך.

*(דערזעט לייבן, קוקט זיך דורך מיט אים א רעגע. גייט דאַן צו צום פעקל אלטע זאַכן פונעם פאָרעש, בינדט עס אוף, נעמט ארויס דעם פאָרעשס צעריסענע בגאָדים, גיט זיי לייבן, וועלכער וואַרפט פון זיך אראָפ זײַנע מאַלבושים און דעם שטריק פונעם האַלדז און טוט זיך איבער אין פאָרעשס קליידער. די אָנוועזנדיקע קוקן צו שטום מיט אראָפּגעלאָזטע קעפּ)*

ערשטער קרעמער:

און דער פּאָרעש, ווּ איז ער פארשוווּנדן?

הינקעדיקער:

איך וואָלט אים די הויט אָפּגעשונדן!
ער האט אונדז פארומגליקט,
די הענט ניט צעבינדן
פון אונדזער מאָשיִעך.

אלטער:

ניט מאַסיג זײַן מיטן מויעך...

לעך:

די ארבעט פון סאָטן. ער האט אים אינמיטן
די אויגן פארבלענדט
מיט ליליסעס אָרעמס און נאַקעטע הענט,
זי האט אים פאַרשיקערט,
זי האָט אים באטרינקען
און כראָפּענדיק איז ער אין איר שויס פארזונקען.

אלטער:

די טומע האָט גויווער געווען די קעדושע...

ערשטער קרעמער:

אבער וואָס טוט מען מיט פּאָרעשס יערושע?
דאָס איז דער איקער!
אויב ער איז שיקער,
וועט ער דאָך קומען און מאָנען, וואָס אים האט געהערט,

איז ער געשטאָרבן—בין איך דאָך דער יורש.
איך האב אים געגערט.

**לעק:**

דער פאָרעש, דער פאָרעש אין גרוב איז אראָפּ;
א קייווער געבליבן איז אָפן און לער,
דער מעס איז ארויס און געקומען אהער.
דער פאָרעש געמוזט האט אין קייווער אראָפּ.

**שטימען:**

— געשטאָרבן דער פאָרעש,
— באגראָבן דער פאָרעש,
— באָרעך דאַיען עמעס...

**ראָוו:**

(מאַכט זיך גרייט צו גיין א היים)

ניט געווען באשערט.
זאָל זײַן נאָמען זײַן געלויבט!
און יעדן טאָג נאָך האלבער נאַכט
וועל איך אין טיפן טרויער
ווײַטער וויינען מיט דער שכינע
אף דעם אלטן מויער...

**לעק:**

די שכינע, די שכינע...
געשטאָרבן שוין לאַנג.
געשענדעט, פארפּײַניקט
אין קלויז אף דער באַנק.

(ס׳ווערט ארום אים א האלב-ראָד, ער זינגט און גרימפּלט צו אף זײַן אינסטרומענט)

ס׳האט א פאָרעשל געלעבט,
אין א קלויז אליין געלעבט,
צו דער שכינע נאָר געשטרעבט,
צום בלאָ-גאָרנישט נאָר געשטרעבט.



צו דער שכינע הענט געשפּרייט,
צו בלאָ-גאָרנישט דאָרטן ווײַט,
אין דער פּוסטער ווײַט און ברייט—
צו דער שכינע הענט געשפּרייט.

האט אמאָל אין בלאָער נאַכט
אונדזער פאָרעשל געוואַכט
און דערזען דער שכינעס פּראַכט
נאַקעט אין דער בלאָער נאכט.

האט געמאַמפּלט כאַוועס שלאַנג
נ׳פאָרעשס קעפּל א געדאַנק;
פאַרעש האט געפּײַניקט לאנג
שכינע אף דער האַרטער באַנק.

אין דער קלויז אף הארטער באנק,
לאַנג און קורץ און קורץ און לאַנג,
און צו שאָ פון מאָרגנרויט
שכינע איז געוועזן טויט.

דידל-דידל דידל-דאם
דידל-דידל דידל-דאם,
דידל-דידל דידל-דאם,
דידל-דידל דידל-דאם.

(דער ראָוו גייט אוועק. כאַסקל קומט ארײַן צו לויפן מיט עטלעכע פאָליציאַנטן קוקט זיך ארום, זוכט אין אלע זײַטן)

**כאַסקל:**

ווו איז ער,
דער בערשטער?
אוועק?

(צו די פאָליציאַנטן)

א שרעק!
א שרעקלעכער פאַרשוין!
איר מוזט אים פּאַקן!
אַן עקסטרע לוין
פון מיר!

(דערזעט לייבן)

א, איר,
רעב פּאָרעש!
פונוואַנען קומט איר?
פון גאניידן?

(איילנדיק אוועק מיט די פּאָליציאַנטן)

כ'וועל באַלד קומען,
כ'האָב מיט אייַך צו ריידן.

הינקעדיקער:

אים ווילט זיך שטאַרק אַ בראָכע
אף האַצלאָכע
פון אונדזער פּאָרעש,
פון אָט דעם פּאָרעש.

אָרעמעלייַט:

כאַ־כאַ־כאַ, כאַ־כאַ־כאַ!

ערשטער קרעמער:

א שאָד, די לייַכטערס צעבראָכן,
אומזיסט די אייַזנס געקליבן.

צווייטער קרעמער:

שטעלט צוריק אין דער מענוירע
די רערן די זיבן.

לייב:

באַהאַלט זיי, די לייַכטערס,
דעם האמער און אייַזן,
באַהאַלט זיי ביז איך קום צוריק.



א נייַער צייכן וועט זיך ווייַזן,
א נייַער שויפער וועט זיך הערן,
זייַט געגרייט
די קייט
צעשטערן!

(גייט ראַש אוועק)

ערשטער אָרעמאַן:

ער איז דאָך ניט קיין פּראָסטער,
אין הימל דאָך געווען,
פון קייווער אופגעשטאַנען
מיט שטריק אף האַלדז,
און ער איז מאַשיעך:
ס'איז נאָך ניט פאַרלוירן אלץ,
איך בין זיכער, אז ער גייט
באַפרייַען דעם מאָשיעך.

(אַן אופרעגונג פון פרייד צווישן די אָרעמעלייַט. טייל פּאַטשן זיך און רייַבן זיך די הענט פון סימכע. טייל שמועסן צווישן זיך היציק און אופגערעגט)

ראָכל:

(קומט אריַין, זוכט לייבן. דערזעט אף דר'ערד זייַנע מאַלבושים. פאַרצווייפלט)

ר'איז אוועק...
פון אים געבליבן נאָר די שטריק.
און איך—
אף וועג
אַף אָפּגעמעקטן,
אף בריק,
וואָס אייַנגעבראָכן,
בין געבליבן
אליין.
א וועג אָן צייכן,
אָן סלופּ, אָן שטיין.

(קוקט דורכן פענצטער)

אָט גייט ער,
דער מענטש מיט האק אין האנט,
וואָס לעבט פון רויב.
ער וועט מיך אין די נעגל נעמען,
ווי שפּאַרבער די טויב...
טראָפּנווייַז
טריפנדיק
פרירט מייַן בלוט
אין האַרץ
און ווערט
רויטע, רויטע קרעל...
איך שטיי אף שוועל
פון יאָ און ניט —
איך שטאַרב...

(לענט זיך אָן אָנעם לעץ. דער נעמט פון אף דר׳ערד לייבס טאַכריכים, טוט איר אָן און ציט זי אויס אף באנק מיטן פּאָנעם צו דער וואַנט)

כאַסקל:

(קומט אַרייַן פון דרויסן גייט צו צום אויוון, זוכט)

רעב פּאָרעש, רעב פּאָרעש!
ווו איז דער פּאָרעש?

הינקעדיקער:

געשטאָרבן דער פּאָרעש,
באַגראָבן דער פּאָרעש.

כאַסקל:

דאָך ערשט אים דאָ געטראָפן?

לעץ:

איז ער אוואדע, דער פּאָרעש, אנטלאָפן,
געשפּרונגען דורך צוימען און כורוועס פון מויערן,
און עפשער גאָר איז ער געשטאָרבן,
און עפשער נאָך גאָרניט געבוירן, —



עס האט זיך זייַן מוטער אין גסיסע
געצאַפּלט
און הינטער א פּלויט א פאַרפוילטן
געמאַפּלט
א פּאָרעש.
געמאַפּלט, פאַרצאַפּלט א פּאָרעש!

כאַסקל:

(דערזעט ראָכלען אין די טאַכריכים)

דער בערשטער!
דאָס איז ער!
איר ווילט אים באַהאַלטן אין הייליקער קלויז?
ער וועט פון מייַנע הענט מער ניט ארויס!

(גייט צו צו ראָכלען)

ביסטו טויט —
אין קייווער גיי,
און איך זאָל זען דו ווערסט פאַרשיט.
ביסטו ניט,
קום און ווער געהאנגען,
ווי ס׳האט געראַכטיקייַט באַשטימט!

(טרייסלט זי און קערט אום איר פּאָנעם. דערזעט ראָכלען. א רעגע בלייַבט ער אָן לאָשן)

ראָכל!
טויט?
וואָס?!

(וואַרפט זיך צום לעץ)

דו!
דאָס האָסט דו
מיט דייַן קישעף מיר געראַבט

מײַן שײַן, מײַן קרוין.
כ׳וועל באַצאָלן דיר דײַן לוין!

ל ע ק:

(גייט צו נאָענט צו כאַסקלען, גרימפּלט אים אין פּאָנעם אַרײַן)

לאַ־לאַ, לאַ־לאַ, איך בין דער לעק,
און גרימפּל מײַנע טענער.
איך ביל מיט הינט און וויין מיט קעץ
און קריי אַף טאָג מיט הענער.
איך קריי מיט האָן
פון שטײַג אין וועלט,
אין אַלע עקן
פון דער וועלט —
קוקע־ריקו,
קוקע־ריקו!

ס אָ ר ה אָ נ ג.

מאָסקווע, אָקטיאַבער־נאָיאַבער 1922



# בריליאַנטן

## קאמעדיע
## אין 4 אקטן

אופגעפירט צום ערשטן מאָל אין ראַטנפאַרבאַנד דורכן מאָסקווער ייִדישן מעלוכע-טעאַטער דעם 8-טן יוני 1926 ווי א מוזיקאַלע קאָמעדיע („137 קינדערהײַזער").

רעזשי: א. גראַנאָווסקי.

מוזיק: א. קריין.

קינסטלער: נאַטאַן אַלטמאַן.

אין ניו-יאָרק — דורכן טעאַטער „אַרטעף" דעם 20-טן נאָיאַבער 1930.

רעזשי: ב. שניידער.

מוזיק: מ. געלבאַרט.

קינסטלער: מ. ציפּאָרין.

אַרויסגעגעבן צום ערשטן מאָל אין בוכפאָרם אין פאַרלאַג „שול און בוך", מאָסקווע, 1928, אונטערן נאָמען „אַף דער גרענעץ".



## עס שפּילן:

שינדל — א פּאַנעם פון אומבאַשטימטן עלטער. צווישן 35 און 50.

שוואַרצער — זיין געהילף. אינגאַנצן שוואַרץ, באַוואַקסן ווי א ציגײַנער.

פרוי סעגאַל — א יאָר 40. א געזונטע, גוט-קאָנסערווירטע פּוילישע ייִדענע.

פריידקע — איר טאָכטער.

גערשן — א גרײַזגרויער מיט א ווײַסער לאַנגער באָרד.

סראָלקע — שטאָט-מעשוגענער.

לעווין.

טשעקיסטן, באַלעבאַטים, באַלעבאָסטעס, ייִדן, ייִדענעס.

אָרט: א ייִדיש שטעטל אַף דער גרענעץ.

צײַט: ווינטער 1920 — 1921.

אין דער דירע פון פרוי סעגאַל. אַן אַלטמאָדיש ייִדיש - באַלעבאַטישע שטוב. צווישן פאַרעלטערטן מעבל — אַ בײַכיקע סאָפע. פֿירן רעכטס און לינקס — אין דרויסן ארויס, אין פרוי סעגאַלס כיידער אַרײַן און אין גערשנס כיידער.

באַם טיש זיצט שינדל, אַרום איר שטייען: גערשן, פרוי סעגאַל און צוויי באַלעבאַטים.

שינדל:

(מיט קאַס צו גערשענען) אײַערע דאָקומענטן! באַווײַזט מיר אײַערע דאָקומענטן! איר פאַרשטייט, צי ניין? אַז איר שטעלט זיך אַוועק פאַר מיר, אַ פאַראַנטוואָרטלעכן טוער אין צענטער, מיט קאָנטר - רעוואָלוציאָנערע רייד, בין איך מעכוייעוו פרעגן דאָקומענטן. און אויב איך לייג אַף אײַך די האַנט און זאָג: טשעקאַ!

(אומרויִקער טומל צווישן די אָנוועזנדיקע)

גערשן:

לייגט די האַנט, זאָגט טשעקאַ. מע וועט בײַ מיר שוין גאָרניט נעמען. אַלץ בײַ מיר שוין צוגענומען. די נעשאָמע אַפילע.

שינדל:

עס מוז דאָ קײַן טשעקאַ ניט זײַן. פאַראַן אַזעלכע?

גערשן:

ווי מיינט איר, ייִדן, איז פאַראַן?

ערשטער ייִד:

פאַראַן, פאַראַן!

צווייטער ייִד:

נאָך ווי פאַראַן!

שינדל:

מע דאַרף א קוק טאָן, וואס זי טוט דאָ, די טשעקאַ?

גערשן:

ווי מיינט איר, ייִרן, זי טוט?

ערשטער ייִד:

זי טוט, זי טוט!

צווייטער ייִד:

אַלץ הייסט געטאָן!

ערשטער ייִד:

טויזנט אויגן האָט טשעקאַ, טויזנט אויערן האָט טשעקא. גיסט א דריי — דערזעט טשעקא, האָסט א סאָד — דערהערט טשעקא! האַנדל ניט און וואנדל ניט און שאַכער ניט און מאַכער ניט...

צווייטער ייִד:

סאַכאַרין דערפילט טשעקא, קאקאַין דערשמעקט טשעקא! גרויסע פיס און לאנגע הענט און זיי דערגרייכן אומע טום..

גערשן:

איר מעגט זײַן רויִק — זי ארבעט, די טשעקא... קומט אריַין צו מיר אין צימער. איבער דער וואַנט איז א קלויז פאראן, טאנצן מײַז ארום אין אָרנקוידעש.

שינדל:

(אופגערעגט) מיר איז נאָר א ראַכמאָנעס אײַער גרויע באָרד. אז ניט, וואָלט איך אײַך באוויזן!

(צווישן די אָנוועזנדיקע ווערט געדעדט מיט שרעק און היטפּײַלעס: זיין גרויע באָרד איז אים א ראכמאָנעס)

פרוי סעגאַל:

איר דארפט אים ניט פאריבל נעמען. ניט פון נאכעס רעדט ער דאָס. צאָרעס מאכן ריידן פון וועג, ניט געדאכט זאָל עס זײַן. דאָ ווייסן אים שוין אלע מיט זײַנע רייד...

שינדל:

איז וואס, אז מע ווייס? מיר אין צענטער מאכן מיט אזעלכע איינס און צוויי! איינס און צוויי, ווי כאַווער לעניִן זאָגט.



גערשן:

כאַווער לענין איז א גוי, זאָל ער זאָגן, וואָס ער וויל, און איר זײַט א ייִד.

שינדל:

(קאָכט זיך, קלאַפּט אין טיש) געגנוג! איך זאָג אײַך, גענוג! כאווער לענין איז א גוי! — איר פארשטייט, צי ניין?

(אין דער צײַט פון זײַן קאָכן זיך, רוקן זיך די אָנוועזנדיקע דערשראָקן ארויס עס בלײַבן איבער נאָר דער שווארצער און שינדל)

שוואָרצער:

זיי האָבן זיך איבערגעשראָקן אף טויט. כ׳לעבן, כ׳האב אליין זיך איבערגעשראָקן.

שינדל:

איר האָט א פאַסקודנע טעווע. רעדט און רעדט ווי א ייִדענע. איר זאָלט ווייניקער ריידן. איר הערט?

שוואַרצער:

איך הער, רעב שינדל.

שינדל:

איך הער, רעב שינדל! וואָס פאר א רעב בין איך אײַך, פאַנאַטיקער? כאַווער שינדל! כ׳האָב אײַך טויזנט מאָל געזאָגט: כאַווער שינדל!

שוואָרצער:

איך הער, כאַווער שינדל.

שינדל:

(קרימט אים נאָך) איך הער, כאַווער שינדל... וואָס הערט איר, וואָס? איך דאַרף באַזאָרגן פאַרן נאַרקאָמפּראָס שפּײַז פאַר הונדערט זיבנונדרײַסיק קינדערהײַזער אין סאמאַרער גובערניע און ווײַטער גאָרניט. איר פאַרשטייט, צי ניין?

שוואַרצער:

און ווײַטער גאָרניט.

שינדל:

און ווײַטער גאָרניט! די ספילן ווו האָט איר?

שוואַרצער:

(ווײַזט אױף דעם בוזעם־טאַש) אָט דאָ.

שינדל:

— היט זיי!

שוואַרצער:

זאָרגט ניט, רעב... (פאַרכאַפּט זיך) כּאַוּוער שינדל.

שינדל:

טפו!

(גייט ארויס. ס'קומט אריין פרוי סעגאל)

פרוי סעגאַל:

אוועקגעגאַנגען פאַניע שינדל?

שוואַרצער:

כּאַוּוער שינדל!

פרוי סעגאַל:

אַוועקגעגאַנגען כּאַוּוער שינדל?

שוואַרצער:

אַוועקגעגאַנגען.

פרוי סעגאל:

ער רעכנט לאַנג נאָך דאָ פאַרבלײַבן, כּאַוּוער שינדל?

שווארצער:

ער דאַרף באַזאָרגן שפּײַז פאַר הונדערט זיבנונדרײַסיק קינדערהײַזער אין סאַמארער גובערניע און ווײַטער גאָר־ניט. איר פאַרשטייט, צי ניין? און ווײַטער גאָרניט.

(עס קומט אריין סראָלקע)

סראָלקע:

מע זאָגט, אַז דאָ באַ אײַך וווינט דער גרויסער יידישער טאָוואַרישטש פון מאָסקווע, וויל איך אים אָנקוקן. (דערזעט דעם שוואַרצן און צעלאַכט זיך) דאָס זײַט איר דער גרויסער טאָוואַ־רישטש?



פרוי סעגאָל:

זײַ רויק, סראָלקע. (צום שוואַרצן) האָט ניט קיין פאַריבל — ער איז א צעדרייטער, ניט געדאַכט זאָל דאָס זײַן.

סראָלקע:

צוואַנציק יאָר געווען שטאָט־מעשוגענער!

שוואַרצער:

דער — א מעשוגענער? מע זעט ער ניט אָן אים.

סראָלקע:

דאָס בין איך איצט אזוי. איר דאַרפט מיך זען אין סאַמעז. אָט ווי איך בין דעמאָלט! (מאַכט מעשוגענע גרימאַסן מיט די הענט און פּאָנעם)

פרוי סעגאַל:

דאָס איז ניט כּאַוּוער שינדל. א געהילף איז דאָס. (צום שוואַרצן) אַ האַרץ א גוטעס באַ דעם כּאַוּוער שינדל. נאָר ווען ער קומט אין קאַעס אריין, איז ניט געדאַכט זאָל דאָס זײַן.

שוואַרצער:

אָהאָ, אז כּאַוּוער שינדל קומט אין קאַעס אריין! ער ווייסט ניט קיין ראַכמאָנעס: אײַערע דאָקומענטן! אײַערע דאָקומענטן!

סראָלקע:

(מאַכט נאָך) אײַערע דאָקומענטן!

פרוי סעגאַל:

נאָר ער האָט א יידיש האַרץ, דער כּאַוּוער שינדל. ס'איז שיין פון אים, וואָס ער נעמט צו א ייד אזאַ ווי איר פאַר א געהילף.

סראָלקע:

עפּשער וועט ער מיך אויך צונעמען אף א „סלוזשבע“? כ'וואָלט געוואָלט זיין א מיליציאָנער. א היטל האָב איך. (שלעפּט ארויס פון טאַש א מיליציאָנעריש היטל, טוט עס אָן) אײַערע דאָקומענטן!

פרוי סעגאַל:

מאַך ניט קיין מעשוגענע שטיק, סראָלקע. (צום שוואַרצן) ער האָט א ווײַב, דער כּאַוּוער שינדל, קינדער?



4. א. חעוויאָרקע 1433.

שוואַרצער:

הונדערט זיבנונדרײַסיק קינדערהײַזער האָט ער אין סאַמאַרער גובערניע און ווײַטער גאָר ניט.

(ס'קומען אַרײַן צוויי ייִדן)

ערשטער ייִד:

ווינט ער דאָ בײַ אײַך,— פון מאָסקווע דער קאָמיסאַר דער גרויסער?

צווייטער ייִד:

מע זאָגט, א ייִד; א מענטש אַן אייגענער.

פרוי סעגאַל:

דאָ ווינט דער כאַוועד שינדל.

ערשטער ייִד:

טאַקע עמעס? — ער איז געקומען ווען, וואָס מע האָט פון אונדז געמאַכט.

צווייטער ייִד:

איז וואָס? ער וועט געבן אונדז צוריק די קראָמען?

פרוי סעגאַל:

מאַלע וואָס מע זאָגט... ער איז געקומען גאָר פאַר קינדערהײַזער.

ערשטער ייִד:

וואָס האָט איר מוירע, וואָס? ס'וועט פאַר אײַך ניט קלעקן? וואָס באַהאַלט איר, וואָס?

צווייטער ייִד:

א ייִדענע... וואָס האט איר מוירע, וואָס? און וואָס ווינט ער עפּעס גאָר בײַ אײַך?

פרוי סעגאַל:

ער ווינט בײַ אונדז, דער כאַוועד שינדל, ווײַל די דירע איז א גרויסע... ווײַל ס'געפעלט אים דאָ צו ווינען... ווײַל ער וויל אזוי...

ערשטער ייִד:

ניטאָ אין שטאָט קיין שענערע באַלעבאַטים?



צווייטער ייִד:

וואָס האָט איר מוירע, וואָס? וואָס פאַרגינט איר ניט קיין שטאָט?

פרוי סעגאַל:

וואָס האט איר צוגעטשעפּעט זיך! ניט געדאַכט זאָל דאס זײַן! רעדט מיט אים אליין, ער וועט אײַך זאָגן. ער איז א מענטש א פּאָשעטער און א האַרץ א ייִדישס. און אָט איז זײַן געהילף.— פרעגט אים.

שוואַרצער:

מיר דאַרפן באַזאָרגן שפּײַז פאַר הונדערט זיבנונדרײַסיק קינדערהײַזער און ווײַטער גאָרניט.

צווייטער ייִד:

און וועגן די קראָמען?

שוואַרצער:

וועגן וועלכע קראָמען?

ערשטער ייִד:

וועלכע קראָמען? איר ווייסט ניט וועלכע? א שטאָט מיט קראָמען איז אונדזער שטאָט געווען. ווו א ייִד א קראָם. הערינג און טשוועקעס און לעדער און אייל און וואָס אירווילט. קומט, זײַט מויכל, ארויס מיט מיר, וועל איך אײַך באַווײַזן אונדזערע קראָמען. יעדע קראָם איז מיט א ברעט פאַרקלאַפּט, ווי אַן אָרן פון א מעס. קומט, קומט וועט איר כאָטש וויסן, וואָס מע האָט פון א ייִדישער שטאָט געמאַכט!

(אלע גייען ארויס אכוץ פרוי סעגאל. עס קומט אריין פריידקע)

פרוי סעגאַל:

(איראָניש־בייז) געקומען?

פריידקע:

געקומען.

פרוי סעגאַל:

וואָס מאַכט דײַן בערשטער־יונג?

פריידקע:

אַלדאָסגוטס.

פרוי סעגאל:

מע זאָגט, ער האט געשניטן קעפּ, דײַן בערשטער־יונג?

פריידקע:

אז ס׳וועט זיין נויטיק, וועט ער ווײַטער שנײַדן.

פרוי סעגאל:

מעשוגע נעבעך, ניט געדאכט זאָל דאָס זײַן! ווילסט א באָלשעוויק, מיילע, זאָל זײַן א באָלשעוויק — אז דאָ איז דאָס א סכוירע; אָבער אָט אַזעלכן? איך פאַרשטיי נאָך אזא ווי אט דער כאַווער, דער שינדל. א מענטש מיט א פּאַרנעס, א פאַראַנטוואָרטלעכער צענטער... הונדערט זיבנונדרײַסיק קינדערהײַזער — א נאַטשאַלניק! אָבער דער איז דאָך א בערשטער־יונג! וואָס ווערסטו בא אים דערלעבן? — ברויט און הערינג! ניט געדאַכט זאָל דאָס זײַן!

פריידקע:

(לאַכט) ביסט א בורזשויקע, מאַמע, ניט געדאַכט זאָל עס זײַן... האָב ניט קײַן מוירע, דער בערשטער־יונג איז שוין דער עמעסער יאַט! האַלעוויי אַסאַך אזעלכע. ווייסט, מאַמע, איך ווער אויך א בערשטער.

פרוי סעגאל:

ניט געדאַכט זאָל עס זײַן!

פריידקע:

(כאַפּט די מוטער, דרייט זיך מיט איר אין א רעדל)

איך א בערשטער, ער אַ בערשטער, אוי, אוי, מיר וועלן בערשטן...

פרוי סעגאל:

(רייסט זיך ארויס פֿון איר)

מעשוגע נעבעך, ניט געדאכט זאָל עס זײַן. נו, פרעג דעם פאַראַנטוואָרטלעכן כאַווער, דעם שינדל!

פריידקע:

וואָס זאָל איך אים פרעגן?

פרוי סעגאל:

ער האָט מיר אליין הײַנט געזאָגט, אז פאר דיר איז דאָ קײַן אָרט ניט.



פריידקע:

נו, לאָמיר עפּשער צוריק קײַן פּוילן?

פרוי סעגאל:

האַלעווײַ וואָלט מען געקענט. אַזוי פיל האָב־און גוטס געלאָזט דאָרט.

פריידקע:

מיר וועלן נאָך קענען, מאַמע, מיר וועלן קענען...

פרוי סעגאל:

אַזוי פיל האָב־און גוטס געלאָזט...

פריידקע:

(כאַפּט די מאַמע אין א רעדל)

האָב־און גוטס און גוטס־און האָב, האט דער פאַן א ווײַסע ראָב, האָט אַ ווײַסע ראָב דער פאַן, איז א באָלשעוויק מײַן מאַן...

פרוי סעגאל:

(רײַסט זיך ארויס פון פריידקען) — א שיגאָען, ניט געדאכט זאָל עס זײַן!

(גייט ארויס. עס קומט ארײַן שינדל)

שינדל:

אך, פראָווינץ, פראָווינץ! מיר אין צענטער ווייסן גאָרניט, וואָס דאָ טוט זיך. נו, פריידקע, פאָרט איר מיט מיר קײַן מאָסקווע?

פריידקע:

אין מאָסקווע א פּאָר טאָג וואָלט איך גראָד געהאַט כיישעק. נאָר דערווײַל קומט אויס צו בלײַבן דאָ.

שינדל:

וואָס וועט איר דערלעבן דאָ אין העק? — מאָסקווע! קומט אין מאָסקווע! א פאַראַנטוואָרטלעכע שטעלע באַקומט איר דאָרט פון מיר. מיר האָבן נייטיק יונגע קויכעס. איר האָט דאָ אַ באָכער, דוכט זיך, דער... דער... לעווין... די מאַמע האָט מיר געזאָגט... ניט קעדײַ, פריידקע! דאָס איז אלטמאָדיש, בלײַבן פארשטעקט אין דער פראָווינץ צו־

ליב א באָכער. אין מאָסקווע א מיידל אזא ווי איר — די ערשטע שטעלע וועט איר דאָרט באַקומען. — אין נאַרקאָמ־פּראָד, אין נאַרקאָמפּראָס אדער גאָר אין דער טשעקא. איך מיין, אזא ווי איר וואָלט געדאַרפט דינען אין טשעקא. א שיין מיידל קאָן לײַכטער אמאָל ארויסבאקומען א סאָד. איר פארשטייט, צי ניין, טשעקא האט אזעלכע נייטיק.

**פרײדקע:**

טשעקאַ איז אן אינטערעסאַנטער אנשטאַלט. איך האָב שוין געטראַכט וועגן ארבעט אין טשעקא.

**שינדל:**

מאָסקווער טשעקאַ!

**פרײדקע:**

לענינען האָט איר געזעען? און קאַלינינען? ריידן האָט איר זיי געהערט?

**שינדל:**

צי כ'האב זיי געזעען? צי כ'האב געהערט? ניט קײַן שלעכטע שײַלע! — ווען איך וויל און ווען די צײַט דערלויבט. ס'שטייט זיך אפן טיש אן אַפּאַראַטל (מאכט די באוועגונגען פון א טעלעפאן - געשפרעך) קרעמל... לענינס קאַבינעט... אַלאָ, איליטש! פאָרט מיט מיר קײַן מאָסקווע, וועט איר זיי אויך זעען... (גייט פלוצלינג איבער אין עקסטאז) פריידקע! פריידקע! פאַראַנטוואָרטלעכע אַרבעטער, מיינט איר, האָבן ניט מענטשלעכע זינדיקע הערצער? ליבן ניט ווי געוויינ־לעכע מענטשן? פאַרקערט, מיר ליבן נאָך מיט מערער ברען... רעוואָליוציאָנער! פריידקע! ווי נאָר איך האָב אײַך דערזעען, האָב איך אייך ליב באַקומען... איר פאַר־שטייט, צי ניין? אין האַרצן ברענט... א בירגער־קריג... אײַערע שוואַרצע אויגן... אײַערע רויטע ליפּן... אוי, פריידקע, פריידקע, פאָרט מיט מיר קיין מאָסקווע. זאָלן בלײַבן דאָ די אלטע, די בורזשואזיע, מיר, די יוגנט (מאכט א באוועגונג ווי ארומצונעמען זי. זי רוקט זיך אָפּ) — קײַן מאָסקווע!.. אפן רויטן פלאַץ, ווען ס'שײַנט די לעוואָנע איבערן קרעמל...



(ער האָט אָפּ צוליב פרוי סעגאל, וועלכע קומט ארײַן מיט א סאַמאָוואַר. אין דער זעלבער צײַט קומען ארײַן פון דרויסן דער שוואַרצער און צווייטער ייד).

**פרוי סעגאל:**

די יידן פרעגן זיך אף אייך, כאַווער שינדל.

**שינדל:**

די יידן פרעגן זיך אף מיר? מעהייכעטייסע. קווידעמקאָל, דאַרף מען טרינקען טיי א גלעזל. (ער זעצט זיך צום טיש. עס קומט ארײַן גערשן).

**גערשן:**

ווער האָט פון אײַך א שוועבעלע? באַ מיר אין צימער איז קײַן לאָמפּ ניט אָנגעצונדן, און ס'איז א שרעק צו זיצן דאָרט.

**שינדל:**

איר האָט מורע פאר דער פינצטערניש? איר זאָגט דאָך, אז איר שרעקט זיך ניט אפילע פאר טשעקאַ.

**גערשן:**

ס'איז א שרעק צו הערן אינדערפינצטערניש, ווי איבערן ווענטל, אינעם קלויז, וויינען די סייפערטוירעס. זיי פוסטע־ווען און שטייען וויסט; מײַז גריזשען זיי, וויינען זיי און קיינער הערט זיי ניט.

**ערשטער ייד:**

איר הערט אליין מיט אײַערע אויערן, ווי זיי וויינען, רעב גערשן?

**גערשן:**

צי כ'הער אליין מיט מײַנע אויערן? איך קאָן גאַנצע נעכט ניט שלאָפן... זיי יאָמערן אין וויסטן קלויז, און ארום זיי טאַנצן מײַז. דאָ באַ אונדז איז קײַן גאָט ניט מער פאראַן.

**צווייטער ייד:**

רעדט ניט פון וועג, רעב גערשן.

**גערשן:**

(צו שינדלען). איר מעגט זיך פרייען. דאָס האָט אײַער טשעקאַ פאַרטריבן אים, אין די זומפּן פאַרטריבן. נאַקעט אויסגע־

טאָן אים און פארטריבן... און עפשער האָט זי אים צום וועגטל צוגעשטעלט און דערשאָסן—פאַר קאָנטר־רעוואָליר־ציע, פאר קאָנטראַבאנדע, פאר ספעקוליאַציע, צי פאר אַנדערע ייִדישע פּאַרנאָסעס...

פרוי סעגאל:

(צו שינדלען). איר דאַרפט אים ניט פאריבל נעמען, ניט פון נאַכעס רעדט ער דאָס. צאָרעס מאכן ריידן פון וועג, ניט געדאכט זאָל דאָס זיין.

שינדל:

דאָס איז פאנאטיזם, ניט קיין צאָרעס... די בורזשואזיע איז שטענדיק פאַנאטיש! און מיר, אין צענטער, און אפילע פאַראנטוואָרטלעכע טוער האָבן דען ניט קיין צאָרעס?.

(צו גערשענען) נו, מיילע... כ׳בין אייך איצטער מויכל. זעצט זיך צו און טרינקט מיט אונדז טיי.

פרוי סעגאל:

(צו איינעם פון די ייִדן) א גוט הארץ בּאַ כאווער שינדל.

שינדל:

(נעמט זיך צום טיי) צוקער האָט איר דאָ גענוג? אין מאָסקווע האָב איך א מאסע צוקער... פאיאָקן אָן א שיר... סאָוו־נארקאָמישן, אקאדעמישן און נארקאָמפראָד און נארקאָמפראָס. און אלץ פאראנטוואָרטלעכע! פון אלע זײַטן צוקער, צוקער, צוקער...

(אינמיטן זײַן ריידן קומט אריין לעווין. קיינער באמערקט ניט זיין אריינקומען אבוך פריידקע, וועלכע איילט צו אים. זיי ריידן צווישן זיך שטיל און הערן זיך צו צו שינדלען. דער לעצטער באמערקט גאָרניט אין רעדט ווײַטער)

דאָסזעלבע איז מיט זאלץ... אקאדעמישער פאיאָק— זאלץ, סאָוונארקאָמישער פאיאָק— זאלץ, נארקאָמפראָס גיט זאלץ, נארקאמפראָד גיט זאַלץ, און ניט קײַן פונט צי צוויי— איר פארשטייט, צי ניין? מע קאָן ניט לאָזן קײַן פאראנטוואָרט־לעכע טוער אָן זאלץ, פאראנטוואָרטלעכע טוער און קינדער...

(פריידקע מיט לעווינען גייען צו צום טיש. פריידיקע באקאנט זיי).



פריידקע:

כאווער שינדל, פאראנטוואָרטלעכער טוער אין צענטער... כאווער לעווין.

שינדל:

(באקוקט לעווינען פון קאָפּ ביז די פיס, גיט אים די האנט) זיצט, כאַווער

לעווין:

ווי איך הער, זאלצט מען אייך ריכטיק אָן אין מאָסקווע.

שינדל:

איר דארפט אזוי ניט ריידן, איר, אן ארבעטער, דוכט זיך... אין מאָסקווע אן ארבעטער...

לעווין:

און וואָס טוט איר דאָ אין דער פראָווינץ? און דערצו אין. א פארוואָרפענער שטאָט, אזש בא דער סאמע גרענעץ?

שינדל:

מיר זײַנען ניט מעכוּיעוו יעדן איינעם זאָגן וואָס מיר טוען... ס׳וואָלט אוועק א שיינע אַרבעט, ווען מיר זאָלן יעדן איינעם דערציילן... איר פארשטייט, צי ניין?

לעווין:

איך פארשטיי, געוויס פארשטיי איך. נו, וואָס טוט איר, אויב מע פרעגט אייך אף ערנסט: ווער זײַט איר און וואָס טוט איר דאָ?

שינדל:

און איר, ווער זײַט איר דען צו פרעגן? באַווײַזט מיר ווער איר זײַט?

לעווין:

איך? (באווײַזט זײַנע הענט) אזוי זיך, אן ארבעטער. איז דאָס אייך ניט גענוג?

שינדל:

אן ארבעטער? גענוג. א פראָלעטאריער,— אדעראבע...

לעווין:

נו, און ווער זײַט איר? באַווײַזט.

שינדל:

כ'זאָל אייך ווײַזן ווער איך בין? (שמייכלט גרויסמוטיק און גלײַכצײַטיק דערשראָקן. נעמט זיך צו דעם בוזעם-טאַש).

לעווין:

ניין, ניט פּאַפּירלעך...

שינדל:

(אין פאַרלעגנהייט) איר האָט, כאַווער, אויסגעטראַכט א נײַע פאָרם דאָקומענטן?

לעווין:

איך פרעג אייך ניט דאָקומענטן. דאָס איז ניט מײַן זאַך. איך פרעג אַזוי זיך. אז א מענטש, וואָס מע פאַרהאָגלט אין מאָסקווע מיט צוקער און מיט זאַלץ, קומט אהער אין אַזאַ שטעטל, ניטווײַט פון גרענעץ, בין איך נײַגעריק.

שינדל:

דער פּראָלעטאַריאַט טאָר הײַנט ניט זײַן נײַגעריק, כאַווער! דער פּראָלעטאַריאַט, איר פאַרשטייט, צי ניין? דער פּראָלעטאַריאַט האָט הײַנט גאָר אַנדערע אויפגאַבן...

לעווין:

וועלכע אויפגאַבן?

שינדל:

לייענט כאַווער לענינס לעצטן אַרטיקל. איך זע, איר לייענט דאָ ווייניק.

לעווין:

כאַווער לענינס לעצטן אַרטיקל האָב איך געלייענט, נאָר איך האָב דאָרט ניט געפונען, צוליב וואָס איר זײַט דאָ אהער געקומען.

שינדל:

צו וואָס דאַרפט איר דאָס וויסן?

לעווין:

מיט א וואָך פינף צוריק קומט אהער צו פאָרן א מענטש, דרייט זיך אַרום דאָ אין שטאָט. ער איז, זאָגט ער, א ספּעץ.



שינדל:

גלײַכט איר מיך צו א ספּעץ?

לעווין:

רײַסט ניט איבער. א ספּעץ אף אויספּאָרשן בלאָטעס, און דאָ איז גראָד דער מין פאַראַן אַ סאַך. א מענטש, ווײַזט אויס, א לאָיאַלער. מיט ספּעקולאַציע האָט ער קײן שײַכעס ניט, פּאָליטיק אינטערעסירט אים ניט.

שינדל:

גלײַכט איר מיך צו א מענטש, וואָס פּאָליטיק אינטערעסירט אים ניט?

לעווין:

רײַסט ניט איבער... איז ער דאָ אָפּגעווען עטלעכע טעג. געקראָכן אין בלאָטע, נאָר צום סוף האָט זיך אויסגעלאָזט, אז ער האָט דאָ אָפּגעקויפט עטלעכע טויזנט טעשלעך אויסלענדישע קאָרטן און עטלעכע פּוילישע פּעסער. מיט א וואָך דרײַ צוריק קומט אהער אַ געוועזענער קאַזיאָנער ראָוו —

שינדל:

צו א קאַזיאָנעם ראָוו גלײַכט איר מיך? דאָס איז ניט דערלאָזבאַר קעגן...—

לעווין:

רײַסט ניט איבער, זאָגט מען אייך! האָט זיך אויסגעלאָזט, דערדאָזיקער קאַזיאָנער ראָוו האָט דאָ אָפּגעקויפט קאָרטעטן אויסלענדישע און נאָך עפּעס.

שינדל:

קאָרטעטן... מיר זאָגט איר וועגן קאָרטעטן?

לעווין:

איר דאַרפט ניט זײַן אינקאַעס. אַ גרענעץ-שטאָט, מע זעט א נײַעם מענטשן, ווילט זיך וויכן, וואָס ער זוכט דאָ.

שינדל:

וואָס איך זוך דאָ? הונדערט זיבנונדרײַסיק קינדערהײַזער הונגערן... מע מוז באַזאָרגן זיי מיט שפּײַז... רוסיש קאָנט איר לייענען? (לייגט אַרויס פּאַפּירלעך) מע מוז באַ פּוי-

ערים קויפֿן ברויט? איך וועל זיי געבן, וואָס זיי ווילן, — געלט און זאַלץ און צוקער. וואָס זיי ווילן, אַבי די קינדער ראַטעווען. איר פֿאַרשטייט, צי ניין?

לעווין:

הונדערט זיבנונדרײַסיק קינדערהײַזער? — פֿײַן. דאָס איז אַ פֿײַנע אַרבעט. מיר שיקן זיך דאָ מיט צווײ קינדערהײַזער.

שינדל:

(אויסגעלעבט) וואָס דען מיינט איר, מיר שלאָפֿן? אין צענטער שלאָפֿט מען ניט. האָט איר דאָ אײַנגאַנצן צוויי קינדערהײַזער.

לעווין:

און איינס פֿון זיי האָט קײַן דירה ניט. מיר טראַכטן פֿאַר־נעמען די קלויז דאָ דערנעבן, אויב זי וועט זיך פּאַסן.

ערשטער ייִד:

די קלויז נאָך ווילט זיך זיי. פֿון איין קלויז אַ קלוב געמאַכט, איז זיי ווייניק.

גערשן:

נעמט די קלויז. מאַכט אַ קינדערהויז. זי פּוסטעוועט סײַווי־סײַ. בײַ אונדז איז קײַן גאָט ניט מער פֿאַראַן.

צווייטער ייִד:

רעדט ניט פֿונעם וועג, רעב גערשן.

גערשן:

זאָל זײַן אַ קינדערהויז, וועל איך ניט הערן באַנאַכט די סייפּערטוירעס יאָמערן.

שינדל:

אַזוי... שטיקט איר זיך דאָ מיט צווײ קינדערהײַזער... איר זײַט אַ בילדונגטוער, כאַווער?

לעווין:

נו... אַ בילדונגטוער.

שינדל:

און אין צענטער האָט איר זיך געווענדט נאָך הילף? אין צענטער טוען מיר אַסאַך פֿאַר קינדערהײַזער. שרײַבט אין צענטער. איך וועל זען, איר זאָלט באַקומען שטיצע.



פֿרײדקע:

באַם כאַווער שינדל איז דאָס אַ קלייניקייַט. בײַ אים שטייט אױפֿן טיש אַן אַפּאַראַטל... קרעמל... לענינס קאַבינעט, און ס'איז פֿאַרטיק.

לעווין:

(נעמט זיך גיין) ס'איז גוט, וואָס איר זאָגט אונדז צו אײַער הילף. זײַט ניט אינקאַעס. אין אַ גרענעץ־שטאָט איז מען נײַגעריק. אַ גוטע נאַכט.

שינדל:

אַ גוטע נאַכט, כאַווער, איך בין קיינמאָל ניט אינקאַעס אױף אַ פּראָלעטאַריער. (לעווין גייט אַרויס, נאָך אים פֿריידקע)

שינדל:

פּראָווינץ! אַזאַ פּראָלעטאַריער קאָן מען נאָר געפֿינען אין דער פּראָווינץ. וואָלט ער ניט געווען קיין אַרבעטער, וואָלט איך אים פֿריִער אױף דער שטעל פֿאַרהאַלטן. נאָר ער וועט סײַווי דאָס זײַניקע באַקומען. אַזעלכן טאָר מען ניט לאָזן אױף בילדונג־אַרבעט. ווי הייסט ער, ווי?

פֿרוי סעגאַל:

לעווין.

שינדל:

(נעמט אַרויס דאָס נאָטיצביכל, פֿאַרצייכנט) נאָמען, פֿאָטערס נאָמען.

פֿרוי סעגאַל:

בערל, דוכט זיך. מערער ווייס איך ניט.

שינדל:

גוט, ס'איז גענוג. ער וועט דאָס זײַניקע באַקומען. אַ שאָד, מע קאָן פֿון דאָ ניט ריידן טעלעפֿאָניש מיט מאָסקווע. איך זאָל אים באַווײַזן דאָקומענטן, איך זאָל אים זאָגן, וואָס איך זוך דאָ. איר פֿאַרשטייט, צי ניין?

שוואַרצער:

(גייט צו שינדלען) כאַווער שינדל.

שינדל:

רײַסט ניט איבער. איך וועל גלײַך אַ טעלעגראַמע שיקן

אין נאַרקאָמפּראָס, דעם כאַוועך לונאַטשאַרסקי טאָקע גופא.

שוואַרצער:

כאַוועך שינדל.

שינדל:

רייַסט ניט איבער! זאָל טאַקע אַנאַטאָלי וואַסיליעוויטש זעען, וואָס עס איז פּראָווינץ.

שוואַרצער:

כאַוועך שינדל, כ'דאַרף אייַך נייטיק עפּעס זאָגן.

שינדל:

רייַסט ניט איבער, זאָגט מען אייַך! און א צעטעלע אין ווע־טשעקאַ...

שוואַרצער:

כאַוועך שינדל, די טפילן...

שינדל:

(דערשראָקן) וואָס?

שוואַרצער:

(זאָגט אים עפּעס אין אויער)

שינדל:

(געפּלעפט) גאַזלען? (כאַפּט זיך פאַרן האַרץ) גייט ארויס! אלע גייט ארויס!

(דער עולם רוקט זיך ארויס דערשראָקענע. עס בלייַבן נאָר שינדל און דער שוואַרצער)

גאַזלען, וואָס האָט איר געטאָן?

שוואַרצער:

פריער... ווען דער יונג האָט זיך געהייסן ווייַזן, ווער איר זייַט—האָב איך געמיינט, עס איז א סאָף. איך האָב געמיינט, עס איז טשעקאַ... ער וועט באַזוכן, נישטערן. בין איך צו צום פענצטער, ארויסגעוואָרפן.

שינדל:

געוואַלד! געקוילעט... איר האָט געקוילעט, אָפּגעקוילעט... אָפּגעקוילעט... וווּ האָט איר געוואָרפן?



שוואַרצער:

(ווייַזט אפן פענצטער)— אָט, דורכן ליפטל.

שינדל:

וואָס שווייַגט איר, גאַזלען? עפשער ליגן זיי נאָך אונטן?

(לויפט ארויס. דער שוואַרצער קוקט זיך פאַרזיכטיק ארום. שטעקט אריין די האַנט אין איין הויזן־טאַש, נעמט ארויס פינדאָרט א שעלראָש, לייגט אריין די האַנט אין צווייטן הויזן־טאַש, נעמט ארויס א שעליאר. גייט מיט זיי א טענצל, און פאַרוקט זיי צוריק אין טאַש. שינדל קומט צוריק)

שוואַרצער:

נו, זיי ליגן?

שינדל:

(זעצט זיך אוועק, א רעגע ענט־ערט ער גאָרניט) געקוילעט... אָפּ־געקוילעט... אף טויט געקוילעט...

שוואַרצער:

ס'איז א שטראָף פון גאָט... מע האָט ניט געדאַרפט נעמען די טפילן. איך האָב זיך געבעטן בא אייַך: לאָמיר ניט טשעפּען קיין טפילן... איצט האָבן מיר... ס'איז א שטראָף, זאָג איך...

שינדל:

שווייַגט! מיט אזא רעאַקציאָנער האָב איך געשעפטן מאַכן געוואָלט! מיט א ווילדן פאַנאַטיקער אזא! אוי, געקוילעט! אָפּגעקוילעט!

שוואַרצער:

(מיטלייַדנדיק) רעב שינדל...

שינדל:

(לויפט צו צו אים, כאַפּט אים פאַר דער באָרד, שרייַט קייכנדיק) כאַוועך שינדל, גאַזלן! כאַוועך שינדל, זאָג איך אייַך!

(דער שוואַרצער צעשרייַט זיך פון ווייטיק. אף דער שוועל באַווייַזט זיך סראָלקע אין א מיליציאָנערישן היטל)

סראָלקע:

אייַערע דאָקומענטן!

(שינדל לאָזט אָפּ אין שרעק דעם שוואַרצן, כאַפּט די הענט אינדערהייך)

פאָרהאַנג

דריטע סצענע, וואָס אין ערשטן אַקט. שינדל און דער שוואַרצער.

שינדל:

טפילן!.. וואָס ברענגט מען ניט קיין טפילן? און אויב מע וועט ניט ברענגען? וואָס שווייגט איר, וואָס? איך פרעג דאָך אייך, און אויב מע וועט ניט ברענגען?

שוואַרצער:

און אויב מע וועט ניט ברענגען, כּאַוועך שינדל?

שינדל:

(קרימט אים נאָך)

און אויב מע וועט ניט ברענגען, כּאַוועך שינדל... מע וועט ברענגען, מע וועט ברענגען. ס'איז אַ ייִדישע שטאָט. די טפילן מוזן זיך געפינען בײַ אַ ייִדן, און אַז ייִדן וועלן הערן, אַז מיר קויפן טפילן, אַלטע טפילן, וועט מען ברענגען. איר פאַרשטייט, צי ניין?

שוואַרצער:

איך פאַרשטיי, כּאַוועך שינדל, זיי וועלן ברענגען... מע ווייסט שוין אין שטאָט, אַז מיר קויפן טפילן, אַלטע טפילן.

שינדל:

אַז מיר קויפן טפילן, אַלטע טפילן... איר האָט אַ פּאַס־קודנע טעווע, רעדט און רעדט, ווי אַ ייִדענע. איר זאָלט ווייניקער ריידן.—איר הערט?

שוואַרצער:

איך הער, כּאַוועך שינדל.

שינדל:

איך הער, כאַווער שינדל... וואָס הערט איר, וואָס?.. די טפילן האט איר געהאט בעירושע פון אײַער זיידן, אײַער זיידע האט זיי געהאט בעירושע פון זײַן זיידן, זײַן זיידע האט זיי געהאט בעירושע פון זײַן עלטער־זיידן און זיין עלטער־זיידע האט זיי געהאט בעירושע פון זײַן עלטער־עלטער־זיידן, אזוי אלץ העכער, העכער, נאָך העכער... א גאנצער לייטער זיידעס ביז עזרע האסויפער. איר פארשטייט, צי ניין?

שוואַרצער:

איך פארשטיי, כאַווער שינדל...

שינדל:

און ווען אזאַ שוואַרצער פאַנאַטיקער, ווי איר, פארלירט אזאַ פאָר טפילן, איז זײַן לעבן קיין לעבן ניט. פאר די טפילן האט מען אײַך שוין א פארמעגן געוואָלט אָפּגעבן, און איר האט ניט גענומען. איר הערט?

שוואַרצער:

איך הער, כאַוועער שינדל, פאַר די טפילן האט מען מיר שוין א פארמעגן געוואָלט געבן, און איך האב ניט גענומען.

שינדל:

(קרימט אים איבער)

א פאַרמעגן געוואָלט געבן און איך האב ניט גענומען... איר האט א פאַסקודנע טעווע. רעדט און רעדט, ווי א ייִדענע. מיר קויפן אלטע טפילן און ווײַטער גאָרניט. איר הערט? און ווײַטער גאָרניט.

שוואַרצער:

איך הער, כאַוועער שינדל, מיר קויפן אלטע טפילן און ווײַטער גאָרניט...

שינדל:

נאָר אויב מע וועט דארפן ענטפערן, אויב מע וועט מוזן ענטפערן, האט איר די טפילן געהאט בעירושע פון אײַער זיידן, אײַער זיידע פון זײַן זיידן...



שוואַרצער:

און אזוי העכער, העכער, נאָך העכער, א גאנצער לייטער זיידעס ביז עזרע האסויפער.

שינדל:

און אויב מע וועט ברענגען די ריכטיקע פאָר—איז כאַפּט אײַך בעני! איר זײַט א ווילדער רעאקציאָנער, נאָר כ'וועל אײַך געבן צוויי עקסטרע פוד צוקער... וועלכער האט געהאט דעם פלעק — דער שעלראָש אָדער דער שעליאַד?

שוואַרצער:

דער שעלראָש. א געלן פלעק באם שין...

שינדל:

גוט, פאַנאַטיקער. גייט. ווו איר זעט א ייִד, פרעגט אים, צי ער האט ניט צו פארקויפן טפילן א פאָר.

(שוואַרצער גייט ארויס. אין טיר שטעקט ארײַן דעם קאָפּ פרוי סעגאַל)

פרוי סעגאַל:

איך שטער ניט, כאַוועער שינדל?

שינדל:

אדעראַבע, קומט ארײַן, בירגערן סעגאַל.

(פרוי סעגאַל גייט ארײַן)

פרוי סעגאַל:

ניט האט פאריבל, כאַוועער שינדל. ס'ווילט זיך אויסריידן ס'הארץ, האלטן אן אייצע מיט א מענטש א קלוגן. אז מע איז דא עלנט ווי א טשוואָק. ניט געדאכט זאָל דאָס זײַן... א טאָכטער אן איינציקע און צאָרעס אזויפיל...

שינדל:

צאָרעס... וואָס ווילט איר פון דער טאָכטער?

פרוי סעגאַל:

איינגאנצן אוועק פונדרי'היים... שוין דרײַ טעג ניט געווען. א געבילדעטע... גימנאזיעס געענדיקט און כאַסענע געהאט פאר אזא מין יונג...

שינדל:

כאַסענע געהאט?

פרוי סעגאַל:

נו, קימאט. איך ווייס... דאס הייסט בא זיי דאָך כאַסענע געהאט...

שינדל:

ווער איז ער, אָט דער לעווין?

פרוי סעגאל:

א בערשטער־יונג. פון אונדזער שטעטל שטאַמט ער. דער פאָטער א בערשטער, דער זיידע א בערשטער, פון דאָר־דוירעס בערשטער, ניט געדאכט זאָל דאס זײַן...

שינדל:

נו, וואָס? איז ער דאָך אַ פּראָלעטאַריער!

פרוי סעגאל:

וואָס פאר א פּראָלעטאריער, כאַווער שינדל? א פּאָשעטער בערשטער, זאָג איך אײַך!

שינדל:

האט זי כאַסענע געהאט... נו, נו... קומט דאָך אײַך א מאַזלטאָוו!

פרוי סעגאל:

א מאַזלטאָוו... אן איינציק קינד און מעשוגע געבעך. אינדר'היים א פארמעגן געלאָזט אף העפקער און אנטלויפן געמוזט. מע וואָלט דאָך זי געשאָסן, ניט געדאכט זאָל דאָס זײַן!

שינדל:

בורזשואזע פסיכאָלאָגיע! פארמעגנס ליגט אײַך אין זינען. איך האב געהאט גרעסערע פארמעגנס פון אײַך: אייגענע פאבריקן, זאַוואָדן, הײַזער, פערד, הינער, הינט און וואָס ניט? נו, איז וואָס? האב איך געהאט... קעדיי דער פּראָלעטאַריאַט זאָל זיי צונעמען, נאציאָנאליזירן. איר פארשטייט, צי ניין? נא־ציאָ־נא־לי־זי־רן!



פרוי סעגאל:

וואָס רעדט איר, פּאַניע שינדל, דאָרט איז דאָך קיינער ניטאָ, ווער ס'זאָל אכטונג געבן דערויף. אז קײַן מאנספאַר־שוין איז ניט פאראן...

שינדל:

און מיטנעמען מיט זיך האט איר ניט געקענט, ווען איר זײַט אנטלאָפן פונדאָרט?

פרוי סעגאל:

מיטנעמען... וואָס קאָן מען מיטנעמען?—געלט אביסל, ברי־ליאנטן... הײַזער קען מען דאָך ניט לייגן אין בוזעם ארײַן!

שינדל:

געוויס, הײַזער קאָן מען ניט לייגן אין בוזעם ארײַן... אזוי... האט פריידקע כאַסענע געהאט... נו, וועט איר האבן אן אייניקל... אַ בערשטערל א קליינס, א ניט־געמאַלעטס...

פרוי סעגאל:

ניט געדאכט זאָל דאס זײַן! וואָס רעדט איר, פּאַניע שינדל?

שינדל:

א ניט־געמאַלעטס, א גויעצל א קליינס. אזאַ ווי ער קאָן ניט מאַלען.

פרוי סעגאל:

וואָס רעדט איר, כאַווער שינדל? וואָס דארף ער קענען מאַלען? ער דארף אליין דען מאַלען? עס פעלט מויעלים בא ייִדן?

שינדל:

אזאַ ווי ער, טאָר ניט מאַלען, וועט ניט מאַלען, קאָן ניט מאַלען. איר פארשטייט, צי ניין? ער טאָר ניט, זאָגט מען אײַך!

פרוי סעגאל:

(פארברעכט די הענט)

איז דאָך ווײ־און ווינד, פּאַניע שינדל. וואָס זאָל איך טאָן? וואָס קאָן איך טאָן? אז קיין גוטער ייִד אפילע איז דא ניטאָ... (פארטראַכט זיך) איך וועל א בריוול שרײַבן צו מײַן ברודער,

איבער דער גרענעץ, ער זאָל קיין ראפשיק פאָרן, צום רעבן כאָרן, א פידיען געבן, דער רעבע זאָל זיך מיען, זי זאָל א מיידל האבן.

(ס'קומט אריין א האָריקער ייד)

דער ייד:

איר קויפט טפילן?

שינדל:

אלטע קויף איך.

דער ייד:

וואָס דען, נייע? ווער האט היינטיקע צייטן נייע?

(גיט איבער שינדלען א טפילן-בייטעלע. שינדל נעמט ארויס די טפילן, באַטראַכט זיי)

שינדל:

וויפל ווילט איר פאר די אלטע שמאַטעס?

דער ייד:

אלטע שמאַטעס? ווער האט היינטיקע צייטן נייע שמאַטעס? א „לימאָן" וויל איך.

שינדל:

פאר א לימאָן באקום איך פיר פאָר. איר פארשטייט, צי ניין? א האלבן ווילט איר? (דערלאנגט דעם ייד א פאפירל) גיט פינף הונדערט אויסגאַב.

דער ייד:

פינף הונדערט אויסגאַב? ווער האט היינטיקע צייטן פינף הונדערט אויסגאַב?

פרוי סעגאל:

איך האב פינף הונדערט, כאַווער שינדל, נעמט דערוויַיל.

(שינדל נעמט בא איר, גיט דעם יידן)

דער ייד:

א ייד זאָל היינטיקע צייטן קויפן טפילן! א זעלטענע זאַך. פארנוצט זיי געזונטן

(גייט ארויס)



שינדל:

(נעמט ארויס די טפילן פונעם בייטעלע, באקוקט זיי פון אלע זייטן)

אז די פאָר טפילן דארף איך גאָרניט... איר האט, זאָגט איר, א ברודער אין פוילן, קאָנט איר דאָך שרייַבן אים וועגן אייער פארמעגן...

פרוי סעגאל:

וואָס קאָן איך אים שרייַבן? וואָס קאָן ער טאָן?

שינדל:

ער קאָן פארקויפן אלץ, וואָס ס'לאָזט זיך, און דאָס געלט אייַך צושיקן.

פרוי סעגאל:

וואָס רעדט איר, פאַניע שינדל, מע קאָן דען שיקן געלט אהער?

שינדל:

מע קאָן—דאָ בא דער גרענעץ... מע דארף נאר האבן פארבינדונגען... איר פארשטייט, צי ניין? פאר-בינ-דונגען... א פאראנטוואָרטלעכן טוער... דאכט זיך, איך וועל עס אייַך קאָנען טאָן... נאָר ניט האָבן קיין טעווע פון בורזשואזע וויַיבער! בורזשואזע וויַיבערריידן צופיל...

פרוי סעגאל:

וואָס פאר א גוט הארץ איר האט, כאַווער שינדל!

שינדל:

און אז איר וועט באקומען דאס געלט—פאָרט קיין מאָסקווע. וואָס קאָנט איר דערלעבן דא אין העק?

פרוי סעגאל:

וואָס רעדט איר, כאַווער שינדל? איך קיין מאָסקווע? איך האָלט בעסער געפאָרן אהיים קיין פוילן... דאָ וועל איך דאָך פאַטערן אלץ וואָס כ'האב... דאָ מוז איך דאָך עסן לעבעדיק געלט... פארקויפן א בריליאנט און קויפן א פונט צוקער, פארקויפן א שטיינדל און קויפן א פונט פוטער, און ערשט ביגנייווע, היטן זיך פאר דער אייגענער טאָכטער...

שינדל:

אָך, וואָס פאַר אַ מאָדנע ווײַבל איר זײַט! פאַרמעגנס און פאַרמעגנס... נו, און אז איך האָב מײַן גאַנץ פאַרמעגן אוועקגעגעבן, אליין אוועקגעגעבן, פעלט מיר עפּעס? פּעק מיט צוקער, פּעסער, גאַנצע פּעסער פּוטער, און קאָנסערוון און ווײַסע בולקע און אויפּעס! און אויטאָמאָבילן ניט? אז מע ליגט ניט אין אזאַ לאָך, אז מע איז אין מאָסקווע. איר פאַרשטייט, צי ניין...

פרוי סעגאַל:

נו, איר, כאַווער שינדל...

שינדל:

נו, איר, כאַווער שינדל... און איר וואָס? געווים, איך זאָג ניט איר זײַט כאַווער שינדל, אָבער אז מע האָט פאַר־בינדונגען, קאָן מען קריגן אַ שטעלע און אַ פאַראַנטוואָרט־לעכע שטעלע, פאַר־בינ־דונ־גען...

פרוי סעגאַל:

פאַרבינדן... מיט וועמען זיך פאַרבינדן, כאַווער שינדל?

שינדל:

פאַר־בינ־דונ־גען... אפן טיש שטייט זיך אַן אַפּאַראַטל (מאַכט נאָך אַ טעלעפאָן-געשפּרעך) קרעמל... קאַלינינס קאַבי־נעט... איך וואָלט אײַך זייער געבעטן אײַנאָרדענען אַף אַ שטעלע כאַווערטע סעגאַל... (צו פרוי סעגאַל) נאָמען?

פרוי סעגאַל:

שפּרינצע.

שינדל:

(רעדט ווײַטער טעלעפאָניש) סעסיליע (צו פרוי סעגאַל) פאָטער?

פרוי סעגאַל:

כאַצקל.

שינדל:

אלעקסייעוונאַ... פאַרטיק! איר פאַרשטייט, צי ניין?

(עס קומען אַרײַן צוויי ייִדן)



ערשטער ייִד:

דאָ קויפט מען טפילין?

צווייטער ייִד:

כ'האָב געבראַכט צוויי פּאָר טפילין. מע זאָגט, איר קויפט.

שינדל:

אַלטע קויף איך.

ערשטער ייִד:

געוויס אַלטע. וואָס דען סאָוועטסקע? מײַן טאַטע האָט זיי צו דער באַרמיצווע באַקומען שוין אַלטע.

צווייטער ייִד:

איין פּאָר האָב איך נאָך פון שווער אָלעוואַשאָלעם. אַ ייִד אַ צאַדיק געווען.

שינדל:

וויפל ווילט איר פאַר זיי?

ערשטער ייִד:

צוויי.

צווייטער ייִד:

וויל איך פאַר צוויי פּאָר — פיר.

שינדל:

וואָס צוויי, וואָס פיר?

ערשטער ייִד:

מיליאָן. צוויי מיליאָן.

צווייטער ייִד:

וויל איך פאַר צוויי פּאָר — פיר מיליאָן.

שינדל:

צו צוויי הונדערטער אז איר ווילט, איז גוט. (גיט זיי אַ פּאַפּירל) אויסגאָב האָט איר?

צווייטער ייִד:

אז איך וואָלט אויסגאָב געהאַט, וואָלט איך ניט פאַרקויפט דעם שווערס טפילין. ער איז אַ ייִד אַ צאַדיק געווען.

ערשטער ייִד:

און איך דעם טאַטנס טפילין.

פרוי סעגאַל:

איך האב צעביטענע געלט. נעמט דערווייל, כּאַווער שינדל.

(שינדל נעמט בא איר, ג׳יט די ייִדן. די ייִדן גייען ארויס)

שינדל:

(באַקוקט גוט די טפילן).

אלץ ניט דאס, וואָס מע זוכט. זוכן זוכט איר איין פּאָר און באַקומען באַקומט איר אַסאַך. איר פארשטייט, צי ניין...

פרוי סעגאל:

ניין, איך פארשטיי ניט, כּאַווער שינדל, וואָס פאר א טפילן זוכט איר דען?

שינדל:

אן אַלטע פּאָר, גאָר אן אלטע פּאָר... און זיי באַטרעפן מער ווי אייער פארמעגן דאָרט אין פוילן... זיי זייַנען פארלוירן געגאנגען און געפינען זיך דא אין שטעטל בא א ייִדן... נאר איר דארפט ניט האבן קיין טעווע פון בורזשואזע ווייַבער... קיינעם, טאַקע קיינעם ניט דערציילן. דאס איז א גרויסער כּאָד. נאָר געציילטע אנשטאַלטן אין מאָסקווע מעגן וויסן דערפון.

פרוי סעגאל:

כּאַסוועשאָלעם! איך וועל קיינעם ניט דערציילן, כּאַווער שינדל.

שינדל:

און אזוי ווי איך באקום זיי, וואַרט איך נאָר, ביז אייַער ברודער שיקט אייך צו פון פוילן וואָס ער דארף, און צוריק קיין מאָסקווע. איר... פּאָרט... מיט... מיר.

פרוי סעגאל:

וואָס זאָגט איר, כּאַווער שינדל, וואָס וועל איך דאָרטן טאָן?

שינדל:

איך מאַך אייַך פאר א גלאַוונזאַווּכאָז.



פרוי סעגאל:

גלאַוונזאַווּכאָז?

שינדל:

הונדערט זיבנונדרייַסיק קינדערהייַזער!

פרוי סעגאל:

הונדערט זיבנונדרייַסיק קינדערהייַזער?

שינדל:

הונדערט זיבנונדרייַסיק קינדערהייַזער. איר פארשטייט צי ניין? און אף אייגענע אַווטאָמאָבילן זייַט איר שוין אמאָל געפאָרן? און טויזנט מענטשן האבן שוין אמאָל געוואַרט בא אייך אין פּאָדערצימער, איר זאָלט זיי אופנעמען?.. ווי אלט זייַט איר?

פרוי סעגאל:

איך?.. אכט און דרייַסיק.

שינדל:

ניין, איר זאָגט ניט עמעס. איר זייַט נאך ניט קיין אכט און דרייַסיק. איר זעט ניט אויס פיל עלטער פין פרייַדקען.

פרוי סעגאל:

נו, שרייַבט זיבן און דרייַסיק. פורים ווער איך אכט און דרייַסיק...

(ס׳קומען אריין פיר ייִדן, צווישן זיי כראָלקע)

כראָלקע:

טפילן! טפילן! טפילן! (פארבויגט זיך פאר שינדלען). איך האב דעם טאָוואַרישטש געבראַכט פיר פּאָר טפילן, איך וועל אייַך ברענגען נאָך. בא אונדז אין שטאָט דארף שוין קיינער ניט קיין טפילן. וואגאָנעס טפילן וועט איר קיין מאָסקווע קענען פירן... טפילן! טפילן! טפילן!

ערשטער ייִד:

מע זאָגט, איר קויפט, האב איך געבראכט. מייַנע טפילן און מייַן זונס. מייַן זון לייגט קיין טפילן ניט, א פּאָליטערוק איז ער, — און איך לייג יאָ אמאָל, האב איך נאָך א פּאָר.

צווייטער ייִד:

א גוטע פּאָר טפֿילין געבראַכט. אין מאָסקווע זעט מען ניט אַזעלכע.

דריטער ייִד:

(לייגט אַוועק א פּאָר טפֿילין)

צוויי פּאָר טפֿילין, דרײַ סידורים און א מחזור.

שינדל:

איך קויף נאָר טפֿילין אַלטע, קײַן סידורים און מחזורים דאַרף איך ניט.

צווייטער ייִד:

סידורים און מחזורים פעלן אין מאָסקווע אויך ניט. א גוטע פּאָר טפֿילין געבראַכט. אין מאָסקווע זעט מען ניט אַזעלכע.

שינדל:

וויפֿל ווילט איר פֿאַר די טפֿילין? נאָר ניט טײַער. איר פֿאַרשטייט, צי ניין?

סראָלקע:

צוויי לימאָן א שטיק.

שינדל:

צוויי הונדערט א פּאָר. קײַן פּרוטע ניט מער.

צווייטער ייִד:

צוויי הונדערטער... וואָס וועל איך באַקומען פֿאַר צוויי הונדערטער? — אַן עק פֿון א הערינג. צוליב דעם זאָל איך מײַן איינציקע פּאָר טפֿילין פֿאַרקויפֿן?

שינדל:

פֿאַרוואָס פֿאַרקויפֿט איר טאַקע די איינציקע פּאָר טפֿילין?

צווייטער ייִד:

פֿאַרוואָס זאָל איך ניט פֿאַרקויפֿן? כ'בין אַכצן יאָר געווען מיקווענניק אין שטאָט, האט קאָמכאָז געמאַכט א באָד פֿון דער מיקווע. וואָס גיבן מיר די טפֿילין? א פּאַיאָק גיבן זיי מיר, וואָס?



סראָלקע:

צוואַנציק יאָר געווען שטאָט־מעשוגענער, און איצט בין איך געבליבן אָפּן וואַסער. קאָהעל — אויס קאָהעל, באַלעבאָטים — אויס באַלעבאַטים, און איך — ווער בין איך? זאָל דער טאָוואַרישטש זאָגן אַליין, איז קאָמכאָז גערעכט? — די מיקווע האט ער נאַציאָנאַליזירט און מיך ניט! צוואַנציק יאָר געווען שטאָט־מעשוגענער...

שינדל:

צוויי הונדערט א פּאָר, קיין פּרוטע ניט מער! (דערלאַנגט א פּאַפּירל) פֿון פֿינף מיליאָן אויסגאָב האָט איר?

צווייטער ייִד:

כ'לעבן, מײַנע טפֿילין זײַנען ווערט א מיליאָן. אין מאָסקווע זעט מען ניט אַזעלכע.

שינדל:

איך האב געזאָגט צוויי הונדערט און קײַן פּרוטע ניט מער! איר האט אויסגאָב?

סראָלקע:

גיט מיר דאָס פּאַפּירל, טאָוואַרישטש, כ'וועל שפּעטער ברענגען דעם טאָוואַרישטש נאָך.

פרוי סעגאַל:

איך האב צעבּיסענע. נעמט דערווײַל, כאַווער שינדל.

(שינדל נעמט. גיט די ייִדן. זיי גייען אַרויס)

צווייטער ייִד: (אויף דער שוועל)

איר זײַט א בלוטזויגער, א בורזשואַזיע! איר זאָלט אויסקרענקען מײַנע טפֿילין!

שינדל:

אַך, פּראָווינץ, פּראָווינץ! ווען דאָס זאָלן ניט זײַן ייִדן, וואָלט איך זיי באַוויזן!

פרוי סעגאַל:

א גוט האַרץ בא אײַך, כאַווער שינדל...

שינדל:

אזאַ רעאקציאָנערער העק... קומט גיכער אָוועקפאָרן פונ־דאנען, קיין מאָסקווע!

פרוי סעגאל:

מיט וואס האב איך דאָס פארדינט בא אייך, כאווער שינדל?

שינדל:

וואָס מיינט איר, וואָס, כאווערטע סעגאל? פאראנטוואָרט־לעכע טוער האָבן ניט קיין מענטשלעך זינדיק האַרץ, ליבן ניט ווי אלע מענטשן? פאַרקערט, וואס גרעסער מיר זיינען, אַלץ מער ליבן מיר... שפרינצע אלעקסייעוונע, ווי נאָר כ'האב אייך געזעען, האב איך אייך ליב באקומען...

פרוי סעגאל:

איר מיך, כאַווער שינדל? איר, אזא פאַראַנטוואָרטלעכער צענטער? איך בין דאָך א פּראָסטע ייִדענע, ניט געדאַכט זאָל עס זיין!

שינדל:

א פּראָסטע ייִדענע. אזעלכע פּראָסטע ייִדענעס דאַרפן מיר אַסאַך... נאָר אזעלכע פּראָסטע ייִדענעס איז קעדיי צו ליבן... בא אונדז אין מאָסקווע... האלט מען שטאַרק פון ליבע... איר פאַרשטייט, צי ניין...

פרוי סעגאל:

(מיט אַ פארטרערטער שטימע)

עמעס, כאַווער שינדל, ליבע איז א גוטע זאַך... איך האב געמיינט, אז איך וועל מיינע יאָרן שוין אזוי אָפּוויסטן, ניט געדאַכט זאָל עס זיין... איר האָט א האַרץ א גוטס, כאַווער שינדל... (ווישט א טרער)

שינדל:

איר זייט א מאָדנע ווייבל — וואס וויינט איר, וואָס? זאָל די בורזשואזיע בלייבן דאָ אין העק און וויינען, און מיר — קיין מאָסקווע! (נעמט זי ארום) אַפן רויטן פּלאַץ, ווען די לעַ־וואָנע שיינט איבערן קרעמל...



(עס הערט זיך פון דרויסן א געראנגל, א שטופעריי און א טומל. עס עפנט זיך די טיר און עס שפּארן פון אלע זייטן א גאנצע מאכנע ייִדן מיט טפילן־זעקלעך, ווייבער מיט פארבונדענע פעקלעך)

שטימען פון אוילעם:

— טפילן!

— אַלטע טפילן געבראַכט!

— אָט יענע טפילן קויפט ניט, זיי זיינען פון אַ מעשומעד.

— ווענגראָווער, עמעס ווענגראָווער טפילן!

— כומאָשים.

— מאַכזוירים.

שינדל:

כומאָשים און מאַכזוירים דארף איך ניט.

ייִדענעס:

(באפאלן אים)

— טכינעס, פאַניע!

— טייטשכומעש.

— יערושע פון מיין באַבע, אָלעהאַשאָלעם.

שינדל:

(שרייט)

איך קויף נאָר טפילן, אלטע טפילן, איר הערט!

א ייִד:

(שלעפּט פון בוזעם)

אַ מעגילע, פּאָרעץ, עמעסער פאַרמעט.

אַ צווייטער ייִד:

אַ קיטל, אַ ראָשעשאָנעדיקער קיטל.

שינדל:

פאַנאַטיקער! רעאַקציאָנערן! ב'האָב אייך געזאָגט, איך קויף נאָר טפילן. איר פאַרשטייט, צי ניין?

ייִדענע:

וואָס האָט איר זיך אָנגעזעצט אַף אונדז, ייִדענעס! פונ־וואַנען האָבן מיר טפילן?

**אַ צווייטע ייִדענע:**

מיר ברענגען אים טכינעס, איז אים ווייניק?

**שינדל:**

שוויַיגט, זאָג איך, שוויַיגט! איך קויף נאָר אַלטע טפילן. ווער עס האָט טפילן, באַקומט צוויי הונדערט אַ פּאָר.

(דער עוילעם צעשרייט זיך):

— צוויי הונדערט אַ פּאָר!

— אומזיסט, עפּשער?

— איך האָב ניט קיַין קארטל אַף ברויט!

— אַן אַכטל באַקום איך אף צוויי טאָג!

— קיין צוקער שוין ניט געזעען א כוידעש!

— צוויי מיליאָן!

— זאָל ער גיבן צוויי מיליאָן!

— צוויי מיליאָן!

**שינדל:**

ספּעקוליאַנטן! צום ווענטל דאַרף מען אייך שטעלן!

(דער עוילעם הערט ניט אוף)

**געשרייען פון עוילעם:**

— צוויי מיליאָן!

— אומזיסט וויל ער!

— זאָל ער גיבן צוויי מיליאָן!

(שינדל מאכט מיט די הענט, וויל איינשטילן דעם עוילעם און עס גייט ניט. ער טאנצט פון קאַעס)

**שינדל:**

דאָקומענטן! באַוויַיזט מיר איַיערע דאָקומענטן! ספּעקו־ליאַנטן!

(דער עוילעם ווערט דערשראָקן און שטיל)

**פרוי סעגאַל:**

פאַרוואָס האָט איר דערבייזערט דעם פאַראַנטוואָרטלעכן כאַווער, דעם צענטער? איר ווייסט ווער דאָס איז?



**שטימען פון עוילעם:**

(דערשראָקענע)

— ווילט איר גיבן נאָר צוויי הונדערט, זאָל זיַין צוויי הונדערט.

— מער ווי צוויי הונדערט דאַרף ער ניט גיבן.

— גענוג צוויי הונדערט.

— גענוג.

— גענוג.

**שינדל:**

שפּרינצע אַלעקסייעוונע, צאָלט זיי אויס, זיַיט מויכל, דאָס געלט. און איר טומלט ניט, איר הערט?

**שטימען פון עוילעם:**

— מיר וועלן ניט טומלען.

— מיר טומלען ניט.

— פאַרוואָס זאָלן מיר טומלען?

(פרוי סעגאַל שלעפּט אַרויס פון א זאָק א פּעקל געלט און צאָלט. דער עוילעם גייט זיך פאנאנדער)

— א גוטן טאָג.

— פאַרנוצט געזונט.

— זאָל איַיך זיַין מיט גליק.

(שינדל קוקט האסטיק איבער אלע טפילן, ווארפט מיט קאַעס אַוועק איין פּאָר נאָך דער צווייטער. ס׳קומט אריַין דער שוואַרצער, באַקוקט די פּעק טפילן)

**שוואַרצער:**

אָ, וויפל טפילן! כ׳האָב אייך געזאָגט, כאַווער שינדל, מע וועט ברענגען...

(קליַיבט זיך אָפּ א פּאָר טפילן)

די פּאָר וועל איך האַלטן פאַר זיך. אָן טפילן קאָן איך דאָך ניט זיַין.

**שינדל:**

איר מעגט זיי האַלטן, פאַנאַטיקער! מע האָט גענוג גע־בראַכט די סכוירע. (גייט ארום צווישן די פּעק טפילן) ווי היישע־

ריקן . . . פון אַלע זײַטן קריכט עס. . . טפֿילן . . . טפֿילן . . . די עמעסע טפֿילן האָט מען ניט געבראַכט . . . טראָגט אַרויס פֿונדאַנען, די הײַשעריקן ! . . טראָגט זיי אַרויס פֿונדאַנען, זאָג איך אײַך !

שוואַרצער:

וווּהין זאָל איך אַרויסטראָגן די הײַשעריקן, כּאַוועד שינדל ?

שינדל:

(צו פֿרוי סעגאַל)

קומט, זײַט מוחל, מיט מיר אַרײַן צו אָט דעם, דעם . . . גערשן. איך וועל אים בעטן, ער זאָל זיי לאָזן אַרײַנלייגן אין קלויז . . .

פֿרוי סעגאַל:

קומט, כּאַוועד שינדל (גייען אַרויס).

שוואַרצער:

(קוקט זיך אַ ווײַלע אַרום. נעמט אַרויס פֿון די הויזן־טאַשן דעם שעלראָש און דעם שעליאַד פֿון זײַנע פֿריערדיקע טפֿילן. נעמט עפּעס אַרויס פֿון זיי און לייגט אַ בער אין די טפֿילן, וואָס ער האָט זיך ערשט אָפּגעקליבן. זאָגט מיטן ניגון פֿון „אַקראָמעס״)

הייליקע פּאַרשעס, אוי, הייליקע פּאַרשעס, טראָגט זיך, זײַט מוחל, אַריבער פֿונדאַנען, אוי, דאָ אַהער.

(שטופּט צוריק אין די הויזן־טאַשן אַרײַן די אַלטע אויסגעליידיקטע טפֿילן, די נײַע פּאַקט ער צוריק אַרײַן אין טפֿילן־זעקעלע, דריקט זיי אונטערן אָרעם און גיט מיט זיי אַ שפּרונג)

און איצט זײַט איר די הייליקע טפֿילן פֿון מײַן הייליקן זיידן . . . (מאַכט נאָך שינדלס ניגון): איך האָב זיי באַקומען בעי־רושע פֿון מײַן זיידן, מײַן זיידן האָט זיי באַקומען בעירושע פֿון זײַן זיידן, זײַן זיידע האָט זיי באַקומען בעירושע פֿון זײַן עלטער־זיידן און זײַן עלטער־זיידע—פֿון זײַן עלטער־עלטער־זיידן, און אַזוי אַלץ העכער, העכער נאָך העכער, אַ גאַנצער לייטער זיידעס . . .



(עס קומען אַרײַן שינדל און פֿרוי סעגאַל. דער שוואַרצער נעמט דאָס טפֿילן זעקע־לע, הענגט עס אויף אויף אַ טשוואָק אין דער וואַנט)

אײַ, ווי גוט ס׳איז צו האָבן טפֿילן, וואָס מע דאַרף ניט היטן.

שינדל:

נעמט צונויף די הײַשעריקן און טראָגט זיי אַרײַן אין קלויז. זאָלן זיי דאָרט וויינען צוזאַמען מיט די סײפֿערטוירעס . . . און לאָזט מיך שוין הײַנט צורו מיט טפֿילן ! — איר הערט ?

שוואַרצער:

איך הער, כּאַוועד שינדל.

(נעמט צונויף די פּעק טפֿילן, טראָגט זיי אַרויס)

שינדל:

דאָס ערגסטע איז האָבן צו טאָן מיט פֿאַנאַטיקער . . . אונדזער הויפּט־אַרבעט איז איצט אָפּן פֿאַנאַטישן פֿראָנט . . .

פֿרוי סעגאַל:

(גייט צו זייער נאָענט צו שינדלען. מיט גרויס דרערכערעץ) ווילט איר טאַקע כאַסענע האָבן מיט מיר ?

שינדל:

כאַסענע האָבן . . . געוויס כאַסענע האָבן. ווי נאָר אײַער ברודער שיקט אײַך צו וואָס ער דאַרף, און—קיין מאָסקווע ! נאָר די בורזשואַזע פּסיכאָלאָגיע זאָלט איר אָוועקוואַרפֿן. איר פֿאַרשטייט, צי ניין ? בורזשואַזע ווײַבער זײַנען פֿאַנאַטיש.

פֿרוי סעגאַל:

פֿאַנאַטיש בין איך קיינמאָל ניט געווען, כּאַוועד שינדל . . . ס׳איז עפּשער ניט שיין צו דערציילן, נאָר ס׳איז שוין אַ לאַנגע מײַסע . . . שוין אַ יאָר צוואַנציק . . . ווען איך בין נאָך אַ מיידל געווען, האָט מיך דער טאַטע געכאַפּט אַנען בוידעם מיט זײַן בוכהאַלטער . . . ער איז געווען אַ געלערנ־טער מאַן און האָט געזאָגט, אַז ס׳איז קיין גאָט נישטאָ. (קוקט זיך אײַן אין שינדלען, פּלאַצט פּלוצים אַרויס מיט געוויין) איר האָט אַזאַ גוט האַרץ, כּאַוועד שינדל . . .

(שינדל נעמט זי אָרום, פירט זי צו צו דער סאפקע און זעצט זי אוועק. גייט צו צום פענצטער, פארוקט דאָס פארהאנגל. גייט צו צו דער טיר און נעמט זי פאַר-שליסן, נאָר די טיר פראלט זיך אוף אים אין פאָנים אדרײַן. עס רײַסט זיך אַרײַן סראָלקע און נאָך אים א מאַסע ייִדן מיט ייִדענעס, מיט פעק און פעקלעך)

**סראָלקע:**

(און מיַט אים דער אוילעם)

— טפילן! טפילן! טפילן!

פאָרהאַנג



## דריטער אקט

דיזעלבע סצענע, וואס אין צווייטן אַקט. שינדל און דער שווארצער. דער שוואַרצער גייט אַנגעטאָן אין טפילן. מורמלט

שינדל:

נו?

שוואַרצער:

(שאָקלט מיטן קאָפּ) נו, נו.

שינדל:

נו, נו. וואָס נו, נו? איר זאָלט אופהערן מורמלען גאַנצע טעג אין די טפילן, איר הערט?

שוואַרצער:

(מאַכט עפּעס מיט די הענט) נו, נו, נו.

שינדל:

(גייט צו צו אים גאָר נאָענט, רעדט צו אים מיט פארקריצטע ציין אין פּאָנעם אריַין)

ווילדער פאַנאַטיקער! כאַיע, איר ווייסט, וואָס איר האט געטאָן? וואָס וועט איצטער זיַין?

שוואַרצער:

(מאַכט אַ לייַדנדיק פּאָנעם) נו, נו.

שינדל:

(גיט אים פון קאַעס א ריַיס די טפילן פון קאָפּ אראָפּ) צוּ אַלדי שוואַרצע יאָר מיט אייַער נו, נו. איר זאָלט אופהערן נרען. איר פאַרשטייט, צי ניין?

שוואַרצער:

(הייבט אויף דעם שעלראָש, טוט אויס דעם שעליאַר, פאַרוויקלט זיי) איך פאַרשטיי, כאַוועך שינדל, ס'איז אַן אומגליק, כאַוועך שינדל.

שינדל:

ס'איז אַן אומגליק, כאַוועך שינדל. איר זײַט אַן אומגליק. אָזעלכע ווי איר איז א מיצווע, אז זיי פאַלן אַרײַן אין טשעקאַ... וואָס וועט איצטער זײַן? וואָס שווײַגט איר, וואָס? איך פרעג דאָך אײַך, וואס וועט איצטער זײַן?

שוואַרצער:

איך ווייס ניט, וואָס וועט איצטער זײַן, כאַוועך שינדל... איך רעכן קויפן אַביסל זײַדענע זאָקן...

שינדל:

אביסל זײַדענע זאָקן, קאָנטראַבאַנדע! איך אליין וועל אײַך שיקן צום ווענטל! איר הערט?

שוואַרצער:

איך הער. איר וועט מיך שיקן צום ווענטל, כאַוועך שינדל?

שינדל:

יאָ, איך! מיינט איר ניט אמאָל, איך בין אײַער גלײַכן, ווײַל איך האָב אײַך געהייסן מיר דורכפירן טפילן א פּאָר? דאָס איז א באַזונדערע מײַסע. אזאַ פאַנאַטישער קאָפּ, ווי איר, וועט דאס ניט פאַרשטיין. איך בין נאָך אין די אַלטע צײַטן געווען א רעוואָליוציאָנער. איר פאַרשטייט, צי ניין? ווו קויפט איר דאָס די זאָקן?

שוואַרצער:

ווו קויף איך די זאָקן? מע קאָן זיי דאָ קויפן, וויפל מע וויל, אַף יעדן טריט און שריט... און הויזלעך זײַדענע אויך, און פודרע אויך, און פּוילישן ליקיאָר אויך. אַלץ קאָן מען דאָ קויפן, כאַוועך שינדל...

שינדל:

(קרימט נאָך) אַלץ קאָן מען דאָ קויפן, כאַוועך שינדל. אלע אלטע טפילן אין שטאָט שוין אָפּגעקויפט. מיט קאָנטראַבאַנדע ווילט זיך אײַך האַנדלען! ווי טײַער נעמען זיי פאַר אַ טוץ?

שוואַרצער:

איך ווייס ניט, כאַוועך שינדל. כ'וועל זיך דערוויסן, כאַוועך



שינדל (גייט ארויס. עס קומט אַרײַן פרוי סעגאל א צעטומלטע, האַלט א בריוו אין האַנט).

שינדל:

וואס זײַט איר אזוי צערודערט, סיציליע אַלעקסייעוונע?

פרוי סעגאל:

זײַ ניט צערודערט, אז אַן אומגליק, ניט געדאַכט זאָל דאס זײַן, יאָגט דיך (באַווײַזט דעם בריוו). כ'האָב פון יענער זײַט א בריוו באַקומען, פון מײַן ברודער (לייענט):

„איז וועגן דעם הויז און די כפייצים, ליבע שוועסטער, שרײַב איך דיר, ליבע שוועסטער, אז איך האָב געטאָן, ווי דו פאַרלאַנגסט. וואס עס האט זיך געלאָזט, האָב איך פאַרקויפט בעכאָצי־כינעם, און איך שיק עס דיר איבער, ליבע שוועסטער. דו וועסט עס באַקומען דורך דעמזעלבן, וואס גיט דיר דעמדאָזיקן בריוו. איך האָב מיט אים אויסגענומען, ער זאָל דיר געבן העלפט אין וואַשינגטאָנער און העלפט אין קאַנאַדער, סאַכאַקל א קאימעלאָן פון זיבן הונדערט או פופציק „בלעטלעך".

שינדל:

וואס פאַר א מאָדנע ווײַבל איר זײַט! זיבן הונדערט פופציק „בלעטלעך" וואַשינגטאָנער און קאנאַדער איז אן אומגליק? אַדעראַבע, אין דער צײַט פון פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציע איז אַ זינד צו האָבן מער. איר פאַרשטייט, צי ניין? א פאַראַנטוואָרטלעכער טוער דאַרף עפּשער אַזויפיל אויך ניט האָבן, און וואָס דאַרף מען מערער? האט איר שוין די „בלעטלעך"?

פרוי סעגאל:

די „בלעטלעך" באַקום איך. ניט דאס איז דאָס אומגליק. דאָס אומגליק, ניט געדאַכט זאָל דאס זײַן, גייט ווײַטער (לייענט):

„און וואָס דו שרײַבסט מיר, ליבע שוועסטער, וועגן פריידקען, גיבן מיר אײַך אָפּ דעם ברייטן מאַזלטאָוו. כאָטש איך זאָג דיר, ליבע שוועסטער, ס'איז אן אוולע,

וואָס איר האָט אונדז ניט געשריבן, אז זי האט כאַסענע געהאַט. מיר האבן אסאַך געלאַכט, טײַערע שוועסטער, פון דײַן בריוו. ווי עס זעט אויס, טײַערע שוועסטער, ביסטו שוין גאָר צעטומלט אף דער עלטער. דו שרײַבסט מיר, איך זאָל פאָרן צום רעבן, זאָל לעבן, אים אָפגעבן א קוויטל מיט א פּידיען, אז פריידקע זאָל האבן א מיידל. מיר האבן זיך געהאַלטן בא די זײַטן פון לאַכן. נאָר האב ניט קײַן אגמעסנעפעש, טײַערע שוועסטער, מיר טרעפט זיך אויך, אז איך שרײַב אין אײַלעניש א גרײַז. איצט שרײַב איך דיר, מײַן ליבע שוועסטער, אז איך האב געטאָן דײַן פארלאנג, איך בין געפאָרן צום רעבן, זאָל לעבן (מיט א פארטרערטער שטימע), אָפגעבן פאר פריידקען זאָל לעבן אן עקסטרע פּידיען מיט א קוויטל. און דער רעבע, זאָל געזונט זײַן, האט מיר מאפטיעך געווען, אז זי וועט מיט גאָטס הילף האבן א בענזאָכער לעטוי־רע, לעכופּע און לעמײַסים־טויווים, אָמיין".

(וויינענדיק) אַז ס'איז באשערט אן אומגליק, קומט ער דורכן קוימען. דאָרטן פאָרן זיי צום רעבן נאָך א יינגל, מיינען זיי, דאָ איז אויך אזוי. איך שרײַב אים בעפיירעש א מיידל, מיינט ער, כ'בין מעשוגע, ניט געדאַכט זאָל עס זײַן.

שינדל:

אײַער טאַטנס בוכהאַלטער, זאָגט איר, האט אין גאָט ניט געגלויבט, און איר זײַט פונדעסטוועגן געבליבן פאנאַטיש... וואס וויינט איר, וואס? אדעראַבע, איר דארפט זיך פרייען. פריער האט איר ניט געוווּסט, וואס ס'וועט זײַן — א יינגל, צי א מיידל, און איצט, אז דער רעבע האט צוגעזאָגט א יינגל, וועט שוין זיכער זײַן א מיידל, מוז שוין זײַן א מיידל. ער קאָן ניט טרעפן, דער רעבע. ער קאָן ניט, זאג איך אײַך. דאס איז פאנאַטיזם!

פרוי סעגאל:

וואָס פאַר א גוט האַרץ איר האט, כאַווער שינדל.



שינדל:

און איצט, אז דער ברודער אײַערער האט אײַך געשיקט די „בלעטלעך", פאָרן מיר מאָרגן אָדער איבערמאָרגן קײַן מאָסקווע! איך האב שוין דאָ ניט וואס צו טאָן אין העק, נאָר דאס געלט וועלן מיר אוועקגעבן. מיר דארפן ניט דאס געלט. ניט אונדזערס איז דאס געלט.

פרוי סעגאל:

וואס רעדט איר, כאווער שינדל? וועמעס דען איז דאס געלט?

שינדל:

דעם פּראלעטאַריאטס! וואָס האט איר געמיינט, אז איך, שינדל, וועל נעמען וואשינגטאָנער און קאנאדער? דאס איז דאָך וואליוטע. איר פארשטייט, צי ניין? ווא — ליו — טע!

פרוי סעגאל:

וואס רעדט איר, כאַווער שינדל? וואס פאר א וואַליוטע? דאָס איז אויסגעהאָרעוועטע אייגענע געלט! געבליבן נאך מײַן מאַן, אײַך צו לענגערע יאָר.

שינדל:

און אז פון אײַער מאַן איז וואָס? די פּראלעטארישע רע־וואליוציע האט אלץ נאציאָנאליזירט! איך האב געהאט גרעסערע פארמעגנס: זאוואדן און פאבריקן און הײַזער און פערד. — האב איך זיי ניט אוועקגעגעבן? (מילד) מיר וועלן אוועקגעבן דאס געלט, שפּרינצע אלעקסייעוונע, אף מײַנע הונדערט זיבנונדרײַסיק קינדערהײַזער. פאר קינדער, איר פארשטייט, צי ניין? און מיר, צו וואָס דארפן מיר עס? מיר, פאראנטוואָרטלעכע טוער, דארפן געלט? איר האט שוין באקומען די „בלעטלעך"?

פרוי סעגאל:

און ווען וועלן מיר כאַסענע האבן, כאווער שינדל?

שינדל:

ווען? באלד. טייקעף. איר פארשטייט, צי ניין? איך האב ניט ליב אָפּצולייגן. טאַקע גלײַך, ווי מיר קומען קײַן

מאָסקווע. איך וועל דאָך ניט כאַסענע האבן אין אזא העק, אין א פּראָווינץ!

פרוי סעגאל:

מיילע, זאָל זײַן אזוי. איר זײַט דאָך קליגער פאר מיר, כאַוועך שינדל, זאָל זײַן אזוי ווי איר זאָגט. ווי איז אײַער נאָמען, כאוועך שינדל?

שינדל.

נאַום ניקאָלאַיעוויטש. נאָר איך האב ליב, אז מע רופט מיך, כאַוועך שינדל. אזוי האט מען מיך גערופן אין יענע יאָרן, ווען איך בין געווען א בונדיסט, א ציִעניסט, אן ס. ס. איך בין געווען אין אלע פּאַרטייען. איר פאַרשטייט, צי ניין? מיך האבן אלע געקאָנט נאָר מיטן נאָמען: „כאוועך שינדל". די מאמע אליין האט מיך ניט אנדערש גערופן: כאַוועך שינדל, עס עפּעס, וועסט דאָך אָפּגעשוואַכט. כאוועך שינדל, דו וועסט זיך צוקילן.

פרוי סעגאל:

און א ווײַב, אן אייגן ווײַב, ווי דאַרף אײַך רופן?

שינדל:

(הייער צאַרט) נו, אן אייגן ווײַב... ס'וועגדט זיך וואס פאר א ווײַב און ס'וועגדט זיך ווען. איר פאַרשטייט, צי ניין?.. די „בלעטלעך" האט איר שוין באקומען?

פרוי סעגאל:

איך דאַרף טאקע צוגיין נאָך זיי (מאַכט זיך גרייט צו גיין).

שינדל:

נעמט עפּעס אף זיך, שפּרינצע אלעקסייעווגע, איר קאָנט זיך צוקילן (לייגט אף איר די האנט און באגלייט זי אין איר צימער).

(נאָך איידער זיי האבן באוויזן צו פאַרשווינדן אין פרוי סעגאלס צימער, קומט אריין דורך דער קעגנאיבערדיקער גאַס-טיר פריידקע. זי קוקט זיי נאָך, גייט צוריק צו דער טיר, עפנט זי, זאָגט עפּעס ארויס, לעווין קומט אף דער שוועל)

לעווין:

ניטאָ דער יאַט?

פריידקע:

נו, גיי!.. דו קום דיר שפּעטער, גאזונדער...



(לעווין גייט ארויס, פריידקע דרייט זיך ארום, באטראַכט גענוי דאס צימער, קוקט אונטער דער סאָפקע. ס'קומט ארײַן שינדל)

שינדל:

פריידקע! א גאסט. כאוועךטע פריידקע, וואָס מאַכט איר?

פריידקע:

אדאנק, כאַוועך שינדל. וואָס מאַכט איר? ווי גייט די ארבעט פאַר אײַערע הונדערט זיבנונדרײַסיק קינדערהײַזער?

שינדל:

א גרויסע ארבעט אָפּגעטאָן. מער אופטאָן אין דער געגנט איז ניט מעגלעך. אָרעמע פויערים. איר פאַרשטייט, צי ניין?

פריידקע:

ווען פאָרט איר אוועק?

שינדל:

אין א טאָג אָדער צוויי. מײַן ארבעט האב איך שוין פאַרענדיקט, נאָר, אז מע איז שוין אין דער פּראָווינץ, דאַרף מען אלץ זעען, ארומקוקן, פארצייכענען. (ווײַזט אפן נאָטיץ-ביכל) ס'וועט צוניץ קומען.

פריידקע:

איר פאָרט צוריק קײַן מאָסקווע?

שינדל:

קײַן מאָסקווע. געוויס, קײַן מאָסקווע.

פריידקע:

נו, און איך? איר האט דאָך מיך געוואָלט מיטנעמען.

שינדל:

געוויס האב איך געוואָלט, האט איר דאָך ניט געוואָלט, פריידקע. איר האט דאך כאַסענע געהאַט אין מיטנדערינען!

פריידקע:

כאַסענע געהאט? איך כאַסענע געהאַט? כאַ-כאַ-כאַ. וואס פאַלט אײַך אײַן, כאַוועך שינדל?

שינדל:

אײַער מאַמע האט מיר געזאָגט, איר האט קימאַט כאסענע געהאַט.

פרײדקע:

שעמט זיך, כאַווער שינדל! פאר אזוי אלטמאָדיש האַלט איר מיך?

שינדל:

נו, ווו דען זײַט איר טעג און נעכט?

פרײדקע:

איר זאָלט אזעלעכס פרעגן, כאַווער שינדל! וואָס, איך בין א שקלאַף? מוז זיצן בא דער מאַמעס שירץ?

שינדל:

כאָלילע! דאָס זאָג איך ניט. די רעוואָליוציע האט אלעמען באפרײַט, די פרויען אויך.

פרײדקע:

און די מײדלעך אויך.

שינדל:

און די מײדלעך אויך...

פרײדקע:

האט איר כאראָטע אף אײַער צוזאָג, כאַווער שינדל?

שינדל:

אַדעראַבע, פרײדקע, כ'בין זײער צופרידן. נאָר וואס וועט זאָגן אָט דער לעווין אײַערער?

פרײדקע:

וואס אינטערעסירט מיך, וואס אָט דער לעווין וועט זאָגן? צוליב א באָכער הײסט איר מיך בלײַבן שטעקן אין דער פראָווינץ?

שינדל:

כאָלילע, פרײדקע, נאָר ער איז א פראָלעטאריער...

פרײדקע:

וואס גײט מיך אָן דער פראָלעטאריער? און איר זײַט דען ניט קײַן פראָלעטאריער?.. איר ווילט מיך מער ניט מיטנעמען?

שינדל:

אדעראבע, פרײדקע, פארקערט...



פרײדקע:

און א פאַראַנטוואָרטלעכע שטעלע וועט איר מיר פאַר־שאַפן?

שינדל:

וואָס פאַר א פראַגע, פרײדקע? געוויס וועל איך אײך פאַרשאפן... אין נאַרקאָמפּראָס, נאַרקאָמפּראַר.

פרײדקע:

און אין טשעקאַ ניט?

שינדל:

פאר דער טשעקא דארף מען טויגן, פרײדקע. טשעקא איז אינגאַנצן עפּעס אנדערש.

פרײדקע:

איר האט אלײן געזאָגט, אַזאַ מײדל ווי איך איז נויטיק אין טשעקאָ. איר וועט זעען, כאַווער שינדל, איך וועל טויגן.

שינדל:

אַז איר וועט טויגן, וועל איך אײַך פאַרשאַפן דאָרט א שטעלע. יאָ, איך רעכן, איר וועט טויגן. איר ווײסט, די מאַמע אײַערע פאָרט אויך מיט.

פרײדקע:

די מאַמע? נאָך וואָס? וואָס וועט זי דאָרטן טאָן?

שינדל:

זי וועט ניט קענען זײַן זאַווכאָז פון עטלעכע קינדער־הײַזער? זי איז א ווילע פרוי. איר פאַרשטײט, צי נײן? נאָר פאַנאַטיש. מע דאַרף זי ארויסנעמען פון דער פראָווינץ...

פרײדקע:

אַזוי... פאָרט זי אויך... זײער פײַן.

(זי זעצט זיך אף דער סאָפקע. ער זעצט זיך צי צו איר. זי לײגט איר האנט אף זײַן אקסל)

איר זײַט א פרומער, כאַווער שינדל?

שינדל:

א פרומער?

פרײדקע:

מיר דוכט, איר זײַט א פרומער.

שינדל:

איך א פרומער? ניט קײַן שלעכטע פראַגע!

פרײדקע:

פאַרװאָס דען האָט איר געקױפט אזױפיל טפילן?

שינדל:

דאָס איז גאָר אַן אנדער זאך, פרײדקע. ניט צו דאַװנען האָב איך זײ געקױפט.

פרײדקע:

ניט צו דאַװנען... פארװאָס קושן פרומע ייִדן טפילן?

שינדל:

דאָט איז גאָר א מײַסע װעגן פאַרשעס... איר פארשטײט, צי ניין? דער שװארצער איז א פאנאטיקער... (רוקט זיך צו צו איר) פרײדקע, מיטן גאַנצן האַרצן...

פרײדקע:

(רוקט זיך אפ) װאָס איז פאַרשעס, כאַװער שינדל?

שינדל:

פארשעס ליגן אינעװײניק אין די טפילן... פאַרשעס זײַנען פאראן אלטע. (רוקט זיך װידער צו צו איר) פרײדקע, איך האָב נאָך קײנמאָל ניט ליב געהאט אזױ... (װיל זי ארומנעמען).

פרײדקע:

(רוקט זיך אָפּ) אזױ ליב האָט איר אלטע פאַרשעס?

שינדל:

װאס פאר א ליב?.. אלטע פאַרשעס האָבן א גרױסן װערט פאר מוזײומס... אנטיקן. איר פארשטײט, צי ניין? אנטיקן, זאָג איך אײַך! (פאלט צו צו איר) פרײדקע! (זי שטעלט זיך אוף, דערזעט העגנען די טפילן אף דער װאנט).

פרײדקע:

אָט העגנען טפילן... (זי גײט צו, נעמט זײ אראָפּ פון טשװאָק) נו, שענקט זײ מיר, כאװער שינדל.



שינדל:

װאָס דארפט איר זײ, פרײדקע? כ'װעל אײַך געבן בעסערע מאטאָנעס!

פרײדקע:

(גײט צו נאָענט צו אים, רעדט אים אין פּאָנעם ארײַן)

איך װיל פון אײך טאקע אן אנטיק...

שינדל:

דאָס איז דעם ש'װארצנס טפילן... ער איז אַ װילדער פאנאטיקער. איר פארשטײט צי ניין? א װילדער פאנאטיקער!

פרײדקע:

(לײגט אף אים די האַנט). — װאָס גײט אונדז אָן דער שװארצער פאנאטיקער! זײ װעלן צי בלײַבן גאנץ, די טפילן... כ'װעל זײ מיטנעמען קײן מאָסקװע (שעפּטשענדיק) און מײן, אפן רױטן פלאץ, װען די לעװאָנע שײַנט איבערן קרעמל...

שינדל:

(אױטגעדרולדיק) נו, מײלע, נעמט זײ...

(פרובירט זי ארומנעמען, עס קומט ארײַן פרוי סעגאל)

פרוי סעגאל:

ניט געדאכט זאָל דאס זײן! איר, כאװער שינדל?

פרײדקע:

קײַן מאָסקװע, מאמע! הא, מיר פאָרן אלע מיטן כאַװער שינדל קײן מאָסקװע!

פרוי סעגאַל:

דו אױך? װאָס רעדסטו, פרײדקע?

פרײדקע:

איך אױך... איצטער דאַרף איך גײן... צוגרײטן זיך צו דער רײַזע. מיר װעלן נאָך רײדן פאר דער רײַזע.

(זי לױפט ארױס. פרוי סעגאל שטײט און קוקט אָן שינדלען, װײסט ניט װאָס צו רײדן)

שינדל:

איר זײַט א מאָדנע װײַבל. װאָס קוקט איר מיך אָן? איך ראַטעװע פרײדקען ארױס פון די הענט פונעם בער־

שטער־יונג. איר פאַרשטייט, צי ניין? דאַרף איך זיין אייער טאָכטער אַ טאַטע צי ניין? וואָס שווייַגט איר, וואָס? איך פרעג דאָך אייך: דאַרף איך זיין אייער טאָכטער אַ טאַטע, צי ניין? מעג מען זי איבערלאָזן דאָ אין העק אליין מיטן בערשטער־יונג? זי וועט דאָך אומקומען...

פרוי סעגאַל:

אומקומען... ניט געדאַכט זאָל עס זיין!

שינדל:

און אין מאָסקווע וועט זי ווערן אַ לייט. איך וועל איר שאַפן אַ שטעלע, און אַ פאַראַנטוואָרטלעכע שטעלע!

פרוי סעגאַל:

וואָס פאַר אַ גוט האַרץ איר האָט, כאַיוער שינדל!

שינדל:

די „בלעטלעך" האָט איר שוין באַקומען?

פרוי סעגאַל:

מאָרגן וועל איך זיי באַקומען.

שינדל:

זעט, ער זאָל אייך ניט אָפּנאַרן. וואַשינגטאָנער זיינען טייערער. (ער טוט זיך אָן דעם מאַנטל) איך וועל באַלד אריינקומען (גייט ארויס. ס'קומען אריין צוויי באַלעבאָסטעס)

באַלעבאָסטעס:

גוטנאָוונט.

פרוי סעגאַל:

גוטנאָוונט. זיצט (זיי זעצן זיך)

ערשטע באַלעבאָסטע:

מיר זיינען געקומען בעטן אייך אַ טויווע.

פרוי סעגאַל:

בא מיר אַ טויווע?

צווייטע באַלעבאָסטע:

באַשער מע זאָגט, איר זייט אַ נאָענטע.

ערשטע באַלעבאָסטע:

גאָר אַ נאָענטע.



צווייטע באַלעבאָסטע:

פון דעם מאָסקווער נאַטשאַלניק.

ערשטע באַלעבאָסטע:

מע זאָגט, איר האָט באַ אים א דייע.

צווייטע באַלעבאָסטע:

באַשער איר זייט א קרויווע זיינע.

ערשטע באַלעבאָסטע:

גאָר א נאָענטע קרויווע, און איר קאָנט באַ אים אַ טויווע טאָן.

פרוי סעגאַל:

וואָס פאַר אַ טויווע?

צווייטע באַלעבאָסטע:

(וויינענדיק) דער מאַן מיינער, די גאַנצע שטאָט קאָן אים, זיצט שוין זעקס כאדאשים.

פרוי סעגאַל:

ניט געדאַכט זאָל דאָס זיין! פאַרוואָס זיצט ער שוין זעקס כאַדאָשים?

צווייטע באַלעבאָסטע:

באַשער ער האָט צוגעהאַנדלט אביסל. סאַכאַרין. די דייטשן האָבן אים אויסגעלערנט האנדלען מיט סאַכאַרין. אז ס'איז ניטאָ וואָס צו טאָן.

ערשטע באַלעבאָסטע:

גאָר ניטאָ שוין וואָס צו טאָן, האָט דערפאַר מיין איידעם מיט קנעפלעך צוגעהאַנדלט.

פרוי סעגאַל:

מיט קנעפלעך?

צווייטע באַלעבאָסטע:

באשער צענערלעך רופט מען קנעפלעך.

ערשטע באַלעבאָסטע:

(וויינענדיק) זיצט ער און זיצט, און די טאָכטער מיינע זיצט נעבעך פאַרוויסט. (צעכליפּעט זיך) מיין אומגליקלעכער איידעם, מיין פאַרוויסטע טאָכטער. אומגליקלעכע שאָף!

צווייטע באַלעבאָסטע:

(צעכליפּעט זיך) מײַן קרוין פֿון קאָפּ, מײַן אָרעמער מאַן...

פֿרוי סעגאַל:

(ווישט זיך די אויגן) ניט געדאַכט זאָל דאָס זײַן! דער כאַוווער שינדל וועט באַלד אַרײַנקומען. רעדט מיט אים. ער האָט אַ גאָלדן האַרץ, דער כאַוווער שינדל. ער וועט ניט שווײַגן. ער האָט אַ ייִדיש האַרץ.

צווייטע באַלעבאָסטע:

וואָס? באַשער ער איז אַ נאַטשאַלניק, איז ער ניט קיין ייִד?

ערשטע באַלעבאָסטע:

מע זאָגט, ער איז גאָר דער עמעסער ייִד.

(ס'קומען אַרײַן באַלעבאַטים)

ערשטער באַלעבאָס:

ניט געטראָפֿן?

פֿרוי סעגאַל:

דעם כאַוווער שינדל? ער וועט באַלד אַרײַנקומען. איר קאָנט צוואַרטן אַביסל. זעצט זיך. (די באַלעבאַטים זעצן זיך, ריידן צווישן זיך)

באַלעבאַטים:

— ווײַסע פּאַלן.

— לאָקשן?

— וואַשינגטאָנער הונדערט. צוויי און נײַנציק — מאָנטרעאַל.

— איך גיב אײַך הונדערט צען פֿאַר וואַשינגטאָן, מע זעט עס דען?

— אין מאָסקווע גיט מען הונדערט פֿופֿציק!

— פֿאָלג מיך אַ גאַנג מאָסקווע!

— אין מאָסקווע ברענען קנעפּלעך!

— אַז דאָ איז אַ פֿאַרפֿלייצונג פֿון טריקאָ!

— נײַער באָסטאָן פֿון יענער זײַט!

(ס'קומט אַרײַן שינדל. דער עולם שטעלט זיך אויף)



פֿרוי סעגאַל:

די באַלעבאַטים וואַרטן אויף אײַך, כאַוווער שינדל.

שינדל:

וואַרטן אויף מיר? מעהייכעטייסע. (זעצט זיך צום טיש) צוליב וואָס זײַט איר געקומען צו מיר?

ערשטער באַלעבאָס:

מיר זײַנען געקומען, ווײַל מע זאָגט אויף אײַך, איר זײַט אַ ייִד... אַ ייִד פֿון יענע ייִדן, אַ באַהאַלטענער. איר זיצט אין הויכע פֿענצטער. אַ פֿאַרשטעלטער ייִד.

(עס קומט אַרײַן גערשן)

צווייטער באַלעבאָס:

בײַ אונדז זײַנען געווען שטענדיק אַזעלכע ייִדן... אַן אַבאַרבאַנעל, אַ מענאַשע בען ייִסראָעל.

דריטער באַלעבאָס:

אינדערשטיל געווען אַ ייִד ווי אַלע ייִדן און פֿונויבנוף — געזעסן אין הויף פֿונעם מאַלכעס.

פֿערטער באַלעבאָס:

געווען דעם קעניגס אײַצעגעבער.

פֿינפֿטער באַלעבאָס:

קעדיי צו טאָן ייִדן גוטס. זיי באַשיצן אין אַ שלעכטער צײַט, אין צײַטן פֿון גזיירעס.

שינדל:

(שטעלט זיך אויף) קעניג, מאַלכעס! מאָנאַרכיזם! ניטאָ מער קיין קעניג, ניטאָ קיין הויף פֿון מאַלכעס. איר פֿאַרשטייט, צי ניין?

זעקסטער באַלעבאָס:

איז סאָווונאַרקאָם, איז טשעקאַ, אַ גרויסע נאַפּקעמינע!

שינדל:

איז וואָס ווילט איר זאָל איך טאָן פֿאַר אײַך אין סאָוונאַרקאָם, צי אין טשעקאַ?

ערשטער באַלעבאָס:

מיר זיינען זיבן דאָ. זיבן, ווי איר זעט אונדז. די זיבן כאָשעווע פון שטאָט, די באַלעבאָטים, די גווירים, די זיילן געווען פון שטאָט, האָט מען אונדז באַנומען, ניט געלאָזט קיין הויז, ניט געלאָזט קיין קראָם. די מויערן צוגענומען און די דינסטן.

זיבעטער באַלעבאָס:

אונדזערע דינסטן זיינען הערשער אף אונדז געוואָרן. שניידער־שוסטער־יונגען באַלעבאַטעווען אין שטאָט.

באַלעבאַטים:

— טויזנטער גאָלד מעזומען — צוגענומען.

קראָמען געהאַט און מויערן — אַלץ פארלאָרן.

— אָנגעפּאַקטע שפּייכלערס טווּע, סקלאַדעס זיבן — גאָר ניט זיך פאַרבליבן.

(סראָלקע קומט אַריין)

צווייטע באַלעבאָסטע:

אַ מאַן געהאַט אַ קרוין פון קאָפּ. זיצט ער זעקס כאָדאָשים שוין פאַרשפּאַרט, באַשער ער האָט פון יענער זייט סאַכאַרין געבראַכט, יידן זאָלן קאָנען טרינקען זיסן טיי.

ערשטע באַלעבאָסטע:

מיין טאָכטער געמאַכט אַן אַגונע, דעם איידעם פאַרזעצט, ווייל ער האָט אייגענע, פאַרהאָרעוועטע, קאָשערע צענערלעך פאַרקויפט.

ערשטער באַלעבאָס:

אין אונדזערע הייזער זיצן פרעמדע.

צווייטער באַלעבאָס:

ווער ס'זאָל צדאָקע געבן איז ניטאָ, און די קלויזן זיינען פּוסט.

סראָלקע:

און איך בין צוואַנציק יאָר געווען מעשוגענער פון שטאָט, צוואַנציק יאָר די שטאָט געדינט.



באַלעבאַטים:

— סראָלקע, שוויַיג!

— ניט איצט איז צייט פאַר מעשוגאַעס!

סראָלקע:

זייט זיך איצט אַליין מעשוגע! מיר לוינט מער ניט פאַר אייך צו זיין מעשוגע.

שינדל:

איז וואָס ווילט איר, זאָל איך־טאָן פאַר אייך?

ערשטער באַלעבאָס:

איז ווייל מע זאָגט אף אייך, איר זייט אַ ייִד פון יענע יידן.

צווייטער באַלעבאָס:

אַן אַרבאַבאַנעל, אַ מענאַשע בען יִסראָעל.

ערשטער באַלעבאָס:

זיינען מיר צו אייך געקומען, איר זאָלט אונדז זיין אַ הילף, מע זאָל אונדז צוריקגעבן אונדזער האָב־און גוטס.

באַלעבאַטים.

— אונדזער גאָלד.

— די מויערן אונדזערע.

— די קראָמען און די סקלאַדעס.

— די שפּייכלער און די הייזער.

— מיין מאַן.

— מיין איידעם.

ערשטער באַלעבאָס:

אַז מען וויל אין מאָסקווע, קאָן מען דאָך אַרויסגעבן אַ באַפעל, אַז אונדזער שטאָט...

צווייטער באַלעבאָס:

אַ שטאָט אַ יידישע מיט אַלטע יידישע מינהאָגים.

ערשטער באַלעבאָס:

זאָל זיך ווייטער פירן, ווי ביז איצט, און יידן זאָלן בלייבן יידן ווי אַמאָל.

שינדל:

אַזוי... ווילט איר, אַז איך זאָל זיך מיען, אַז פֿאַר אײַך זאָל רעוואָליוציע ניט זיין רעוואָליוציע, אָט דאָס ווילט איר, האַ? (טייל פֿון די באַלעבאַטים שאָקלען צו מיט די קעפּ). איז ווייסט איר, וואָס איך בין מעכויעוו אייך צו ענטפֿערן? — קאָנטער־רעוואָליוציע! איר פֿאַרשטייט, צי ניין? ווייסט איר וואָס איך בין מעכויעוו טאָן? — צום ווענטל!

גערשן:

זאָגט: קאָנטער־רעוואָלוציע. שרײַט: צום ווענטל. מיר פֿאַרשטייען, איר דאַרפֿט מיסטאַמע זאָגן דאָס. נאָר אַלצייַנס, מיר ווייסן איצט שוין ווער איר זײַט. מיט אײַער קומען איז ליכטיקער געוואָרן בײַ אונדז.

צווייטער באַלעבאָס:

ייִדן האַנדלען, קויפֿן און פֿאַרקויפֿן טפֿילין. ס'האָט אויפֿגעלעבט אין שטאָט אַ ייִדישער מיסכער.

גערשן:

הערט זיך צו צו דער קלויז, — איבערן ווענטל בײַ מיר די סייפֿערטוירעס ווײַנען ניט מער באַנאַכט. גאָט האָט זיך אומגעקערט, אויפֿגעשטאַנען טכיעס־האַמייסים.

צווייטער באַלעבאָס:

רעדט ניט פֿונעם ווענ, רעב גערשן.

גערשן:

זאָגט וואָס איר ווילט, טוט וואָס איר קענט. סײַ ווי ווייסן מיר, איר זײַט אַ בסורע אונדז געשיקט. די אויסלייזונג הייבט זיך אָן.

ערשטער באַלעבאָס:

און איר זײַט דאָ צווישן אייגענע, צווישן קינדער פֿון אַווראָם, ייִצכאָק און יאַנקעוו. איר מעגט דאָ ריידן ניט וואָס איר מוזט, נאָר וואָס איר דאַרפֿט, וואָס ס'איז אייך אויפֿן האַרצן.

צווייטער באַלעבאָס:

און אויב אַזעלעכס דאַרף קאָסטן געלט, איז קײַן אָרעם קאָהעל ניט פֿאַראַן.



שינדל:

— וואָס? געלט? איר לייגט פֿאָר געלט? אונדזער רעגירונג דאַרף ניט אײַער געלט. איר פֿאַרשטייט, צי ניין? איך דאַרף ניט אײַער געלט, זאָג איך אייך!

צווייטער באַלעבאָס:

איך האָב ניט אייך, כאָלילע, פֿאָרגעלייגט קיין געלט. כ'האָב נאָר געזאָגט, אַז אויב אַזעלעכס דאַרף קאָסטן געלט, איז קײַן אָרעם קאָהעל ניט פֿאַראַן... און איר וועט האָבן דעם גרויסן זכוס צו זײַן אַ מייליצייוישער פֿאַר אונדזער קעהילע.

ערשטער באַלעבאָס:

און אַזוי וועלן מיר טאַקע אײַער נאָמען פֿאַרשרײַבן א'ן אונדזער פּינקעס: רעב שינדל מייליצייוישער.

שינדל:

אַזוי... איז וויפֿל קאָנט איר גיבן געלט? די רעגירונג פֿון אַרבעטער און פּויערים דאַרף ניט אײַער געלט. נאָר קינדער, איר פֿאַרשטייט, צי ניין? קינדער איז די צוקונפֿט, — זאָגט דער כאַווער לענין. איז אויב איר זאָלט קענען צושטעלן פֿאַר מײַנע הונדערט זיבן און דרײַסיק קינדערהײַזער צו אַ הונדערטער אויף יעדן — אין צענערלעך, איר פֿאַרשטייט, צי ניין? — איז אָט פֿאַר אַזאַ זאַך וואָלט איך עפּשער געקענט עפּעס פּויעלן פֿאַר אייך אין מאָסקווע. כאַווער לענין האַלט שטאַרק פֿון קינדער.

(די באַלעבאַטים נעמען זיך שנעל רעכענען ווער מיט די פֿינגער, ווער מיט בלײַפֿעדערס)

ערשטער באַלעבאָס:

צען מאָל הונדערט זיבן און דרײַסיק איז אַ קאַימעלאָן פֿון טויזנט דרײַ הונדערט זיבעציק קנעפּלעך!

באַלעבאַטים:

— דאָס איז אַסאַך.

— אַן אַשירעס.

— ווו וועלן מיר דאָס נעמען?

— ווער האט בא אונדז אזויפיל געלט?
— מע האט דאָך אונדז אויסגעליידיקט.

צווייטער באַלעבאָס:

קיין אָרעם קאָהעל איז ניט פאראן. אויב מע דארף, וועט זייַן.

שינדל:

צי מע דאַרף? הונדערט זיבן און דרייַסיק קינדערהייַזער פרירן אין סאַמאַרער גובערניע!..

ערשטער באַלעבאָס:

יידישע?

שינדל:

געוויס יידישע, און פראָלעטאַרישע און יעסוימים. און אויב איר ווילט, אז אין צענטער זאָל מען פאר אייַך טאָן, וואָס מע דארף, דארפט איר באוויַיזן, אז איר זייַט עס ווערט; אז איר פארשטייט, וואָס קינדער זייַנען. קאָנט איר ניט געבן צו צען — גיט צו פינף, גיט צו פיר. פארשטייט זיך, וואָס מער איז בעסער, נאָר באַוייַזט, אז איר זייַט דאס ווערט. איר פארשטייט, צי ניין?

פרוי סעגאַל:

(צו די צוויי באלעבאָסטעס) וואָס פאר א גוט הארץ באם כאַ־ ווער שינדל!

צווייטער באַלעבאָס:

איז הערט איר, יידן? ער נעמט! געלט. מע דאַרף געלט. קיין אָרעם קאָהעל איז ניטאָ. מע דארף צונויפנעמען דאָס געלט. יעדער באַלעבאָס אין שטאָט דאַרף גיבן, אויסלייזן אונדזער האב־און גוטס פון גאַזלאָנימס הענט!

שינדל:

(כאפט זיך אויף) וואָס? געלט ווילט איר צונויפנעמען? אויס־ לייזן אייַער האָב־און גוטס פון גאזלאָנימס הענט? (גיט א קלאַפּ אין טיש) קאָנטר־רעוואָליוציע! אלע זאָלט איר בלייַבן אף אייַערע ערטער! קיינער זאָל זיך פון זייַן אָרט ניט רירן! איר פארשטייט, צי ניין? און לייגט אנידער די דאָקומענטן.



— וואָט שטייט איר, וואָס? איך זאָג איר זאָלט געבן די דאָ־ קומענטן!

(א מעהומע צווישן אוילעם. טייל שלעפן ארויס פון די טאַשן פאפירלעך, טייל בלייַבן אָפּהענטיק)

באַלעבאטים:

— אָט איז מייַן דאָקומענט.
— מייַן דאָקומענט.
— מייַן דאָקומענט.
— מייַנע דאָקומענטן.

שינדל:

(גיט זיי מיט א שמייכל צוריק די דאָקומענטן) נעמט זיי צוריק, די דאָקומענטן אייַערע. איך בין נאָר געוועזן מעכוייעוו אייַך דער־ מאָנען, אז רעוואָליוציע איז רעוואָליוציע! (פארטרוילעך) דאָס איז ניט קייַן אַליִע אין קלויז... וועגן אזעלכע זאַכן רעדט מען ניט אזוי: „איז הערט איר, יידן, גיט געלט, אויסלייזן אונדזער האָב־און גוטס פון גאזלאָנימס הענט"... וועגן אזעלכע זאַכן רעדט מען שטיל, צווישן זיך. אפילע איך זאָל ניט הערן... איר פארשטייט, צי ניין?

(דער אוילעם נעמט צוריק די דאָקומענטן)

באלעבאטים:

— מיר פארשטייען.
— געוויס פארשטייען מיר.
— אזעלכע זאַכן רעדט מען ניט אזוי.

צווייטער באלעבאָס:

איז הערט איר, יידן, לאָמיר גיין, לאָמיר טאָן וואָס מיר דארפן און נאָכדעם וועלן מיר קומען דאָ אהער צו רעב שינדל, צו אונדזער מיליציוישער.

שינדל:

און וואָס מיינט איר? איך בין געזעסן דאָ בא אייַך אין שטאָט און געשוויגן? (נעמט ארויס דאס נאָטיץ ביכל) איר זעט?

וואָס מע דאַרף, איז פאַרשריבן; וואָס ס׳איז נייטיק, איז פאַר־צייכנט... ס׳וואָלט אַוועק א שיינע ארבעט, ווען שינדל, דער פאַראַנטוואָרטלעכער טוער פון צענטער, זאָל זיצן אין א ייִדישער שטאָט און־גאָרניט.

צווייטער באַלעבאָס:

הערט איר, ייִדן? אין ביכל איז פאַרשריבן!

ערשטער באַלעבאָס:

איז דאָרט אַלץ פאַרשריבן?

דריטער באַלעבאָס:

די מײַסע מיט מײַן מויער אויך? עס ווערט דאָך איצט א טעל פון אים. ניטאָ קיין גאנצע שויב.

ערשטע באַלעבאָסטע:

און וועגן מײַן מאַן מיטן סאַכאַרין?

צווייטע באַלעבאָסטע:

און מײַן איידעם?

שינדל:

וואָס מיינט איר, וואָס? א פאַראַנטוואָרטלעכער טוער אין צענטער האט ניט קײַן ייִדיש האַרץ, ליבט ניט ייִדן? פאַר־קערט, מיר ליבן נאָך מיט מער ברען... אין מאָסקווע אַפן רויטן פלאַץ, ווען די לעוואָנע שײַנט איבערן קרעמל, גייט ניט איין מאָל ארום כאַווער שינדל און בענקט נאָך א מינ־יען ייִדן, אוועקצושטעלן זיך און מעכאַדעש זײַן די לע־וואָנע. איר פאַרשטייט, צי ניין?..

גערשן:

(מיט עקסטאַז) כ׳האב געוווסט, כ׳האב געזאָגט, דער מענטש איז ניט קײַן פאָשעטער...

(עס קומט אַרײַן לעווין)

לעווין:

(צו גערשענען) אייך זוך איך טאַקע. בא אײַך איז דער שליסל פון קלויז?

גערשן:

בא מיר.



לעווין:

וועט איר מויכל זײַן, גיבן אים.

גערשן:

וואס דאַרפט איר אים?

לעווין:

מע דאַרף זי באקוקן, זעען, צי זי וועט זיך פאַסן פאַר א קינדערהויז.

גערשן:

זי מעג זיך פאסן, זי מעג זיך ניט פאַסן. איר וועט זי ניט באַקומען.

לעווין:

איר האט דאך אליין געזאָגט, אז די קלויז איז פוסט און וויסט, און בעסער ס׳זאָל זײַן אין איר א קינדערהויז.

גערשן:

איר זײַט צו שפעט געקומען.

לעווין:

צו שפעט געקומען? זי איז אָפּגעברענט געוואָרן?

גערשן:

ניט אָפּגעברענט. אופגעלעבט איז זי געוואָרן.

לעווין:

אופגעלעבט?

גערשן:

הערט, יונגערמאַן, איר זײַט פונדעסטוועגן דאָך א ייִד. זאָג איך אײַך, איר וועט די קלויז ניט באקומען. מיט עטלעכע טעג צוריק איז די קלויז וויסט געווען און פוסט. די סיי־פערטוירעס האבן גאנצע נעכט געוויינט אין איר, און הײַנט וועט איר זי ניט באקומען.

לעווין:

וואָס, הײַנט לאַכן שוין די סייפערטוירעס?

גערשן:

יאָ, זיי פרייען זיך. איר גלויבט ניט, סייפערטוירעס קאָנען לאַכן? איר האָט נים קײַן ייִדיש אויער, הערט איר ניט. און איך הער.

סראָלקע:

(צו די באַלעבאַטים.)

איר זעט—איר וועט ניט בלײַבן אָן א שטאָט־מעשוגענעם. כ'האב אײַך צוואַנציק יאָר געדינט, זאָל איצט רעב גערשן זײַן מעשוגע.

לעווין:

כ'ווייס ניט, צי איר מאַכט זיך מעשוגע, צי איר זײַט דאָס בעעמעס, נאָר איר מאַכט אומזיסטע שטיק. ד קלויז פוסטעוועט, און די געבײַדע דאַרף מען!

גערשן:

און איך זאָג אײַך, די קלויז פוסטעוועט ניט! וואָס שטייט איר, ייִדן, וואָס רעדט איר ניט קײַן וואָרט?

ערשטער באַלעבאָס:

וואָס ווייסן מיר, צי מע דאַרף די געבײַדע, צי ניט... דוכט זיך, אָט דער כאַוועער (ווײַזט אף שינדלען) דער פאַראַנט־וואָרטלעכער פון מאָסקווע ווייסט דאס בעסער, זאָל ער זאָגן.

צווייטער באַלעבאָס:

אז מע וועט פון מאָסקווע אונדז הייסן אָפּגעבן די קלויז, וועלן מיר גיבן.

לעווין:

ניט אנדערש ווי פון מאָסקווע? ווילט איר זיך שטעלן אַקעגן דער מאַכט?

שינדל:

ניין, כאַוועער, זיי שטעלן זיך ניט אנטקעגן דער מאַכט, זיי זײַנען פאַנאַטיקער—זאָגן זיי, אז זיי ווילן א באַפעל פון צענטער. זיי שטעלן זיך כאָלילע ניט אנטקעגן דער מאַכט, פאַרקערט—זיי זײַנען גרייט צו גיין פאַר דער ראַטנמאַכט אין פײַער און אין וואַסער. נאָר זיי ווילן א באַפעל פון דער ראַטנרעגירונג. איר פאַרשטייט, צי ניין? איר האט געלייענט, וואָס כאַוועער לענין שרײַבט וועגן פאַנאַטיזם?



באַלעבאַטים:

(צווישן זיך)

— לענין אליין שרײַבט וועגן פאַנאַטיזם!
— מיר האָבן רעכט צו פאַרלאַנגען א באַפעל פון מאָסקווע!
— אַז דער כאַוועער פון צענטער זאָגט—ווייסט ער.
— זאָל מען הייסן פון מאָסקווע!

לעווין:

א, דאָס זײַט איר? איר זײַט, דוכט זיך, אהער געקומען קויפן פאַר הונדערט זיבנונדרײַסיק קינדערהײַזער קאָרן בא פויערים און טפילן בא ייִדן.

צווייטער באַלעבאָס:

וואָס דען האט איר געוואָלט, ער זאָל קויפן קאָרן בא ייִדן און טפילן בא גויִים?

שינדל:

פאַר קינדערהײַזער קויפן טפילן בא ייִדן?.. איר האט, כאַוועער, שלעכט געהערט... אז איר פירט ניט אפן אָרט קיין אַנטירעליגיעזע ארבעט, קומט אוים צו פירן זי פון מאָסקווע.. (נעמט ארויס דאס נאָטיץ־ביכל) איר ווילט עפשער ציפערן? קאָן איך אײַך זאָגן, וויפל טפילן ס'איז געווען אין שטאָט פאַר מײַן קומען און וויפל ס'איז איצט פאַראַן. איר פאַרשטייט, צי ניין?

לעווין:

זײַט איר געקומען אהער פירן אַן אַנטירעליגיעזע ארבעט?

שינדל:

נאָך וואָס איך בין געקומען, האב איך אײַך שוין אמאָל געזאָגט, נאָר אז אונדזער איינער איז אף אן אָרט, דאַרף ער טאָן אלץ. צופיל מענטשן, וואָס זאָלן טאָן, האבן מיר ניט...

לעווין:

און פון אײַער אנטירעליגיעזער אַרבעט האבן די סייפער־טוירעס אָנגעהויבן לאַכן?

גערשן:

קאָן אײַער האַרץ ניט פאַרטראָגן די פרייד פון די סייפער־טוירעס? וואָס האט איר געמיינט, איר האט אף אייביק שוין דערהארגעט אונדזער גאָט אין הימל?

שינדל:

(מיט קאַעס צו גערשענען)

איר זאָלט אופהערן מיט אײַער פאַנאַטיזם! איר הערט? (צו לעווינען) די מענטשן זײַנען שרעקלעך פאַנאַטיש. דאָס איז אײַער שולד... וואָס זײַט איר דאָ, א בילדונג־טוער, כאַווער? נו, וועגן דעם וועט נאָך אויסקומען ריידן. איך בין א בילדונג־טוער אויך... אין צענטער... נאָר דערווײַל איז מײַן מיינונג, אז אזוי ווי זיי רעכענען צו באַקומען פון מאָסקווע א באַפעל, אז מע טאָר באַ זיי די קלויז ניט צונעמען, דארפט איר אָפּוואַרטן אביסל. די מענטשן זײַנען איבערגעגעבן דער ראטנמאַכט. זיי זײַנען נאָר פאַנאַטיש אביסל, און קעגן פאַנאַטיזם דארף מען פירן א גרויסע אַרבעט... אופקלערונג, אופקלערונג איז דער איקער... איר פארשטייט, צי ניין...

לעווין:

איך פארשטיי, געוויס פארשטיי איך. (פלוצלינג שאַרף) איר ווייסט, איך קאָן אײַך, בירגער, כ'האָב אײַך דרײַ מאָל געזעען.

שינדל:

מיך געזעען? מעגלעך. שינדל איז פון די, וואָס מענטשן קענען. ווו האט איר מיך געזעען?

לעווין:

איך האב אײַך געזעען אין מײַן געבורט־שטעטל מיט א יאָר צען־צוועלף צוריק. איר זײַט באַקאַנט געווען מיטן גובערנאַטער, געשפילט אין קאָרטן מיטן פּאָליצמייסטער, געווען גאַבע אין דער שול און געלאָזט ארעסטירן בונדאָווטשיקעס.

(צווישן די אָנוועזנדיקע — א טומל, א דערשרעקעניש)



שינדל:

(כאַפּט זיך אוף)

איר זײַט מעשוגע! דאָס איז פּראָוואָקאַציע!

לעווין:

זעצט זיך.

שינדל:

מיט צען יאָר צוריק... מיט צען יאָר צוריק. עס שטייט באַ מיר נאָך הײַנט געבונדן די „פאָלקסצײַטונג" די בונדישע פון דעמאָלט... (קאָכט זיך) ער וועט מיר זאָגן, וואָס איך האָב געטאָן מיט צען יאָר צוריק. איך וועל אײַך באַווײַזן... איך וועל...

לעווין:

זעצט זיך אוועק!

שינדל:

איר וועט טײַער באַצאָלן!

לעווין:

זעצט זיך אוועק, זאָגט מען אײַך! (שינדל דערשרעקט זיך און זעצט זיך). יוינע גרודאק האט איר דעמאָלט געהייסן... איך האב אײַך נאָכאַמאָל געזעען. ערשט מיט צוויי יאָר צוריק, אין פּאָדאָליע. איר זײַט געקומען אין רעווקאָם (קרימט נאָך שינדלס ניגן) „אדעראַבע, פאר אונדז יידן קאָן קײַן מאַכט קיין בעסערע ניט זײַן"... און אליין האט איר אין אײַערע שפּײַכלערס דעם גאנצן קאָרן פון דער געגנט אויסבאַהאלטן.

שינדל:

(כאַפּט זיך אוף)

ווער, איך? קאָרן אויסבאהאלטן?

לעווין:

בעלכאַטאָווסקי האט איר געהייסן.

שינדל:

וואָס, איך האב געהייסן בעלכאטאָווסקי?

לעווין:

(שטרענג)

זעצט זיך, זאָג איך אײַך! (שינדל זעצט זיך). פּאַראיאָרן האָב איך אײַך נאָכאַמאָל געזען... ווען שקורא איז אין שטאָט אַרײַן מיט קאָזאַקן. פֿון אַ באַהעלטעניש האָב איך אײַך געזען אין אײַער שטרויענעם קאַפּעליוש. מיט צען שיינע באַלעבאַטים זײַט איר דעם גענעראַל אַנטקעגן געגאַנגען, אונטערגעטראָגן אים אַ טאַץ מיט ברויט מיט זאַלץ און אונטערטעניקע געפֿילן.

שינדל:

דאָס איז אַן אומדערהערטער בילבול... איך וועל...

לעווין:

זעצט זיך, זאָגט מען אײַך! אַפּטייקער פֿעלדמאַן, האָט איר געהייסן.

שינדל:

איך אַן אַפּטייקער? איך—פֿעלדמאַן? גראָדאַק, שקורא, באַלאַבאַטאָווסקי... כאַווער, וואָס טוט זיך מיט אײַך?

לעווין:

קאָכט זיך ניט... די נאָז איז עפּשער אַביסל אַן אַנדערע. אַן אַנדער הויט, נאָר אַלע איין מענטש. דערזעלבער ניגון, דערזעלבער „אַדעראַבבע" אויף די ליפּן און שטענדיק די נײַטיקע פּאַפּירלעך אינעם טאַש. איר פֿאַרשטייט, צי ניין?

שינדל:

זעט איר, כאַווער, ס'איז פֿון אײַך אַ פֿײַנער וויץ... נאָר אויף וויצן איז הײַנט ניט קיין צײַט, איר פֿאַרשטייט, צי ניין?.. אַ פּראָלעטאַריער דאַרף וויסן, ווען אַ וויץ צו מאַכן און טאַקע אויך מיט וועמען... הונדערט זיבן און דרײַסיק קינדערהײַזער פֿירן, הונגערן... קינדער... איר ווייסט, וואָס ס'זאָגט דער כאַווער לענין...

לעווין:

און איר ווייסט, וואָס עס זאָגט דער כאַווער דזערזשינסקי?

(ס'קומט אַרײַן דער שוואַרצער)



שינדל:

צי איך ווייס, וואָס ס'זאָגט דער כאַווער דזערזשינסקי? צי איך ווייס?

לעווין:

אַ גוטע נאַכט, בירגער גראָדאַק... (צו גערשענען) און איר באַטראַכט זיך איבער נאַכט, ווען איר פֿאַרשפּאָרן האָבן כאַראָטע (גייט אַרויס)

שינדל:

נו... נו... אָט אַזעלכע האָט איר דאָ...

צווייטער באַלעבאָס:

זעט איר שוין, פֿון וואָס מיר לײַדן דאָ.

שינדל:

נו, איר וועט שוין לאַנג ניט לײַדן. איצט וועט ער דאָס זײַניקע באַקומען. איצט וועל איך גלײַך...

שוואַרצער:

כאַווער שינדל!

שינדל:

זעצט זיך... אַ טעלעגראַמע שיקן קיין מאָסקווע.

שוואַרצער:

כאַווער שינדל!

שינדל:

זעצט זיך אַוועק. און אויב איר וועט טאָן, וואָס איר דאַרפֿט, האָט איר ניט וואָס צו שרעקן זיך. גייט און טוט, וואָס איר דאַרפֿט. איר פֿאַרשטייט, צי ניין? איר וועט געהאָלפֿן ווערן פֿריִער, ווי איר מיינט, און איך...

שוואַרצער:

כאַווער שינדל, כ'דאַרף אײַך עפּעס זאָגן.

שינדל:

זעצט זיך אַוועק, זאָגט מען אײַך! איך פֿאָר טייקעף אַוועק. מאָרגן אינדערפֿרי. איך מוז זײַן אין מאָסקווע.

שוואַרצער:

כאַווער שינדל, ווו זײַנען מײַנע טפֿילין?

שינדל:

זעצט זיך, זאָגט מען אײַך, כ׳וועל אײַך גיבן טפילן שטעלט זיך אויף)· נו, גייט, ייִדן, געזונטערהייט, טוט וואָס איר דאַרפט, און שנעל. ניטאָ קיין צײַט. איר פאַרשטייט, צי ניין?

(די באַלעבאַטים גייען, ער באַגלייט זיי צו דער טיר, רייַרנדיק מיט זיי שטיל).

גערשן:

(גייענדיק)

איך האָב געוווּסט. איך האָב געזאָגט, דער מענטש איז ניט קיין פּאָשעטער! (פּאַטשט זיך איין האַנט אין דער צווייטער. באַ־באַ־באָם... מאַ טויווע אויאָלעכאָ יאַנקעוו...

(אַלע גייען אַרויס, עס בלײַבט נאָר דער שוואַרצער)

שוואַרצער:

ווּ זײַנען מײַנע טפילן?

שינדל:

ס׳פעלן אײַך טפילן? פאַנאַטיקער! גייט אַרײַן אין קלויז, דאָרט איז פאַראַן געוווּג די סכוירע.

שוואַרצער:

איך וויל מײַנע טפילן, איך וויל מײַנע טפילן. ווּ זײַנען מײַנע טפילן?

שינדל:

הערט אויף דולן א קאָפּ! זיי זײַנען מער ניטאָ. איר הערט? איך האָב זיי אַוועקגעגעבן.

שוואַרצער:

רעציייעך! וואָס האָט איר געטאָן?

שינדל:

פאַרמאַכט דאָס מויל, איר הערט? כ׳האָב אײַך געזאָגט, זיי זײַנען מער ניטאָ.



שוואַרצער:

רעציייעך! איר האָט מיך געקוילעט! גיט מיר אָפּ מײַנע טפילן! געוואַלד, מײַנע טפילן! דאָס זײַנען דאָך געווען די עמעסע טפילן!

(גערשן קומט אַרײַן, בלײַבט אומבאַמערקט שטיין אַף דער שוועל)

שינדל:

וואָס? וואָס זאָגט איר? די עמעסע טפילן?

שוואַרצער:

די עמעסע... אינעווייניק איז געלעגן... כ׳האָב איבערגעלייגט פונדאָרט אהער... געוואַלד! איר האָט מיך געקוילעט... א פאַרמעגן!..

שינדל: (וואַרפט זיך אַף אים)

אײַ, שוואַרצער גאַזלן,.. אַזוי! באַגאַנוועט מיך, באַרויבט! באַשווינדלט!

שוואַרצער:

מײַנע טפילן! רויבער! א פאַרמעגן! אָפּגעקוילעט! אוי, אוי, אוי.

שינדל:

און איך האָב נאָך א גאַנצע שטאָט שמאַטעס אָנגעקויפט! פאַרפוילטע טפילן אומזיסט געקויפט. מערדער! מערדער!

(זיי פאַלן זיך איינער דעם צווייטן אין פּאָנעם אַרײַן, שלאָגן זיך, קײַכנדיק, פאַלן אום אַף דער ערד און קײַקלען זיך)

גערשן:

שווינדלער! פאַרשאָלטענע!

(גייט אַרויס. נאָך א ווײַלע קײַקלען זיך אַף דער ערד, הייבן זיך ביידע אויף, ווישן זיך אָפּ די פּעניմער, גלײַכן זיך אויס. פון דרויסן רײַסן זיך אַרײַן מיט שטורעם די באַלעבאַטים)

ערשטער באַלעבאָס:

א באַפעל! פון מאָסקווע א באַפעל. מע מעג שוין האַנדלען, מע מעג שוין האַנדלען!

באלעבאַטים:

— מיט צוקער!

— מיט זאַלץ!

— מיט סכוירע!

— מיט אַלץ!

— מיט וואָס נאָר איינער וויל!

שינדל:

(קוקט א רעגע זיי אָן צעטראָגן, גלייַכט זיך אויס און ווערט רויִק)

וואָס דען האט איר געמיינט, איך זיץ און שווייַג?

פאָרהאַנג.



## פערטער אקט

דיזעלבע סצענע, וואָס אין די פריערדיקע אַקטן. שינדל פּאַקט אין אַ פּעקעלע זאַכן אין אַ גרויסן טשעמאָדאַן. פרוי סעגאַל קומט אַרײַן, שלעפּט עטלעכע פּעקלעך.

פרוי סעגאַל:

אוּן דאס וועט נאָך אַרײַנגיין?

שינדל:

וואָס?

פרוי סעגאַל:

זײַד אַביסל, כאָוועך שינדל.

שינדל:

זײַד אַביסל... וואָס דאַרפט איר זײַד? ס'וועט אַרײַנגיין.

פרוי סעגאַל:

אוּן דאָס?

שינדל:

אוּן דאס אויך.

פרוי סעגאַל:

אוּן דאס?

שינדל:

אוּן דאס אויך, אוּן דאס אויך, אוּן די „בלעטלעך" וועט מען אויך דאָ אַרײַנלייגן.

פרוי סעגאַל:

די „בלעטלעך"... עפּשער בעסער אין בוזעם, כאָוועך שינדל?

שינדל:

אין בוזעם... געווען פון אַלטע ייִדענעס! גיט אַהער אַ טכינע!

פרוי סעגאַל:

אַ טכינע?

ש י נ ד ל:

נו, איז אַ מאַכזור, איז אַ סידער.

פ ר ו י ס ע ג אַ ל:

אַ מאַכזור, אַ סידער. איר קלײַבט זיך דען גײן אין קלויז, כאַוועער שינדל?

ש י נ ד ל:

אין קלויז! שווער פון אײַך אַרויסצוטרײַבן דעם פאַנאַטיזם... גיט אַהער!

(פרוי סעגאַל לויפט אַוועק און קומט באַלד צוריק)

פ ר ו י ס ע ג אַ ל:

אָט איז אַ טכינע, כאַוועער שינדל.

ש י נ ד ל:

באַווײַזט די „בלעטלעך”.

פ ר ו י ס ע ג אַ ל:

די „בלעטלעך”? וואָס ווילט איר טאָן מיט די „בלעטלעך” כאַוועער שינדל?

ש י נ ד ל:

וואָס פאַר אַ ווײַבל איר זײַט! גיט די „בלעטלעך”. איר וועט שוין זען, וואָס כ'גיי טאָן!

(פרוי סעגאַל שלעפט מיט שרעק פון בוזעם)

פ ר ו י ס ע ג אַ ל:

ס'איז שווערע פאַרהאָרעוועטע געלט, כאַוועער שינדל, גע-בליבן נאָך מײַן מאַן, אײַך צו לענגערע יאָרן.

ש י נ ד ל:

(מישט די טכינע, לייענט) אַ גאָטספאָרכטיקע טכינע אף אַ בענ-זאָכער... אט דאַ וועלן ליגן די וואַשינגטאָנער (לייגט אַרײַן די פאַפירלעך צווישן צווי בלעטלעך, פאַרקנייטשט זיי). אט אַזוי... (מישט ווײַטער) אַ הייליקע טכינע פאַר שויפער בלאָזן... נו, זאָלן דאָ רוען די קאַנאַדער... (לייגט אַרײַן די געלט-פאַפירלעך, פאַרקנייטשט זיי. נעמט פאַרפאַקן דעם טשעמאָדאַן) ניט אף יעדער קליינער סטאַנציע איז מען מעכוייעוו וויסן, ווער ס'איז



כאַוועער שינדל. איר פאַרשטייט, צי ניין? אַ קאַשע וואָס ס'קאָן זיך מאַכן, און ביז וואָס, ביז ווען, ביז מע דערוווּסט זיך, אַז כאַוועער שינדל איז כאַוועער שינדל, קאָן דערווײַל אַ צוג אַוועק און מע בלײַבט ערגעץ שטעקן אף אַ סטאַנ-ציע... זאָלן זיי בעסער דאָ ליגן און זיך אויסבעטן אַ בענ-זאָכער, בלאָזן שויפער... פריידקע ווײַזט זיך ניט... גייט, שפּרינצע אַלעקסייעוונע, פאַרפאַקט זיך גיכער. אין אַ שאָ דרײַ אַרום מוז מען פאָרן.

פ ר ו י ס ע ג אַ ל:

און וואַרטן אף פריידקען?

ש י נ ד ל:

אַרבעט וואַרט ניט. מאָרגן מוז איך זײַן אין מאָסקווע,— אַ שטאָט האָט געלט געגעבן אף קינדערהײַזער, אַ שטאָט קאָן ניט וואַרטן. וואַרט אף איר, אויב איר ווילט. אַז איר וועט קומען מיט אַ טאָג שפּעטער קײַן מאָסקווע, איז ניט קײן אומגליק.

פ ר ו י ס ע ג אַ ל:

איך זאָל וואַרטן? און איר?

ש י נ ד ל:

איך וועל דערווײַל אַלץ אײַנאָרדענען אין מאָסקווע. אַז איר וועט קומען, וועט אף דער סטאַנציע אײַך שוין אָפּ-וואַרטן מײַן אווטאָמאָביל. אף אים וועט זײַן אָנגעשריבן מיט רוסישע אותיות נ. ק. פּ. איר פאַרשטייט, צי ניין? נאַרקאָמפּראָס., נ. ק. פּ.

פ ר ו י ס ע ג אַ ל:

מיילע, איר פאַרשטייט דאָך בעסער פון מיר, כאַוועער שינדל, אויב איר ווילט, וועל איך וואַרטן... די טשעמאָדאַנעס קאָנט איר איבערלאָזן, כאַוועער שינדל. מיר וועלן זיי מיט-ברענגען.

ש י נ ד ל:

נו, מיר וועלן שוין זען, ווי ס'וועט באַקוועמער זײַן. צו וואָס זאָלט איר, אייגנטלעך, וואַרטן אף איר? זי וועט פאַר-

פאלן ווערן, וואָס? כ'וועל איר איבערלאָזן מײַן אדרעס, און זי וועט טרעפן דעם וועג. מאַכט עס גיכער, שפּרינצע אלעקסייעוונע, מיר דארפן פאָרן.

(פּרוי סעגאל גייט ארויס. ס'קומט אריין דער שווארצער)

שווארצער:

איר פּאקט זיך שוין, כאַווער שינדל? (שינדל ענטפערט ניט פּאקט ווײַטער) איר פּאַקט זיך שוין, כאַוועער שינדל? (שינדל ענטפערט ווײַטער ניט) כאַוועער שינדל, איך פרעג אײַך, צי איר פּאַקט זיך שוין!

שינדל:

(קוקט אים אָן עטלעכע רגעס) יאָ, איך פּאק זיך שוין, איז וואס ווילט איר? (פּאַקט ווײַטער)

שוואַרצער:

פינף צענערלעך וויל מען פון מיר.

שינדל:

וואָס פאר א צענערלעך?

שוואַרצער:

גאָלדענע. אזויפיל קאָסט דאָ אַ פּאַס.

שינדל:

וואס פאַר א פּאַס?

שוואַרצער:

א פּוילישער.

שינדל:

מעשוגע צו אלדי שוואַרצע יאָר!

שוואַרצער:

איך פאָר קײַן פּוילן, כאַוועער שינדל, אָדער קיין דײַטשלאנד?

שינדל:

קײַן פּוילן? דײַטשלאנד? דאָרט פעלן אויס אזעלכע שווארצע גאזלאָנים?

שווארצער:

מע זאָגט, אין פּוילן אָדער אין דײַטשלאַנד וועט באַלד זײַן א סאָציאַלע רעוואָליוציע.



שינדל:

(צעלאַכט זיך) צו דער סאָציאַלער רעוואליוציע פאָרט איר?

שוואַרצער:

יאָ, צו דער סאָציאַלער רעוואָליוציע. דאָ מעג יעדער האַנדלען.

שינדל:

נו, געפעלט אײַך ניט, וואָס יעדער מעג האַנדלען?

שוואַרצער:

געוויס געפעלט מיר ניט. אז קיינער האט ניט געטאָרט האַנדלען, האָט אזא ייִד ווי איך געקאָנט כאַפּן א קערבל; געטראָגן הינטער דער פּאָלע; געקויפט, פארקויפט; דורכגעפירט — געוועין וואָס צו טאָן! איצט ווער דארף מיך? איך פאָר קײַן פּוילן אָדער קיין דײַטשלאנד. דאָרט וועט באלד זײַן א סאָציאַלע רעוואָליוציע...

שינדל:

און וועמען וועט איר דאָרט בארויבן?

שוואַרצער:

אײַך האב איך בארויבט, כאַוועער שינדל?

שינדל:

וועמען דען, שוואַרצער גאזלען?

שוואַרצער:

דעם פּראָלעטאריאַט! איר זאָגט דאָך אליין, אלץ געהער דעם פּראָלעטאַריאַט.

שינדל:

(וואַרפט אף אים א קאָכנדיקן בליק) נו, וואָס ווילט איר? גייט צו אלדי רוכעס קיין פּוילן, צי קײַן דײַטשלאַנד. מיט מיר האט איר גאָרניט מער וואָס צו טאָן. איר פאַרשטייט, צי ניין?

שוואַרצער:

פינעף צענערלעך ווילן זיי פאַר א פּאס!

שינדל:

נו?

שוואַרצער:

פֿונוואַנען זאָל איך זיי נעמען? איר האט דאָך מיך געקוילעט!

שינדל:

(שפּרינגט אויף) איך אײַך געקוילעט?

שוואַרצער:

ווער דען, איך אײַך? איך האָב אוועקגעגעבן די טפֿילין אָדער איר?

שינדל:

גאַזלען! איר זאָלט פֿאַרמאַכן דאס מויל! איר הערט?

שוואַרצער:

(ציט די ווערטער) קאָכט זיך ניט, רעב שינדל! ווען מען זײַנען געווען די טפֿילין, אײַערע, צי דעם פּראָלעטאַריאַטס? וואָס שווײַגט איר, וואָס? איך פֿרעג דאָך אײַך, וועמענס זײַנען געווען די טפֿילין? אדרבא, לאָמיר פֿרעגן טאַקע דעם סאָוונאַרקאָם, דעם נאַרקאָמפּראָס, צי די טשעקאַ, וועמענס די טפֿילין זײַנען געווען. איר פֿאַרשטייט, צי ניין?

שינדל:

טשעקאַ... ער וויל פֿרעגן טשעקאַ! שוואַרצער פֿאַנאַ־טיקער, אַף שטיקלעך וועט זי אײַך צעשיסן, די טשעקאַ... נישקאָשע, אין טשעקאַ ווייסט מען, ווער ס׳איז כּאַוועך שינדל.

שוואַרצער:

רעב שינדל!

שינדל:

איין פּיפּס אין טשעקאַ — בלײַבט פֿון אײַך אַ רויטער פֿלעק אויפֿן שניי. מיר איז נאָר אַ ראַכמאָנעס אַף אײַך,ווילדער פֿאַנאַטיקער. נאַט אײַך פֿינף צענערלעך (גיט אים געלט), קויפֿט אײַך אַ פּאַס און גייט צו אַלדי שוואַרצע יאָר, מײַנע אויגן זאָלן אײַך מער ניט אָנקוקן!

שוואַרצער:

איך גיי, כּאַוועך שינדל (נעמט דאָס געלט). איך מיין, איר



וואָלט אויך געדאַרפֿט פֿאָרן קײַן פּוילן אָדער קײַן דײַטשלאַנד. דאָרט וועט באַלד זײַן אַ סאָציאַלע רעוואָליוציע.

שינדל:

גייט צו אַלדי שוואַרצע יאָר, איר הערט?

שוואַרצער:

איך הער, כּאַוועך שינדל.

(גייט אַרויס. שינדל נעמט נערוועז און אין אײַלעניש פֿאַרפּאַקן דעם טשעמאָדאַן. פֿון דרויסן לאָזן זיך אַרײַן באַלעבאַטים און באַלעבאָסטעס)

ערשטער באַלעבאָס:

ווײַל עס איז אַ פֿרייד בײַ אונדז אין שטאָט און ווײַל מע זאָגט, איר פֿאָרט אַוועק, זײַנען מיר געקומען געזעגענען זיך מיט אײַך.

שטימען:

— ווינטשן אײַך הצלחה אין אײַער גרויסער אַרבעט פֿאַר ייִדן.

— ווינטשן אײַך אַ גליקלעכן וועג.

— איבער אַ ייִדישן לחיים.

(דער עולם שטעלט אויפֿן טיש עטלעכע פֿלעשער)

צווייטער באַלעבאָס:

(שרײַט אַרײַן אין צווייטן צימער) באַלעבאָסטע, באַלעבאָסטע, גיט אַהער עפּעס צו פֿאַרבײַסן, גלעזער.

שינדל:

זעצט זיך, ייִדן. (טייל זעצן זיך אַרום טיש. טייל בלײַבן שטיין. פֿרוי סעגאַל קומט אַרײַן מיט פֿאַרבײַסנס און גלעזער. שטעלט אויפֿן טיש)

צווייטער באַלעבאָס:

(גיסט אָן) ייִדן, לאָמיר טרינקען לחיים פֿאַר אונדזער רעב שינדל מיליציוישער... פֿאַר ייִדישע פּאַרנאָסעס, וואָס זאָלן קומען בעשעפֿע.

באַלעבאָסטעס:

אָמיין, ריבוינעשעלוילעם.

(דער עולם נעמט די גלעזער)

שינדל:

(נעמט א פלאַש, באַקוקט זי) ניט סאָוועטישע?

ערשטער באַלעבאָס:

עמעסע פוילישע מאַשקע. בא אונדז קריגט מען דאָס, וויפל מע וויל.

שינדל:

ניט־סאָוועטישן טרינק איך ניט... מיילע, כ׳וועל איצט מאַכן אַן אויסנעם לעקאָווער אײַך. לעכאַיִם!

אלע:

לעכאַיִם! לעכאַיִם!

ערשטער באַלעבאָס:

פאַרן געזונט פון אונדזער רעב כאַווער שינדל. אונדזער שטאָט ווינטשט אײַך א גליקלעכע רײַזע, רעב כאַווער שינדל!

צווייטער באַלעבאָס:

און איצט, אז א שטאָט האט געטאָן, וואס זי האט געדארפט טאָן, האָפן מיר, אז מיר וועלן בעקאָרעוו האבן נאַכעס.

באַלעבאָסטעס:

אָמיין, ריבוינעשעלוילעם!

אלע:

לעכאַיִם! לעכאַיִם! (טרינקען אויס)

ערשטער באַלעבאָס:

(גיסט נאָכאַמאָל אָן די גלעזער) און ווײַל איין באפעל איז שוין געקומען פון מאָסקווע, אז יידן מעגן האַנדלען, לאָמיר אויסטרינקען פאר יידישע קראָמען — זאָל גאָט געבן, זיי זאָלן זיך מערן און פרוכפערן.

באַלעבאָסטעס:

אָמיין, ריבוינעשעלוילעם!

אלע:

לעכאַיִם! לעכאַיִם!

צווייטער באַלעבאָס:

לעכאַיִם פאר די נײַע יידישע קראָמען, וואס וועלן קומען,



און פאר אונדזערע אלטע קראָמען, וואָס אונדזער מיילעצ־יוישער רעב שינדל וועט זיך מישטאַדל זײַן פאר זיי.

(טרינקען אויס).

צווייטע באַלעבאָסטע:

און פאר אונדזערע מענער, וואָס זיצן אין טפיסע, באשער זיי האבן געהאנדלט מיט יידן.

ערשטע באַלעבאָסטע:

און לאָמיר טרינקען פאר דעם געזונט פון דער באלעבאָסטע, די קאַלע פון כאווער רעב שינדל. זאָל דער זיוועג זײַן א גליקלעכער. זאָלן אירע הונדערט זיבנונדרײַסיק קינדער־הײַזער זיך מערן און פרוכפערן און זאָל איר גוט האַרץ ניט פאַרגעסן אָן אונדז.

אלע:

— לעכאַיִם! לעכאַיִם!

— מאַזלטאָוו!

— זאָל זײַן מיט גליק!

— לעכאַיִם, באלעבאָסטע!

— אין א גליקלעכער שאָ!

(טרינקען אויס)

שינדל:

(גיסט זיך אָן א גלעזל) ניט קײַן סאָוועטישער, נאָר ער נעמט... לעכאַיִם, יידן!

(אלע גיסן זיך אָן, ס׳קומט ארײַן סראָלקע. ער גייט צו צום טיש, פארבײַסט פון אלץ, וואס ליגט. גיסט זיך אָן א גלאָז)

סראָלקע:

א סימכע אין שטאָט, און אין מיר פאַרגעסן. צוואנציק יאָר טרײַ געדינט און איצט געדענקט ניט קיינער. (טרינקט) לעכאַיִם! (גיסט זיך אָן נאָך א גלאָז) לעכאַיִם, כאווער טאָוואַרישטש פון מאָסקווע! נעמט מיך מיט זיך. כ׳וועל אײַך אין מאָסקווע אויך ברענגען טפילן!

צווייטער באַלעבאָס:

שווײַג, סראָלקע. אונדזער שטאָט ווערט אופגעריכט. קײן ארעם קאהעל איז ניט פאַראן. מיר וועלן דיך ניט פאַרלאָזן, סראָלקע.

סראָלקע:

מויכל! שאַפט זיך איצט א בעסערן מעשוגענעם פון מיר (טרינקט) לעכאַים! לעכאַים, כאַווער טאווארישט. זיי טײַנען, איך בין זיי ניט גענוג מעשוגע. אנו, זאָלן זיי פּרובירן אין הײַנטיקע צײַטן זײַן מער מעשוגע פון מיר! פּרובירט! וואס האב איך פון מײַן מעשוגאַעס? און ווען איך בין ריכטיק מעשוגע, ווען אין קאָפּ גראַגערט און שפּינען הייבן אָן קריכן דאָרט אינעווייניק, גיט איר מיר עפּעס?

שינדל:

(באַווירקט אביסל פון דער מאַשקע) עקספּלואטאַציע? פּע! עקס־פּלואטאציע איז באַ אונדז פאַרבאָטן. איר פאַרשטייט, צי ניין? א שטאָט טאָר ניט עקספּלואַטירן איר מעשוגענעם!

סראָלקע:

עטלעכע יאָר צוריק, ווען די פּראָנטן זײַנען געווען... איר געדענקט? ווען מע האט געטריבן... ווען די יעוואָנים האבן געוואָלט אומברענגען א יידישע שטאָט, איר געדענקט?

שטימען:

— ניטהײַנטגעדאַכט!

— א ביטערע צײַט געווען.

סראָלקע:

קײן מענטש איז ניט געבליבן אין שטאָט, — ניט דער ראָוו און ניט דער גרעבער. פּוסט. אוים שטאָט. אונטערגעגאנגען. ווער איז געבליבן? — סראָלקע דער שטאָט־מעשוגענער. אפן שול־בוידעם באהאַלטן!

ערשטער באַלעבאָס:

מיר האָבן דעמאָלט געמיינט, ער איז אומגעקומען.

סראָלקע:

און באַנאַכט בין איך אין די געסלעך ארויס. פינצטער. אַלע פענצטער פאַרלאָשן. שוואַרצע ברילן. האָב איך אין



די פינצטערע געסלעך הויך געלאַכט: כאַ־כאַ־כאַ! ניט אונטערגעגאַנגען. די שטאָט האָט זיך הערן געלאָזט. איר שטאָט־מעשוגענער האָט אין די געסלעך געלאַכט. און איידער די סטראַזשניקעס האָבן זיך ארומגעקוקט, בין איך שוין צוריק אַפן שול־בוידעם געווען מיט די פלעדערמײַז אינדערפינצטער... (טרינקט אויס) לעכאַים! לעכאַים! איך האב טרײַ די שטאָט געדינט. איצט וויל איך נים מער. אויס! אַ מיליציאָנער וויל איך זײַן (כאַפּט א פלאַש און פאָכעט מיט איר רעכטס און לינקס) אייך אלעמען ארעסטירן! קאָנטראַבאַנדע! בורזשואזיע!

ערשטער באַלעבאָס:

האַלט זיך רויִק, סראָלקע, אניט וועט מען דיך ארויסהייסן.

(באַלעבאטים נעמען צו בא סראָלקען די פלאַש, זעצן איב אוועק)

צווייטער באַלעבאָס:

(גיסט אָן גלעזער) און איצט וועט אונדז כאַווער שינדל, אונדזער מיליציוישער, זאָגן אַ זײַגעזונט.

(דער אוילעם ווערט שטיל. שטעלן זיך ארום שינדלען)

שינדל:

לעכאַים! בלײַבט געזונט... איר פאַרשטייט, צי ניין? גע־זונט איז א גרויסע זאַך. אין מאָסקווע האַלט מען שטאַרק פון געזונט. און איר זײַט אינגאַנצן רויִק... איך בין כאַווער שינדל, פאַראנטוואָרטלעכער מיליציוישער אין צענטער... איך קום קײַן מאָסקווע, קלינג איך גלײַך אָן: האלאָ! קרעמלס קאַבינעט... (גייט צו צום צווייטן באַלעבאָס, נעמט אים האַנט יענעמס באָרד) מײַן פעטער האָט אויסגעזעען ווי איר. אויך א געלע באָרד געהאַט. פאַרטאָג האָט ער אין די גאַסן גע־שריִען: „שטייט אוף צו אַווידעס־האַבוירע”! פאַנאַטי־קער, שטייט אוף צו אווידעס־האַבוירע. (מיטן זעלבן ניגן) רעליגיע איז אָפּיום פאַרן פאָלק. נאָר איר מעגט שוין גאַנץ רויִק זײַן — די קלויז בלײַבט בא אײַך! פאר די קראָמען און די מויערן דארפט איר זיך אויך ניט שרעקן. איך וועל

אָנשרײַבן א פּאַפּיר... אַ פּאַפּיר פון כאַווער שינדל אַליין וועגן יידישע קראָמען... איר פאַרשטייט, צי ניין?

**באַלעבאַטים:**

(ענטוזיאַסטיש) די קלויז!

— די קראָמען!

— די מויערן!

— לעכאַים!

— לעכאַים!

(מאַכן אַ ראָד אַרום שינדלען, זינגען א יידישן ניגן און טאַנצן. אינמיטן ווייער טאַנצן קומען אַריין לעווין מיט נאָך דרײַ יונגעלײַט אין אוניפאָרמען. דער אוילעם הערט אויף טאַנצן. טייל שאַרן זיך צו צום טיש און ווילן אין דער צײַט אַראָפּגעמען די פלעשער פון טיש)

**לעווין:**

אַ כאַסענע?

**שינדל:**

(שטרענגט זיך אָן צו זײַן ניכטער) גוטנאָוונט, כאַווער. דאָס פרייען זיי זיך מיטן נײַעם דעקרעט. יעדער דעקרעט פון אונדזער רעגירונג איז פאַר זיי א סימכע, איר פאַרשטייט, צי ניין? די מענטשן זיינען זייער איבערגעגעבן דער ראַטנמאַכט. איר פאַרשטייט, צי ניין? זיי זײַנען נאָר אַביסל פאַנאַטיש. איר פאַרשטייט, צי ניין? און מיר אין צענטער, איר פאַרשטייט, צי ניין?

**לעווין:**

רעדט ניט אַזויפיל, איר פאַרשטייט צי ניין. גיט בעסער אַהער אייערע דאָקומענטן, איר פארשטייט, צי ניין!

**שינדל:**

דאָקומענטן... אדעראַבע... עס פעלן ניט באַ מיר קיין דאָקומענטן... וועלכע ווילט איר? — פון נאַרקאָמפּראָס, פון נאַרקאָמפּראָד... מיר אין צענטער. איר פאַרשטייט, צי ניין...

**לעווין:**

רעדט ניט אַזוי פיל, זאָגט מען אײַך! אלע דאָקומענטן, וואָס איר האָט, גיט אַהער...



**שינדל:**

דאָקומענטן... אדעראבע... (זוכט אין די טאַשן) און איך האָב געמיינט, כאַווער, איר זײַנט אַ בילדונג־טוער... ווײַזט אויס, איר ארבעט ניט אין נאַרקאָמפּראָס, נאָר אין אַ שטרענגערן אנשטאַלט... מיר אין צענטער...

**לעווין:**

וואָס זוכט איר אזוי לאנג? אייך פעלן דאָך ניט דאָקומענטן... נארקאָמפּראָס, נאַרקאָמפּראָד.

**שינדל:**

וואָס דארפט איר מײַנע דאָקומענטן, כאַווער?

**לעווין:**

מיר ווילן א קוק טאָן די קאָמאנדירונג, וואָס מע האָט אייך געגעבן אין מאָסקווע, אויסצוקויפן אלע טפילן אין אונדזער שטאָט.

**שינדל:**

איר האָט א טאָעס, כאַווער. אזא קאָמאַנדירונג האָט מען מיר אין מאָסקווע ניט געגעבן. דאָס איז גאָר אַ מײַסע מיט מײַן געהילף — ער איז א ווילדער פאַנאטיקער, איר פארשטייט, צי ניין, האָט ער פארלוירן אַ פּאָר טפילן פון זיין זיידן און זיין זיידעס פון זײַן עלטער־זיידן און אזוי העכער, איר פארשטייט צי ניין, ביז עזרע האַסויפער. האָט ער געוואָלט צוריק געפינען די טפילן. ער איז א גרויסער פאַנאַטיקער. פאר דער ראַטנמאַכט וועט ער גיין אין פײַער און אין וואַסער. ער וויל פאָרן קײַן דײַטשלאנד אָדער קײַן פוילן אף אומלעגאלער אַרבעט, ווײַל דאָרט וועט באלד זײַן א סאָציאלע רעוואָליוציע, איר פאַרשטייט צי ניין, נאָר פאנאטיש איז ער, און אויב צוליב דעם דארפט איר מײַנע דאָקומענטן, כאווער...

**לעווין:**

איר וועט שוין זען צוליב וואָס. גיט אהער די פאפירלעך אײַערע.

**שינדל:**

אז איך זאָג אייך, כאַווער...

לעווין:

(שטרענג) גיט אהער אײַערע פּאַפּירן, זאָגט מען אײַך (שינדל דערשראָקט זיך, לייגט ארויס די פּאַפּירן. לעווין פּאַקט זיי אײַן אין א פּעקל). ווו זײַנען די זאכן אײַערע? דער טשעמאָדאן איז אײַערער? עפנט אים, זײַט מוחל.

שינדל:

מײַנע זאַכן? כּאַווער? פאַרוואָס, כּאַווער?

לעווין:

עפנט אויף דעם טשעמאָדאַן! (שינדל שליסט אויף דעם טשעמאָדאַן. לעווין נעמט אײנציקווײַז ארויס די זאכן, קוקט זיי דורך) שטיקלעך זײַד... פינגערלעך...

פרוי סעגאַל:

דאָס זײַנען מײַנע זאַכן. איך האָב געבעטן דעם כּאַווער שינדל, ער זאָל מיר דערלויבן אַרײַנלייגן אין זײַן טשעמאָדאַן.

שינדל:

איר דאַרפט אליין פארשטיין, כּאַווער, מיר אין צענטער טראָגן ניט קײַן זײַד. פינגערלעך אויך ניט, איר פארשטייט, צי ניין. די בירגערין האָט מיך געבעטן א טויווע — פאַרוואָס ניט?

לעווין:

(זוכט ווײַטער אין טשעמאָדאַן) אַ טכינע...

פרוי סעגאַל:

ס'איז מײַן טכינע... גיט מיר די טכינע... (לעווין בלעטערט דורך די טכינע. גיט זי אָפּ פרוי סעגאַל. זי בלעטערט די טכינע, זוכט צווישן די בלעטער) די וואַשינגטאָנער! די קאַנאַדער! זיבן הונדערט פופציק דאָלערס, ווי איז מיר! פאַ־האָרעוועטע געלט, געבליבן נאָך מײַן מאן אָלעווהאַשאָלעם!

לעווין:

וואָס שרײַט איר? וואָס פאר א דאָלערס?

פרוי סעגאַל:

אָט דאָ... א הייליקע טכינע פאר א בענזאָכער — וואַשינגטאָנער... א געטלעכע טכינע פאר שויפער בלאָזן — קאַנאַדער. ווי איז מיר! (פארברעכט די הענט)



לעווין:

שרײַט ניט. מיר וועלן באלד זעען.

שינדל:

פאר קינדערהײַזער... איר פארשטייט... אין סאמארער גובערניע...

לעווין:

איך פארשטיי. אין סאמארער גובערניע. באַווײַזט, זײַט מוחל, די טאשן (ער שטעקט ארײַן די האנט אין שינדלס טאַשן). דוכט זיך, וואַשינגטאָנער.

פרוי סעגאַל:

יאָ, יאָ. א הייליקע טכינע פאר א בענזאָכער — דאָרט זײַנען זיי געלעגן.

לעווין:

(זוכט אין א צווייטן טאַש) אָט זײַנען קאנאדער.

פרוי סעגאַל:

א געטלעכע טכינע פאר שויפער בלאָזן... (צו שינדלען) שעמען זאָלט איר זיך — א פאראנטוואָרטלעכער צענטער — מײַן פאַרהאָרעוועטע געלט געוואָלט צוגאנווענען! (צו לעווינען) דאָס איז מײַן געלט, גיט עס מיר.

לעווין:

(לייגט דאָס געלט אָן א זײַט) ווארט, בירגערין סעגאַל, מע דארף זיך פאנאנדערקלײַבן.

פרוי סעגאַל:

וואָס דאַרפט איר פאנאנדערקלײַבן מיין געלט? איך וועל שוין אליין פאנאנדערקלײַבן. ס'איז מײַן געלט, געבליבן נאָך מײַן מאן, אייך צו לענגערע יאָרן. איר זאָלט מיך ניט קוילען, ניט געדאכט זאָל דאס זײַן!

לעווין:

קיינער וועט אייך ניט קוילען. זײַט רויק. אײַערס וועט אייך ניט פארפאלן ווערן.

פרוי סעגאַל:

וואָס פאר א גוט הארץ איר האט, כּאַווער לעווין!

**לעווין:**

(זוכט ווײַטער אין שינדלס טאַש, נעמט ארויס א פּעקל), צענערלעך...

פונטן... נישקאָשע.

**שינדל:**

דאס איז געלט פאר קינדערהײַזער... איר פארשטייט, צי ניין; דאָס האָבן ייִדן געגעבן פאר קינדערהײַזער. געגעבן האבן זיי פאַר די קינדערהײַזער אין סאַמאַרער גובערניע, נאָר אויב איר ווילט, כאַווער... קאָנט איר דאָס נעמען פאַר אײַערע צוויי קינדערהײַזער דאָ. איך קאָן דאָס געלט איבערגעבן אין אײַער רעשוס, איר פארשטייט, צי ניין.

**לעווין:**

ס'איז זייער פײַן פון אײַך... נאָר דערווײַל וועט איר מיטגיין מים אונדז.

**שינדל:**

כאַווער, וואָס טוט זיך מיט אײַך... די ראַטנמאַכט, איר פארשטייט, צי ניין...

(ס'קומען ארײַן פרײדקע און דער שוואַרצער. פרײדקע טראָגט אונטערן אָרעם דאָס טפילן-זעקל. דער שוואַרצער איז אזוי פארטאָן אין אײַנטײַנען מיט איר, אז ער באמערקט ניט, וואָס אין צימער קומט פאָר)

**שוואַרצער:**

פון זײַן עלטער-עלטער זיידן און אזוי העכער, העכער, נאָך העכער, א גאנצער לייטער זיידעס ביז עזרע האסויפער... אז כ'זאָג אײַך די טפילן זײַנען מײַנע!..
(קוקט זיך ארום, דערזעט דעם אוילעם, ווערט אנטשוויגן)

**לעווין:**

וועמענס זײַנען די טפילן, בירגער?

**שוואַרצער:**

די טפילן? — דעם פראָלעטאַריאַטס!

**לעווין:**

וועמענס? איך פרעג אײַך, וועמענס זײַנען די טפילן? ווער האט אין זיי ביז איצט געדאַוונט?



**שוואַרצער:**

געדאַוונט... כ'ווייס, אויב דער פראָלעטאַריאַט דאַוונט, האט ער מינאסטאַם אין זיי געדאַוונט.

**לעווין:**

און אויב דער פראָלעטאַריאַט דאַוונט ניט, ווער האט אין זיי דערווײַל געדאַוונט? איר האט, דוכט זיך, ערשט געזאָגט, די טפילן זיינען אײַערע?

**פרײדקע:**

ער האט זיי באקומען. זאָגט ער, פון א גאנצן לייטער זיידעס, ביז עפּעס א סויפער..

**לעווין:**

(נעמט דאָס טפילן-זעקל בא פרײדקען. נעמט ארויס פון זיי די טפילן), א טײַערער סויפער געווען, ער האט געשריבן ברילײַאַנטענע פּאַרשעס (ער דרייט איבער די טפילן. שיט ארויס פון זיי ברילײַאַנטן. צווישן אוילעם הערשט א טומל פון א בעראַשונג. אלע שטופּן זיך אנקוקן די ברילײַאַנטן. צום שוואַרצן:) אײַערע דאָקומענטן, בירגער.

**שוואַרצער:**

וואָס ווילט איר פון מיר? די טפילן זײַנען ניט מײַנע און עזרע האסויפער איז ניט מײַן זיידע געווען. אז דער פאראנטוואָרטלעכער טוער פון צענטער האט מיר געהייסן זאָגן, האב איך געזאָגט...

**לעווין:**

באווײַזט די דאָקומענטן אײַערע, בירגער, אלע פּאַפּירלעך, וואָס איר האָט. (שוואַרצער שלעפּט פון טאַש פּאפּירלעך. גיט זיי לעווינען) מער האט איר ניט? אנו, באווײַזט אײַער טאַש (לעווין באזוכט אים, נעמט ארויס א פּאַפּיר) א פּוילישן פּאַס...

**שוואַרצער:**

איך פאָר קײַן פּוילן... מע זאָגט, דאָרט וועט באלד זײַן א סאָציאַלע רעוואָליוציע.

**לעווין:**

א, דאס פאָרט איר אף אומלעגאַלער ארבעט... נו, קומט, בירגער, מיר וועלן שוין שפּעטער אלץ קלאָר מאַכן...

(די אין די אוניפאָרמען נעמען בא די הענט שינדלען און דעם שוואַרצן)

שינדל:

איך גיי מיט אייַך... נאָר, כאַוועך, איר פארשטייט, צי גיין, איר נעמט אָף זיך א פאראנטוואָרטלעכקייט פון הונדערט זיבן און דרײַסיק קינדערהײַזער... איך גיי מיט אייַך, נאָר אז מע וועט הערן אין צענטער, אז איר האט איבעאָם דעם שוואַרצן פאַנאַטיקער פאַרהאלטן כאַוועך שינדל...

שוואַרצער:

(וואַרפט זיך צו אים) רעב שינדל! רעב שינדל, זאָג איך אייַך! רויבער, איר האט מיך געקוילעט! איך האב זיך געבעטן בא אייַך, טשעפעט ניט קיין טפילן! רעצייעך, גאַזלען!

לעווין:

האַלט זיך רויק, בירגער, יואָס איר וועט האָבן צו זאָגן, וועט איר שפּעטער זאָגן (ער הייבט אָן גיין מיט די ארעסטירטע)

פרוי סעגאַל:

און מייַן געלט... מייַן פאַרהאָרעוועטע געלט, וואָס איז געבליבן נאָך מייַן מאַן, אייַך צו לענגערע יאָרן. (וואַרפט זיך צו שינדלען) שווינדלער! (צעכליפעט זיך) אזוי געמיינן מיך אויסגענאַרט... (פריידקע גייט צו צו איר, באמיט זיך איינהאלטן זי) פאַר מייַן געלט א שטאָט טפילן זיך איינגעקויפט, שווינדלער! הונדערט זיבנונדרײַסיק קינדערהײַזער מיר צוגעזאָגט... גלאַוואַזאַוואָכאָז...

שינדל:

(וואַרפט א צאָרנדיקן בליק אָף פריידקען) אייַער טאָכטער... זי איז שולדיק אין אייַער אומגליק!

פריידקע:

איר האט מיך מער ניט ליב, כאַוועך שינדל? נו, ווי מיינט איר? איך וועל טויגן פאר טשעקאַ?.. און אין מאָסקווע אפן רויטן פלאַץ, ווען די לעוואָנע שייַנט איבערן קרעמל..

(לעווין, פריידקע און די טשעקיסטן גייען מיט די ארעסטירטע צו דער טיר. עס קומט אריין גערשן. ער האלט א שליסל אין האנט)



גערשן:

יונגערמאַן.

(לעווין קערט זיך אום צו אים. גערשן דערלאַנגט אים שטום דעם שליסל)

לעווין:

וואָס ווילט איר?

גערשן:

דער שליסל פון קלויז. נעמט אים. מאַכט א קינדערהויז.

(לעווין נעמט דעם שליסל. גייט ארויס מיט די ארעסטירטע. דער אוילעם בלייַבט שטיין און קוקט זיך איבער שטום)

ערשטע באַלעבאָסטע:

(צו פרוי סעגאַל) גלאַוואַזאַוואָכאָז! הונדערט זיבנונדרײַסיק קינדערהײַזער האט זיך איר געוואָלט... מענטשן האבן כוצפּע!

ערשטער באלעבאָס:

און דער באפעל פון מאָסקווע... וועט איצט מיסטאָם באָטל ווערן... ווייַטער ניט האַנדלען, ווייַטער ניט וואנדלען... וואָס טוט מען איצטער?

סראָלקע:

(טוט זיך אָן דאָס מיליציאָנעריש היטל)

ווערט שטאָט-מעשוגענער... אף מייַן אָרט... אייַערע דאָקומענטן, פאנאטיקער! אייַערע דאָקומענטן!

פאָרהאנג

מאָסקווע. נאָיאַבער-דעקאַבער, 1925.

# נאפטאלע
# באטווין

דראמע
אין 4 אקטן

## פאָרוואָרט צו דער ערשטער אויסגאַבע

דעם היסטאָרישן פ אַ ק ט פון דער באָטווין - דראַמע האב איך גענומען אלס יעסאָד
פאַר דעמדאזיקן ווערק. אָבער ניט די היסטאָרישע כ ר אָ נ י ק, ניט די אויסער-
לעכע פינקטלעכקייט פונעם היסטאָרישן עלעמענט האט מיך אינטערעסירט, נאָר זיין
אינערלעכער עמעס; ניט דעטאַלן פון א געשעעניש, נאָר דאס טיפּישע, דאס
סינטעטישע; די אינערלעכע ליכט און ניט די אויסערלעכע באַלייכטונג פונעם
העראָישן קאַמף האָב איך זיך באמיט צו ווייַזן.
קיין היסטאָרישע ד ע ט אַ ל ן - ג ע נ ו י ק ײ ט זאָל דאָ ניט געזוכט ווערן.

מ ע כ אַ ב ע ר





אויפגעפירט צום ערשטן מאָל אין ראטנפארבאנד
דורכ'ן יידישן מעלוכע-טעאטער אין ווייַסרוסלאַנד
דעם 12-טן דעקאַבער 1927. רעזשי—מ. ראַפאַלסקי.
קינסטלער—אל. טישלער.

אין די פאראייניקטע שטאַטן דורכן „ארטעף" טעאַ-
טער, ניו-יאָרק, דעם 8-טן אָקטיאַבר 1928.

רעזשי—א. באַשע,—קינסטלער וו. גראַפּער.

ארויסגעגעבן צום ערשטן מאָל אין בוכפאָרם אין
ווייַסרוסלענדישן מעלוכע - פארלאג; מינסק, 1929.

## עס שפּילן:

נאַפּטאָלי באָטווין.
פרוי באָטווין — זײַן מוטער.
מיריעם — זײַן שוועסטער.
וואַלצער, } ארבעטער:
צעכנאָווסקי }
יאָשקע, }
רודאַק — פאַבריקאַנט.
פעליציע — זײַן ווײַב.
פּיאָנטקאָווסקי — אין ערשטן אַקט אַן אָפיצער, שפּעטער אפּענסיווע־שעף.
סעקרעטאַרן.
פּאָליציימאַן.
קסיאָנדז (פּאָטער פּאַטעק).
א שיקער.
צוויי הערן אין צילינדערס.
רוזשע, } קאָקעטקעס.
זאָשע. }
פרוי קופּערקנאָפּ.

ארבעטער, דעפּענסיווע־אגענטן, גאַסנמיידלעך, טפּיסע־וו,כטער, כאָלראטן, קאַפּע־געסט, עסטראַדע־זינגערן א. א. וו.

אָרט — לעמבערג. צײַט — ערשטער אַקט אין פרילינג 1920. די ווײַטערדיקע אקטן — מיט 5 יאָר שפּעטער.



## צווייטער אקט

שפעטער אָוונט.

א גרויסער געפּלאַסטערטער פּלאַץ, שוואַך באַלויכטן פון עטלעכע לאַמטערנס. אינ־דערסיף — א געבײַדע מיט שווערע קאָלאָנעס — דער גרויסער טעאטער. פאַר אים — א דרײַקעפּיקער לאַמטערן, איבער אים שפּרייט אויס די בלעכענע פליגל אַן איינקעפּיקער אָדלער מיט א לאַנגן, פאַרבויגענעם שנאָבל. אין הינטערגרונט דער־הייבט זיך א פינצטערע געבײַדע — די טפיסע.

רעכטס און לינקס — גאַסן און געסלעך, געבײַדעס גרעסערע און קלענערע, אלטע נײַע. הוייניק מענטשן זעען זיך אין די גאַסן. זעלטענע דורכגייער — און די, וואָס גייען, שטעלן האסטיקע אײַלנדיקע טריט. אין א גאַס־ווינקל, ניט ווײַט פונעם טעאטער, שטייען די יינגלעך, צײַטונג־פאַרקויפער, צווישן זיי נאפטאָלי און מיריעם.

ערשט יינגל:

(ציענדיק ווײַטער א שמועס)

... ווו האלט מען זיי?

נאַפטאָלי:

אָט אַפן בערגל דאָרט.
איר זעט דעם שוואַרצן מויער מיטן צעקרימטן שפּיץ,
וואָס הענגט, ווי ס׳וואָלט געפּאָכעט אינדערלופט,
אַן אויסגעבויגן מעסער? דאָרטן האלט מען זיי.

צווייט יינגל:

(פאַרטראַכט)

דער שוואַרצער מויער מיטן צעקרימטן שפּיץ...

נאַפטאָלי:

און קאָרידאָרן האָט דער מויער צוואַנציק פאָר,
און צוואַנציק קאמערן אין יעדן קאָרידאָר,

און יעדער קאַמער האט א שווערע טיר,
אף שלאָס, אף ריגל — און א קייט אף וואַנט!

(עס באַווײַזן זיך פון א געסל עטלעכע דורכגייער. די ייִנגלעך לאָזן זיך נאָך זיי מיט אויסגעשרייען)

ייִנגלעך:

— „קוריער"!
— „אַן אָוונט-בלאַט"!
— „קוריער"!
— „קוריער"!

(עמעצער פֿון די פאַרבײַגייער קויפט א צײַטונג. פאַרבײַגייער פארשווינדן. די ייִנגלעך גייען צוריק אף זייערע ערטער)

ערשט ייִנגל:

(ציילט זײַנע צײַטונגען)

עס זײַנען מיר פאַרבליבן דרײַצן שטיק,
„קוריערן" פינף און „אָוונט-בלעטער" אַכט.

צווייט ייִנגל:

מיר נאָך זעקס.

דריט ייִנגל:

מיר אַכט.

מיריעם:

און עופצן מיר...

רויט ייִנגל:

(שלעפט א פעקל פון שטיוול)

פון אלעמען פון אײַך איז ערגער מיר.
עס ליגן אין מײַן ש יול נאָך פאַרפאקט
די „רויטע שטערנדלעך" אף דין פאַפיר.

נאַפטאָלי:

פאַרשטעק זיי גוט. מע וועט דיך פאַקן, יאַט!



פערט ייִנגל:

און איך האב גאַנצע אכצן שטיק,
מע דארף זיי זען פארקויפן.

אַ ייִנגל:

ניט זאָרגט — עס וועט זיך באלד פאנאַנדערגיין
דער פײַנער עולם פון טעאַטער,
וועט יעדער קויפן זיך א בלאַט.

(עס גייט דורך, וואקלענדיק זיך, דער שיקער)

שיקער:

דער געלער היצל — ברענען זאָל זײַן קאָפּ!
ער זיצט זיך אין טעאַטער ברייט צעלייגט,
זײַן פייגער זאָלן ראָבן פיקן אפן מיסט!

נאַפטאָלי:

האָסט אויסגעטרונקען, פעטערל, א קאַפּ,
שוין בעסער גיי אהיים און קריך אין בעט,
און וועגן וועלכן היצל רעדסטו דאָס?

שיקער:

דער וואָיעוואָדע. — ברענען זאָל זײַן קאָפּ!
צערײַסן זאָלן הינט זײַן אומריין פלייש!
די טעכטער, מײַנע טײַבעלעך... מײַן זון...

(צעוויינט זיך אפן קאָל)

צעהאנגען האט ער זיי... אין קאַמערן דערשטיקט...
נו, וואָס איז מיר געבליבן? טפו, טפו, טפו!

(שפײַט אין דער ריכטונג פון טעאטער און שלעפט זיך אוועק. זינגט קלאָגעדיק)

אוי, טויבן מײַנע, איך האב אײַך געקויפט
און איר, וואָס פליט איר ניט?

ערשט ייִנגל:

(ווײַזט אין דער ריכטונג פון דער טפיסע)

מע שלאָגט זיי דאָרט?

צווייט ייִנגל:

און עסן גיט מען זיי?

נאַפּטאָלי:

מע פּײַניקט זיי, מע מוטשעט זיי,
מיט הונגער, דורשט, מיט אײַזנס איבער לײַב!

מיריעם:

מיט אײַזנס איבער לײַב? זיי וויינען שטאַרק?

נאַפּטאָלי:

וויינען? — ניין, באָלשעוויקעס וויינען ניט.

מיריעם:

עס טוט דאָך וויי!

נאַפּטאָלי:

נו, וואָס, נו, טוט זיי וויי!
א באָלשעוויק צעוויינט זיך ניט, ווען ס'טוט אים וויי,
און . . . איך וויין אויך ניט, ווען עס טוט מיר וויי.

רויט ייִנגל:

און איך וויין יאָ.

ערשט ייִנגל:

איך אויך.

מיריעם:

און איך שרײַ.

נאַפּטאָלי:

און זיי זינגען!
אין פינצטערניש, אין קאַמערן, באנאַכט,
א פּאָנים זעט קיין פּאָנים ניט,
זינגען זיי:

„שטייט אוף איר אלע, ווער ווי שקלאַפן . . .”

איך הער דאָס זינגען זייערס נאַכט נאָך נאַכט . . .
אין מיטן שלאָף נאָך האַלבער נאכט הער איך דאָס געזאַנג.

ערשט ייִנגל:

כ'האב יעדע נאכט געהערט געזאַנג.



נאָר ניט געוווּסט, אז ס'איז אזאַ געזאַנג,
וואָס באָלשעוויקעס זינגען דאָס באַנאַכט.

(ס'קומט אָן א פּאָליצייסמאַן)

פּאָליציימאַן:

אנו, טײַוואָלים! הינטיש בלוט, מאַמזיירים!
באַווײַזט נאָר, וועלכע צײַטונגען פארקויפט איר.
דעם אומלעגאַלן „רויטן שטערן” האָט איר?

(ער נעמט נישטערן זייערע בלעטער. נאַפּטאָלי שטופּט מיטן פוס דעם רויטן ייִנגל פלוצלינג גיט זיך נאפטאָלי א ריס פונעם פּאָליציימאַן אין הייבט אָן לויפן. דער לעצטער בלײַבט א ווײַלע צעטומלט פון איבעראַשונג, דאן נעמט ער זיך יאָגן נאָך נאפטאָלין)

העי, שטיי, דו הינטיש בלוט, דו הערסט? כ'וועל שיסן!
איך זאָג דיר שטיי! איך וועל דיר באַלד באַווײַזן! —
דו וועסט מיר „רויטע שטערנס” דאָ פאַרקויפן!?
איך וועל, דײַן מאַמעס מאַמע!

(נאַפטאָלי יאָגט זיך אלץ מיט אים. נאָר זעענדיק, אז דאס רויטע ייִנגל האט זיך שוין אָפּגעטראָגן, בלײַבט ער שטיין)

נאַפּטאָלי:

נו, וואָס יאָגט איר מיך?
נאַ זעט, אָט האב איך א דערלויבעניש,
אז כ'מעג פארקויפן צײַטונגען אין גאַס.
אָט לעזט: „נאַפּטאָלין באַטווין איז דערלויבט” . . .

(שטופּט אים א פּאַפּירל אין פּאָנעם און לייענט)

פּאָליציימאַן:

(קוקט ניט אפן פּאַפּירל)

די „רויטע שטערנס” גיב אהער, דו מאַמזער!

נאַפּטאָלי:

(לייגט צוריק לאַנגזאַם דאס פּאַפּירל אין טאַש)

די רויטע שטערנס זאָל איך געבן אײַך?
איר ילט, אז איך, א קליינס אזאַ ווי איך,

דערלאַנגען זאָל דעם הימל אייַך צוליב,
און רויטע שטערנס ברענגען אייַך פונדאָרט?
און וואָס באַדאַרפט איר זיי? זיי וועלן בריִען אייַך,
זיי וועלן ברענען אייַך, די פינגער — זעט,
די שטערן זייַנען פייַער...

(באַווייַזט אים אפן הימל)

פּאָליצייִמאַן:
אָט א הינטיש בלוט!
אהער די „רויטע שטערנס",— זאָג איך — גיכער!

(ער נעמט באַזוכן נאַפּטאָלין, נישטערט דורך זייַנע צייַטונגען, זוכט אין די טאַשן, אין די שטיוול, אין היטל. אין דערזעלביקער צייַט מאַכן די יִינגלעך קאָמישע גרימאַסן הינטער דעם פּאָליציאַנטס פּלייצעס. איינער לייגט אים עפּעס אין טאַש אַרייַן)

דו האָסט דאָך קייַן שום זאַך ניט, קליינער מאַמזער,
פאַרוואָס ביסטו פאַר מיר אַזוי אַנטלאָפן?
נאַפּטאָלי:
איר האט א נאָז א רויטע, פּאַניע פּאָליציאַנט,
האָב איך געמיינט, אַז איר זייַט שיקערלעך,
און יעדער שיקער וואַרפט אַף מיר א שרעק.
פּאָליצייִמאַן:

(נעמט אָן נאַפּטאָלין פאַר אַן אויער)

געדענקט! מע וועט די הויט אַף אייַך צעשינדן!
איר, באָלשעוויקעס קליינע, הינט, מאַמזיירים!

(גייט אַוועק. די יִינגלעך שטיקן זיך פון לאַכן)

מיריעם:

(צו נאַפּטאָלין)

וואַרט, כ'וועל דערציילן אַלץ דער מאַמען...

(עס קומען אָן וואַלצער און צעכנאָווסקי)

וואַלצער:
אנו, א רעכטע צייַטונג האָט איר, יאַטן?



אַ יִינגל:

(לויפט צו)

„קוריער"! אן „אָוונט - בלאַט"! „די לעצטע נייַעס"!
צעכנאָווסקי:
איר מוזט א מאַסע געלט פאַרדינען, כעוורע.
פאַראַן א גרויסער אוילעם אין טעאַטער?
נאַפּטאָלי:
פאַראַן. דער געלער היצל איז דאָרט אויך פאַראַן.
וואַלצער:
פאַראַן דאָרט ווער?
נאַפּטאָלי:
דער געלער היצל, נו!
דער וואָיעוואָדע,— ברענען זאָל זייַן קאָפּ,
צערייַסן זאָלן הינט זייַן אומריין פלייש!
וואַלצער:
דער וואָיעוואָדע... נו, דערלאַנג א צייַטונג.
נאַפּטאָלי:
איך וייס, וואָס פאר א צייַטונג איר באַדאַרפט.
וואַלצער:
וואָס פאר א צייַטונג דאַרף איך לויט דייַן מיינונג?
נאַפּטאָלי:

(באַווייַזט מיט א ווונק אפן הימל)

אזעלכע... עמעס? באלד באַקומט איר: רויטער, העי!
וואַלצער:
פונוואַנען ווייסטו, יאַט?
נאַפּטאָלי:
איך בין אויך א באָלשעוויק!
און גאָר אינגיכן גיי איך אין פאַבריק —
א שאַכטלמאַכער וועל איך ווערן.

(וואָס רויטע יִינגל קומט צו)

העי, יאַס, פון שטיוול שלעפּ אַרויס אַ בלאַט.

(יענער נעמט ארויס פון שטיוול צוויי צײַטונגען. דערלאַנגט צעכנאָווסקין און וואלצערן)

וואַלצער:

אין שטיוול האלט איר זיי?

נאַפּטאָלי:

געוויס, ווי דען?

אָט ערשט האט פּאָליציי באַ אונדז געזוכט.

נאָר ניט געזאָרגט, ניט לאַנג שוין וועלן מיר

אין שטיוול האַלטן זיי פאַרשטעקט, ניט לאַנג.

צעכנאָווסקי:

פאַרוואָס?

נאַפּטאָלי:

איך וויים פארוואָס.

וואַלצער:

וואָס ווייסטו, יאַט?

נאַפּטאָלי:

כ'וויים אלץ. די באָלשעוויקעס גייען פלינק,

אַרמייער רויטע הונדערט טויזנט מאַן,

און פענער רויטע, הונדערט טויזנט רויט.

זיי שטייען שוין בא וואַרשע פאַר דעם שלאָס —

זיי וועלן גאָר אינגיכן זײַן בא אונדז. —

איך וויים, כ'וויים אַלץ, כ'בין אויך א באָלשעוויק!

וואַלצער:

ווי הייסטו, יאַט?

נאַפּטאָלי:

נאפּטאָלי הייס איך, באָטווין...

וואלצער:

דו ביסט א ווילער יאט.

(ער און צעכנאָווסקי גייען אוועק אין א זײַטן-געסל. פון טעאטער הערן זיך אָפּ-ריסן פון וואלגארע אָפּערעטע-לידלעך, געזאנגען פון אן אַקטריסע. פון גאַס קענען איבער באווײַזן זיך צוויי עלעגאַנטע לײַט אין צילינדערס, שי‚ערלעך אביסל)



ערשטער צילינדער:

אָי, מאלעצקא, מײַן מאלעצקא זינגט דאָס:

(מאַכט נאָך די אקטריסעס באוועגונגען)

און שאָקאָלאד איז זיס,

נאָר זיסער מײַנע פיס...

(די צײַטונג-יינגלעך דערזעען די צילינדערס, לאָזן זיי זיך צו זיי)

יינגלעך:

— „קוריער"! „קוריער"!

— אן „אָוונט-בלאט"!

— „קוריער"!

(די צילינדערס קוקן זיך ניט אום. גיען ווײַטער מיט א טענצל צום טאַקט פון דער אָפּערעטן-מעלאָדיע)

יינגלעך:

— אן „אָוונט-בלאט"!

א קאטאסטראָפע!

— „נאכט-קוריער"!

— „קוריער"!

א צוג פון רעלסן!

לעצטע נײַס!

נאפּטאָלי:

די באָלשעוויקעס! לעמבערג אין געפאר!

בודיאָני אפן שלאָסבארג!

(די צילינדערס שטעלן זיך אָפּ, קוקן זיך אָן)

ערשטער צילינדער:

וואָס? אפן שלאָסבארג? דאָ אף אונדזער שלאָסבאַרג?

צווייטער צילינדער:

די באָלשעוויקעס... זאָגסט א ליגן, קליינער?

(זיי נעמען בא אים צײַטונגען און לאָזן זיך צו א לאַמטערן זוכן אין זיי. נאַפּטאָלי און די יינגלעך הייבן אָן אוועקגיין)

ערשטער צילינדער:

(שרײַט אים נאָך)

האָסט אָפּגענאַרט, דו קלײנער זשידעק!

נאַפּטאָלי:

כ'האָב ניט גענאַרט, ניט אָפּגענאַרט,
זײ װעלן קומען, איר װעט זען,
זײ שטײען פאַר די טויערן,
זײ גײען אױפן שלאָסבאַרג.

(גײט אַװעק מיט די יִנגלעך)

ערשטער צילינדער:

נו... אָט אַ שװינדלערל, אַ זשיד אַ קלײנער!

צװײטער צילינדער:

(זוכט נאָך אַלץ אין דער צײַטונג)

װאַרט צו, פאַראַן אין בלאַט בודיאָני.

(די איבעריקע שטעקן אַרײַן די קעפּ אין בלאַט, לײענען)

„בודיאָני... האָט... זײַן װײַב... געשענקט
די קרוין פון דער צאַריצע..."
דער צאַריצעס קרוין געשענקט — נישקאָשע!
דאָס באַטרעפט אַן אָרנטלעך ביסל קרײַצערס.

ערשטער צילינדער:

נו, הינטיש בלוט! פאַרװאָס בין איך ניט אַ בודיאָני?
איך װאָלט געװוּסט שױן װעמען כ'האָב צו שענקען...
אַזאַ געשאַנק... אַ קרוין, צװײ קרוינען...
אַביסל בילכער, װי אַ װײַב. — נישקאָשע!
אַ קרוין, צװײ קרוינען... אַ קרוין פאַר יעדן פיסל.

(זינגט מיט דער מעלאָדיע, װאָס טראָגט זיך פון טעאַטער)

מאַלעצקע, אָי, מאַלעצקאַ —
אַ טענצערן, אָי, פיסלעך!



צװײטער צילינדער:

מע זאָגט, ס'איז שלעכט די לאַגע אױפן פראָנט...

ערשטער צילינדער:

איז טאַקע בעסער גײן צו מײַן מאַלעצקאַ!

(לאָזן זיך אין דער ריכטונג צום טעאַטער. פונדאָרט קומט אַרויס פּיאָנטקאָװסקי)

פּיאָנטקאָװסקי:

פרײַנט, צי פײַנט?

(כאַפּט אַרויס דעם רעװאָלװער)

װער שלעפּט זיך אין אַ צײַט אַזאַ?
שפּעט באַנאַכט אין גאַסן פינצטערע?

(די צילינדערס דערשרעקן זיך)

צװײטער צילינדער:

דאָס זײַנען אײגענע, געשעצטער אָפּיצער,
מיר קװיקן זיך די הערצער די פאַרשמאַכטע.
מיט די געטאָקטע גרינגע פיסלעך
פון אונדזער נאַציאָנאַלער טענצערן.

ערשטער צילינדער:

(קוקט זיך אײַן אין פּיאָנטקאָװסקין)

אָך, סטאַך! אַן אַרבעט אויסגעקליבן זיך,
אַרומגײן אינדערפינצטער, װי אַ גײַסט,
און שרעקן מענטשן פּױלישע...

פּיאָנטקאָװסקי:

יעדער גוטער פּאָליאַק מיט אַ פּױליש האַרץ
דאַרף אין נעכט אַזױנע בלאָנדזשען אין די גאַסן!
מע דערצײלט: אין װאַרשע װאַנדלט אױף די פּלעצער
און אין געסלעך פינצטערע — סאָביעסקי,
פונעם קיױװער איז דער קעניג אױפגעשטאַנען...

**ערשטער צילינדער:**

סאָביעסקי... ווער האט אים געזען?

**פיאָנטקאָווסקי:**

נעכטן האט עס אַפן פראָנט דערציילט
דער גענעראַל... דער אַלטער גראַף זאַמאָיסקי.
אינמיטן זיין דערציילן האט א פלי געטאָן
א הארמאַטן־קויל, א באָלשעוויסטישע,
און דעם גראַף זאַמאָיסקיס קאָפּ פארשלונגען,
איז דער אַלטער גענעראַל געבליבן זיצן
מיט גלייַך־פאַרשניצטע אקסלען, אָן לאַמטער אף זיי,
און דאָס לעצטע וואָרט: „סאָביעסקי, אונדזער קעניג"
איז אוועקגעפלויגן מיטן קאָפּ צוזאַמען...

**צווייטער צילינדער:**

סאָביעסקי איז פון קייווער אופגעשטאַנען,
מוז טאַקע ביטער זייַן די לאַגע אפן פראָנט...

**ערשטער צילינדער:**

דו וואַרפסט א שרעק אף אונדז, פיאָנטקאָווסקי,
ניט לאַנג האט אונדז געשראָקן דאָ א קליינער זשיד,
און איצט—אַ אָפיצער א פוילישער...

**פיאָנטקאָווסקי:**

אך, איר שרעקעוודיקע האָזן!
נו, וואָס שלעפט איר זיך ארום באַנאַכט אין גאַס
אין אַ צייַט, ווען אונדזער העלדישע ארמיי
ראַנגלט זיך פאַר פוילן, פאַר איר שטאָלץ און רום,
קעגן די מאָסקאַלעס, קעגן באָלשעוויק?
אין א צייַט, ווען מיר, די פעפעס,
רופט די גאַנצע נאַציע,
אָן אן אונטערשייד פון קלאַס און שטאַנד,
סייַ דעם הראַביע, סייַ דעם כלאָפּ,
סייַ דעם גאַלעך, סייַ דעם אפיקוירעס,
סייַ דעם פאַבריקאַנט און סייַ דעם ארבעטער,
אונטער פאָן און אונטער ביקס,—



פאַרטיידיקן מיט לעצטן טראָפּן בלוט
די סלאָוואַצקיס און מיצקיעוויטשס אלטע פוילן,
קעגן כאַם פון מיזרעך, קעגן באָלשעוויק...

**ערשטער צילינדער:**

דו וואַרפסט א שרעק אף אונדז, פיאָנטקאָווסקי...

**פיאָנטקאָווסקי:**

(צעלאַכט זיך מיט גרויל, קלאַפּט דעם 1־טן צילינדער אין פּלייצע)

שרעק זיך ניט... סאָביעסקי זוכט באַנאַכט אין גאַס
נאָר נעקייוועס שיינע, דאַמען פוילישע...
ס'איז דעם אלטן ענג געוואָרן דאָרט אין גרוב!
כ'וואָלט אליין מיט אים געגאַנגען און געזוכט...
ווייסט דער טייַוול—מאָרגן קאָן שוין זייַן צו שפעט.
די מאָסקאַלעס טראָגן זיך ווי ווילדער ווינט,
מאָרגן קענען זיי אין לעמבערג
די פאַבריקן דייַנע קאָנפיסקירן,
נאַציאָנאַליזירן אלע שיינע פרוי'ען
און צעטיילן צווישן די, וואָס ארבעטן...
הינטיש בלוט! ניטאָ קייַן שיינע פרוי אין שטאָט,
אויסבאהאלטן זיך, פארשוווּנדן...
פונקט ווי צוקער און ווי מעל — ניטאָ!
ניטאָ אפילע די שווארצויגיקע זשידאָווקעס...
הינטיש בלוט!.. און מאָרגן וועט א קאָמיסאַר א באָלשעוויסטישער
לעכערן אף דורך־און דורך מייַן פויליש הארץ...

**צווייטער צילינדער:**

מוז טאַקע ביטער זייַן די לאַגע אפן פראָנט,
אויב אָפיצערן ריידן שוין אזוי...

**פיאָנטקאָווסקי:**

שרעקט זיך ניט, געשעצטער שליאַכטיטש!
בעסער זאָגט, ווי פאַקט מען דאָ א מויד א זאַפטיקע?

כ׳וואָלט זי דאָ אזוי אינמיטן גאַס...
טאַקע אפן בענקל דאָ...

ערשטער צילינדער:

ס׳איז גאָרניט שווער אזוי, פּיאָנטקאָווסקי,
אָט גייט א דאמע דאָרט א יונגע...

(ווײַזט אים אף א פיגור, וואס טונקלט זיך ערגעץ אינדערווײַט)

פּיאָנטקאָווסקי:

(רופט)

דאַמעלע, העי, מיידעלע באַכיינטע, שטיי!..

(די פיגור אײַלט אוועק. פּיאָנטקאָווסקי לאָזט זיך נאָך איר. זי פארשווינדט אין דער טונקלקייט. פּיאָנטקאָווסקי יאָגט נאָך. עס הערט זיך א שטילער געראנגל און פּיאָנטקאָווסקי באווײַזט זיך, שלעפנדיק נאָך זיך דעם פּאָטער פּאטעק)

אך, אנטשולדיקט, הייליקער, איך האב געמיינט,
אז איר זײַט א מויד א יונגע, מיט א בוזעס,
וואָס דערוואַרעמט די פאַרפרוירענע מינוטן
און די לעצטע נעכט פון אָפּיצערן פּוילישע...

פּאָטער פּאַטעק:

(ציילעמט זיך)

אָ, פּאָטער, זון און גײַסט פון הייליקײַט!
אָ, יונגפרוי געטלעכע פון טשענסטאָכאָוו!..
די פאַלשע שלאַנג פון סדאָם שפּאַצירט ארום
אף גאַס און שטיין פון פוילנס אַלטער שטאָט...
דער מאָסקווער אנטיכריסט, דער באָלשעוויק,
פאַרברענט די שײַערס פון דעם ראַביעס הויף,
און צינדט דאָס ווידערשפּעניק האַרץ פון כלאָפּ,
דאָס פּאָנעם פון דער מאַמע ווײַסל גליט
פון בלוט און פלאַם און שאַנד פון רויטער פאָן...

פּיאָנטקאָווסקי:

אײַך איז גוט, איר האט א יונגע ווײַבל,
אָט די טשענסטאָכאָווער מאַמע גאָטעס...



פּאָטער פּאַטעק:

די שליאַכטעס אַלטע פוילן ווערט געשטיקט
פון א פאַרשאָלטענער דרײַייניקײַט—
פון קרומען סערפּ, פון האמער און פון זשיד,
און איר דאָ טרײַבט גאָר אויסגעלאַסנקײַט
אינמיטן גאַס!

פּיאָנטקאָווסקי:

(מיט א געוויסער פארלעגנהײַט)

זײַט רויִק, ניט געזאָרגט!
כ׳זאָג אײַך, פּאָטער, פוילנס שווערד איז שאַרף גענוג,
אונדזער ווײַסער אָדלער מיט זײַן שנאָבל־שאַרף
וועט נאָך אלעמען צעפּיקן זיי די קעפּ.

(פאַרבײַגייער שטעלן זיך אָפּ. עס ווערט א רעדל. פּיאָנטקאָווסקי נעמט אָן א פּאָזע פון אַ רעדנער)

אונדזער כלאָפּ און ארבעטער
אונטער פאָן פון פּעפּעס,
אונדזער העלדישע ארמיי מיט שווערד און שפּיז
וועט זיי, די פאַרשאָלטענע, פאַרטיליקן.
נאָך איז פוילן ניט פאַרלאָרן!

(דער עולם כאַפּט אונטער)

ווי לאַנג, ווי לאַנג מיר לעבן...

(עס קומט אָן דער פּאָליציימאַן)

פּאָליציימאַן:

אנטשולדיקט, ערנווירדיקע און פײַנע הערן,
צעגייט זיך. דאס איז ניט דערלויבט! עס איז מילכאָמע!

(רעדזעט פּיאָנטקאָווסקין. שטעלט זיך פאר אים ״מיליטעריש־אונטערטעניק)

דער פאַן, דער וואָיעוואָדע, זיצט איצט אין טעאַטער,
און קאָן באַווייליקן ארויסגיין באַלד פונדאָרט...

פיאָנטקאָווסקי:
ער וועט ניט באַווילִיקן, דער וואָיעוואָדע־מאַרש!

(דער פּאָליציימאַן רוקט זיך אוועק א צעטומלטער)

ר׳איז פארנומען מיט קאַוועצקעס שיינע פּיסלעך...
ערשטער צילינדער:

(באַומרויקט)

קאַוועצקעס פּיסלעך... הינטיש בלוט!..
פיאָנטקאָווסקי:
יאָ, קאַוועצקעס... כ׳גיי צו אים אין לאָזשע:
— „פּאַן, איך קום פון שטאַב — דער פראָנט איז דורכגעבראָכן...״
צווייטער צילינדער:

(מיט שרעק)

דער פראָנט איז דורכגעבראָכן?
פיאָנטקאָווסקי:
גלאָצט ער מיט די אויגן — שלינגט קאַוועצקעס פּיס!
— „פּאַן, די באָלשעוויקעס שטייען נאָענט פון דער שטאָט...״
צווייטער צילינדער:

(מיט א וואַקסנדיקער פּאַנישער שרעק)

שוין נאָענט פון דער שטאָט?
פיאָנטקאָווסקי:
טרייסלט ער די קני און שלינגט קאַוועצקעס בוזעם!
— „פּאַן, מע קאָן אין שטאָט דערוואַרטן זיך אַן אופשטאַנד...״
צווייטער צילינדער:
אַן אופשטאַנד... דער פראָנט צעבראָכן...
פיאָנטקאָווסקי:
הייבט ער אוף אף מיר די געלע ברעמען:

(קרימט נאָך דעם וואָיעוואָדס פּאַנפּעריק ריידן)



— „כ׳ווייס, געשעצטער אָפיצער... איך ווייס שוין אַלץ.
היינט נאָך הייבט מען אָן עוואַקוירן...
בראַוואָ! פּיס! קאַוועצקאַ!.. און אין טפיסע
האָב איך שוין באַפוילן — אַלץ זאָל גרייט זיין,
וואַרטן נאָר אף מיין פּערזענלעכן באַפעל,
אויסצושיסן אַלע קאָמוניסטן...
דרייצן הונדערט זיצן דאָרט פאַרשפּאַרט.
אַקסלען זעלטענע באַ אָט דער טענצערן...
אַלץ איז גרייט, געשעצטער אָפיצער.
איידער כ׳וועל די שטאָט פאַרלאָזן —
פּיס, קאַוועצקאַ! — וועל איך געבן אַ באַפעל:
צעשיסן!״

(עס דערהערט זיך א שאָס. עס ווערט מיטאמאָל פאַרלאָשן דער גרויסער לאמטערן פארן טעאַטער. און אוילעם שפּאַרט ארויס אין פארכאַטער פּאַניק פון דער טעאַטער־געביידע. עס ווערט א מעהומע און א געלויף. עס הערן זיך טומלדיקע אויסגעשרייען)

— אף טויט!
— דערשאָסן!
— דעם וואָיעוואָדע!

(פונדערטיף קומט צו לויפן צעכנאָווסקי. אין א טעמפּן פינצטערן ווינקל פאַר־לויפט אים דעם וועג פיאנטקאָווסקי, באַלייכט אים דאס פּנים מיט א טאַשן־לאמטערן)

פיאָנטקאָווסקי:
דו!.. א פּוילישער... אַן אַרבעטער!..
שפּיאָן מאָסקאָוויטישער! פאַרעטער
פונעם לאַנד און פון די פּע־פּע־עס!

(שטעלט אים צו א רעוואָלווער צום פּנים)

קום!

(פונדעריזיַיט קומט אָן וואַלצער. גייט צו צו פיאנטקאָווסקין. לייגט אים צו א רעוואָלווער צום אויער)

וואַלצער:

נעווילע, טראָג זיך אָפּ!
און דעם רעוואָלווער גיב אהער!
נו, גיכער!

(פּיאַנטקאָווסקי גיט אָפּ דעם רעוואָלווער. צעכנאָווסקי און וואַלצער מישן זיך אויס מיטן מעוואַלוציאָנערן עולם, וועמענס פּאַניק האַלט אין איין שטייגן. אינעם האַמוי רייַסט זיך אַריין נאַפּטאַלי און נאָך עטלעכע פון די יינגלעך)

נאַפּטאָלי:

(שרייַט מיט אַלע קויכעס)

— די באָלשעוויקעס!
— די שטאָט פאַרנומען!
— די רויטע מאָסקאַלעס אין שטאָט!

פּיאָנטקאָווסקי:

(בלאָנדזשענדיק מיטן קסיאָנדזו צעטומלט)

וואָס? ווו? ווו זייַנען זיי?

קסיאָנדז:

פּאָטער, זון און גייַסט פון הייליקייַט!

נאַפּטאָלי:

— די באָלשעוויקעס!
— פערציק טויזנט מאַן!
אַפן גרינעם פּלאַץ!
אַפן שלאָסבאַרג!
דעם מאַגיסטראַט פאַרנומען!
שיסן אָפיצערן און גאַלאָכים!
„קוריער"! „קוריער"!
די שטאָט פאַרנומען!
פערציק טויזנט מאַן!
די באָלשעוויקעס...

(עס ווערט א מוירעדיקע פּאַניק. דער עולם לאָזט זיך לויפן אין אַלע זייַטן. פּיאָנטקאָווסקי וואַרפט אַראָפּ פון זיך זייַן אָפיצערישן מאַנטל און דעם הוט און



אַנטלויפט מיט די לעצטע קויכעס. דאָסזעלבע טוט דער גאַלעך. צעכנאָווסקי באַנוצט זיך מיט דער פּאַניק און פאַרשטעקט זיך הינטער א טויער. דער פּלאַץ ווערט באַלד פּוסט. נאַפּטאָלי נעמט דאַן דעם אָפיצערס און קסיאָנדזוס קליידער, טראָגט זיי צו צעכנאָווסקין. יענער וואַרפט אָן אויף זיך דעם אָפיצערישן מאַנטל און דעם הוט און נעמט גיין)

נאַפּטאָלי:

און אייַער כאַווער ווו האט איר געלאָזט?

צעכנאָווסקי:

דאָרט אין גרינעם טויער באַם טעאַטער.

(נאַפּטאָלי לויפט שנעל, קומט פונדאָרט ארויס מיט וואַלצערן אָנגעטאָן ווי א גאַלעך. פון א זייַטן-געסל שלעפּט זיך דער שיקער מיט זייַן זינגעדיק-קלאָגעדיק לידל)

נאַפּטאָלי:

איך קאָן דאָ אַלע געסלעך, פּאַניע קסיאָנדזו,
איך ווייס דאָ אַלע הויפן, אָפיצער —
איר קאָנט מיר נאָכגיין אפן טראָט!

שיקער:

אָי, טויבן מייַנע, איך האב אייַך געקויפט,
און איר, וואָס פליט איר ניט?

נאַפּטאָלי:

אהיים! די טויבן דייַנע פליִען שוין.

(שרייַט)

— די באָלשעוויקעס!
— פערציק טויזנט!
— די שטאָט פאַרנומען!

פאָרהאַנג

# בילד 1

בא באָטווינען אין שטוב.

ס'איז אָן ארבעטער־יאָנטעוו, און עטלעכע כאַוויירים זײַנען זיך צונויפגעקומען אינ־דערשטיל פאַרברענגען. דער אוילעם זיצט אין גרופּעס. עס ווערט גערעדט שטיל־אײַנגעהאַלטן . . .

די ליכט איז פארשטעלט מיט טונקל פאַפּיר. די פענצטער זײַנען געדיכט פאר־האנגען. איין גרופּע אין א ווינקל זינגט שטיל, ברומענדיק א רעוואָליוציאָנער ליד. פון צווייטן צימער קומט ארויס פרוי באָטווין. זי גייט שטיל צו צו דער זינגענ־דיקער גרופּע.

**פרוי באָטווין:**

**ש־ש־ש־שאַ. . . קינדער, שטיל . . . איר זינגט צו הויך . . .**

(די גרופּע הייבט אָן זינגען נאָך שטילער. פרוי באָטווין גייט צו צום פענצטער, פאריכט די פאָרהענגלעך אזוי, אז עס זאָל קײַן ליכט ניט דורכדרינגען דורכן פענצטער. מאכט צורעכט דאס טונקעלע פאַפּיר ארום דעם לאָמפּ)

**נאַפּטאָלי:**

**העי, כאַווערטע, דו מאַכסט דאָך פינצטער גאָר. . .**

**פרוי באָטווין:**

**מע דאַרף זיך היטן, קינדערלעך.**

**ניטוויַט פונדאַנען שטייט א פּאָליציאַנט. . .**

(גייט ארויס אין צווייטן צימער)

**מיריעם:**

(שטיל צו נאַפּטאָלין)

**פארוואָס איז יוזעף ניט געקומען?**

נאַפּטאָלי:

(גוטמוטיק, שמייכלענדיק)

ער וועט נאָך קומען, שרעק זיך ניט.

יאָשקע:

(פון אַ צווייטער גרופּע ארויס)

האָב איך אזוי צו איר געזאָגט:
דו ביסט א שיינע מויד,
אַף מיר א יאָר אזאַ!
און איך האָב דיך ליב אזוי,
אז ס'קלאַפּט א העמערל אין האַרץ!
נאָר ביסטו א פּעצעקעכע,
האָב איך דיך פײַנט,
ביסט ניט אַף מײַנס א קאָפּעטע געניים —
כ'האָב פײַנט בונדיסטקעס און פּעצעקעכעס!

(אוילעם לאַכט)

נאַפּטאָלי:
כ'וועל אַלע מיידלעך הייסן ווערן
בונדיסטקעס און פּעצעקעכעס.

יאָשקע:
געוויס, זיי וועלן אַלע ווערן,
אז מיר דערלאָזן דאָ פּעצעקעס,
אז מיר דערלאָזן דאָ א „בונד" —
מיר פירן ניט קײַן קאַמף מיט זיי!
דאָס איז געאַרבעט אַף טאַנדעט!

(הייבט אוף די פויסטן)

א קלאַסנקאַמף מיט זיי!

ערשטער ארבעטער:
גערעכט, א קלאַסנקאַמף!



צווייטער ארבעטער:
מיט פויסטן, מיט קלעפּ!

דריטער ארבעטער:
מיט שטעקנס איבער קעפּ.

יאָשקע:
מיט שטעקנס איבער קעפּ! פאַרטרײַבן זיי!

נאַפּטאָלי:
פאַרטרײַבן פון די שיינע מיידלעך!..

יאָשקע:
געוויס!
זי איז א שיינע מויד,
אַף מיר א יאָר אזאַ!
און ס'פּאַסן די פּעצע צו איר,
ווי געלער לאַק צו שוואַרצן כראָם,
נאָר איך האָב פײַנט פּעצעקעכעס...

א מיידל:

(גייט צו צו אים)

און איך בין קײַן פּעצעקעכע
נאָך קיינמאָל ניט געווען...

יאָשקע:

(צו דער ברומענדיקער גרופּע)

גענוג געזונגען, העי, גענוג געקלאָגט!
א טאַנץ! ווער גייט א שוכטער־טאַנץ?
מיט א שטיפּט און פלעקל, קלאַסנקאַמף!

(ער נעמט אָפּרוקן אָנאַזײַט די טישן)

מיריעם:

(צו נאַפּטאָלין)

ער וועט, אוואַדע, שוין ניט קומען הײַנט...

נאַפּטאָלי:

ער וועט, אוואַדע, יאָ נאָך קומען היינט...

מיריעם:

ס'איז שפּעט אזוי און ער איז אלץ ניטאָ!

נאַפּטאָלי:

ער וועט נאָך זיין, נאָר דו צעוויין זיך ניט,
ער האט ניט ליב פּעצעקעכעס...
דו האָסט אים זייער ליב?

מיריעם:

איך האב אים זייער ליב.

נאַפּטאָלי:

עס קלאַפּט א העמערל אין הארץ?

מיריעם:

נו, קלאַפּט. געפעלט דיר ניט?

(די טישן ווערן פאַנאנדערגערוקט. יאָשקע וויל אָנהייבן טאַנצן. עס קומט אריין צעכנאָווסקי, אביסל אויסגעטרונקען)

נאַפּטאָלי:

איך טרינק דאָס צענטע גלעזל ביר
לעקאָוועד אונדזער כאַווער יוזעף!

צעכנאָווסקי:

און איך האב היינט לעקאָוועד אונדזער יאָנטעוו
געטרונקען ווין... דעם רויטסטן וויין.

(אָנאָזייט צו נאַפּטאָלין)

געטרונקען וויין בא א בורזשוי.

נאַפּטאָלי:

בא א בורזשוי?

צעכנאָווסקי:

בא א בורזשויקע...

נאַפּטאָלי:

האָסטו געטרונקען וויין בא א בורזשויקע?



צעכנאָווסקי:

אזעלכע קומט צונויף אמאָל,
פאר אונדז, פאר יאַטן אומלעגאַלע...

(עס עפנט זיך די טיר און עס רוקט זיך אריין דער פּאליציאַנט. דער אוילעם ווערט אף א ווײַלע צערודערט)

פּאָליציאַנט:

און וואָס איז דאס, געערטע הערן מיינע?
ניט מיר, ניט דיר, אזוי זיך דאָ פארזאַמלט,
פארגעסן גאָר אָן אונדזערע געזעצן...

נאַפּטאָלי:

בא אונדז איז טנאָים, פּאַני פּאָליציאַנט.

(באווייזט אף צעכנאָווסקין און מיריעמען)

א פיינע כאָסן־קאַלע, האַ?
נו, נעמט א גלעזל, פּאַני פּאָליציאַנט.

(ער טראָגט צו דעם פּאָליציאַנט א גלאָז בראנפן, דער פּאליציאנט קראַצט זיך א ווײַלע, שלינגט דאן אריין דאָס גלאָז מיט איין זופּ. נאַפּטאָלי טראָגט אים גלייך צו א צווייט גלאָז, דערלאַנגט אים א שטיק הערינג)

נעמט נאָך א גלעזל, פּאַני פּאָליציאַנט!

פּאָליציאנט:

א פיינע, גאָר א פיינע כאָסן־קאַלע.

(טרינקט)

און פיינער בראַנפן, פיינער הערינג...

(נאַפּטאָלי דערלאַנגט אים נאָך א גלאָז געמישט בראָנפן מיט ביר. פרוי באָטווין באווייזט דעם קאָפּ פון צווייטן צימער מיט א שטיק פלייש אין האַנט)

פרוי באָטווין:

א גאַסט א כאָשעווער אזאַ...
פאַרזוכט א שטיקל פלייש, געשעצטער פּאַן...

(דער פּאליציאַנט זופּט און פארבייסט)

פּאָליציאַנט:

זאָל זײַן מיט גליק אײַך, כאָסן־קאַלע!

נאַפּטאָלי:

(צו צעכנאָווסקין און מיריעמען)

וואָס שטייט איר שטום? דער פּאַן, דער פּאָליציאַנט,
האָט אײַך געווונטשן, ס'זאָל אײַך זײַן מיט גליק...

(צום פּאָליציאַנט)

זיי שעמען זיך... א שעמעוודיקע פּאָר...
וואָס שטייט איר ווי די לעמעלעך?
גייט נעענטער צו... אָט שטעלט זיך דאָ...
דער פּאַן, דער פּאָליציאַנט, וויל בענטשן אײַך...

(ער פירט צו צעכנאָווסקין און מיריעמען צום פּאָליציאַנט, שלייפט זיי צוזאמען די הענט און שטעלט זיי אין א פּאָזע פון כאָסן־קאַלע. דער פּאָליציאַנט הייבט זיך אָן אונטערוואַקלען)

פּאָליציאַנט:

זאָל זײַן מיט גליק... (צייל̄עמט זיך) מיר, די פּאָליציי,
דערלויבן צו מאַכן טנאָים וויפל איינער וויל!
זאָל זײַן מיט גליק!

נאַפּטאָלי:

און איצט צעקושט זיך, כאָסן־קאַלע!

(צעכנאָווסקי און מיריעם נעמען זיך ארום און צעקושן זיך. די ארומיקע פּאַטשן בראַוואָ)

פּאָליציאַנט:

און איך בין קיינמאָל ניט געווען קיין כאָסן.—
מײַן טאַטע איז געווען א כאָלערע!

נאַפּטאָלי:

א כאָלערע?

אַלע:

(כאַפּן אונטער)

א כאָלערע?



פּאָליציאַנט:

א הינטישע כאָלערע... און געפּייגערט.

נאַפּטאָלי:

געפּייגערט?

אלע:

געפּייגערט?

פּאָליציאַנט:

געפּייגערט. און געלאָזט מיר א ירושע:
א כאַזער און א בײַטש, נאָר ניט קײַן ווײַב!
און וואָס איז ס'לעבן אף דער וועלט,
אז דו האסט ניט קײַן כאָלערדיקע ווײַב?

נאַפּטאָלי:

(דערלאַנגט אים ביר)

פארזוכט דערווײַל אביסעלע
פון דעם כאָלערדיקן ביר.

(פּאָליציאַנט טרינקט. זײַן שיקרעס שטײַגט)

פּאָליציאַנט:

און זיי, די פּאַניעס, די פּאַנאָוויעס—
דער וואָיעוואָדע און דער פּאַן פּיאָנטקאָווסקי—
זיי זײַנען זין פון הינט—מיט הינטיש בלוט.—
נו, שטיי און היט זיי ביז אַ קאָמוניסט וועט קומען
און ארונטערנעמען דיר דעם קאָפּ
און לאָזן דיך ארומגיין אין די גאַסן
אָן א קאָפּ און אָן א ווײַב און אָן די שליפּעס...

(עס פאַלט ארײַן פרוי קופּערקנאָפּ)

פרוי קופּערקנאָפּ:

אז אָך איז מיר און ווײ און ווינד איז מיר!
א קרעטשמע האט איר דאָ געמאַכט אין הויז.

דעם דיל צעלייגט איר אַף כּײַן קאָפּ,
מײַן הויז ווילט איר צעלייגן מיר...

(דערזעט דעם פּאָליציאַנט, האַקט אָפּ א צעטומלטע)

פּאָליציאַנט:

(צו פרוי קופּערקנאָפּ)

דו זעסט ניט, אז דאָ זײַנען כאָסן־קאַלע?
די פּאָליציי דערלויבט צו מאַכן טנאָים,
ווילסטו זיך שטעלן קעגן פּאָליציי?
פרוי קופּערקנאָפּ:

(דערשראָקן)

כאָלילע, וואָס, עך קלאָג זיך דען?
עך זאָג נאָר, ס'איז א שאָד דער דיל...
פּאָליציאַנט:

(לאָזט זיך צו איר)

אז פּאָליציי דערלויבט, זאָל זײַן דערלויבט!
דו הינטיש בלוט! דו ביסט א קאָמוניסטקע!
פרוי קופּערקנאָפּ:
כאָלילע, וואָס, עך קלאָג זיך דען?
אז פּאָליציי דערלויבט, זאָל זײַן דערלויבט...

(לויפט ארויס)

פּאָליציאַנט:
ס'איז יעדער ייִד א קאָמוניסט!
ס'איז יעדער קאָמוניסט א מאָסקאַל!

(גייט צו צום טיש. טרינקט)

פאַר דעם געזונט פון כאָסן־קאַלע!

(זינגט און דרייט זיך אַף זיינע יואקלענדיקע פיס)



לעז מיר, ציגײַנערן,
אַף מײַן רעכטער האנט,
וועל איך דיר, סײַערע,
געבן א דאַנק:
ליבט ער מיך יאָ,
צי ליבט ער מיך ניט —
לעז מיר, ציגײַנערן,
אַף מײַן רעכטער האנט...

(ער לאָזט זיך אראָפּ אַף א שטול, דער קאָפּ נעמט אים זינקען כראָפּענדיק)

צעכנאָווסקי:
נעוויילע, איצט וואָלט גוט געווען
צו שלעפּן אים ארויס אין גאַס,
און ערגעץ אין א טויבן ווינקל
דערשיסן מיט זײַן אייגענעם רעוואָלווער
נאַפּטאָלי:
ביסט אראָפּ פון זינען, יוזעף?
צעכנאָווסקי:

(צעלאַכט זיך)

האסט דערשראָקן זיך, נאַפּטאָלי,
דערשראָקן זיך פאר בלוט.
ניט שרעק זיך—כ'וועל אים לאָזן כראָפּען דאָ.
ווען מאָסקווער יאַטן וואָלטן זיך
פאר בלוט געשראָקן, ווי נאפּטאָלי...
נאפּטאָלי:
ווען בלוט איז נייטיק, שרעקט מיך ניט קײַן בלוט.
צעכנאָווסקי:
דאָס בלוט פון הינער, צי פון גענדז?
נאַפּטאָלי:
אפילע ניט דאס בלוט פון דיר...

צעכנאָווסקי:
דו ביסט א ווילער יאַט, נאפטאָלי,
אַלעווייַ אסאַך אזוינע פראָלעטאַריער!
ער, ס'וואָלט זיך געוואָלט א גלעזל ווייַן...

(גייט צו צום טיש. זעצט זיך אַוועק. דאזועלבע טוען די איבעריקע)

נאַפטאָלי:
און איך האָב גאָר אַן אנדערן באַגער —
איך וואָלט געוואָלט אין מאָסקווע זייַן
און זען אונדזער יאָנטעוו דאָרט...

(צווישן דעם עולם גייט דורך א שעפטש)

שטימען:
— אין מאָסקווע...
— אין מאָסקווע זיצט מען ניט בא טונקל ליכט.

נאַפטאָלי:
די שטיינער גליִען דאָרט פון אונדזער טראָט,
די שויבן ברענען דאָרט פון אונדזער פרייד.

יאָשקע:
זוי, אונדזער מאָסקווע, אונדזער מאָסקווע!
קיין „בונד" ניטאָ, ניטאָ פּעצע!

נאַפטאָלי:
אף ווייַטע הייַזער פענער רויט צעפלאַטערטע,
און רייַטער אף באפוצטע פערד
און קעפ אף קעפ און פרייד אף פרייד,
פון אלע זייַטן שאַלט מוזיק,
פון גאס און געסלעך שטראָמען מאַסן —
צום רויטן פלאַץ, צו לענינס מאַוזאָליי...

צעכנאָווסקי:
און איך וואָלט דאָרט געריטן אף א פערד,
א פערד א ווייַסן מיט א שפּיז אין האנט,
און אפן שפּיץ פון שפּיז א רויטע פאָן...



מיריעם:
און איך וואָלט מייַלן גיין צופוס,
געגאַנגען טעג, געגאַנגען נעכט,
אָן ברויט, אָן טרונק, אָן שלאָף, אָן רו,
ווען כ'וואָלט געוווסט, איך וועל דערגיין אהין.

צעכנאָווסקי:
און איך, כאַווײרים, האב א פלאַן —
איך וואָלט געהייסן אלע ארבעטער
פארווארפן זעג און האַק און ראָד און פאַס,
פאַרלאָזן דאָס פאַרשאָלטנ לאַנד
און לאָזן זיך אהין, אין אונדזער הײם,
אין אונדזער לאַנד, אין ראַטנלאַנד...

נאַפטאָלי:
און ווער עמען לאָזן אונדזער האָב און גוטס?

צעכנאָווסקי:
דייַן האָב און גוטס? דו האסט שוין האב און גוטס?
און איך האב ניט געוווסט, נאפטאָלי,
אז דו ביסט גאָר א רייַכער יאַט!

נאַפטאָלי:
מיר האבן דאָ פאַבריקן, מילען, באַנען,
דאָס אַלץ, וואָס אונדזערס איז און וועט אמאָל
געהערן אונדז — אף וועמען לאָזן דאס?

צעכנאָווסקי:
דו ביסט א ווילער לעק, נאפטאָלי,
לאָז איבער זיי דייַן האב און גוטס,
און זאָלן זיי דערמיט זיך ווערגן!
נו, שטעל זיך פאָר, אז רודאַק אָדער בריל,
צי ווי ער הייסט דאָרט דער בורזשוי,
פאַרפאָרט זיך מיט זייַן אַווטאָ אין פאַבריק,
ער גיט א קוק — די רעדער זייַנען שטום,
די אויוונס טויט, די רימענס שטיל —
וואָס איז? קייַן ארבעטער ניטאָ!

װוּ זײַנען זײ? באַנאַכט אװעק!
װוּהין? אהײם, צו זיך אין ראַטנלאַנד!

(דער אוילעם װערט עקסטאַזיש)

אזוי אין אײן פֿאַבריק און אין דער צװײטער,
ניטאָ קײן פּירײַר אפֿן צוג,
קײן הײצער אף דער שיף...

יאָשקע:
קײן שוסטער אין װאַרשטאַט!

נאפּטאָלי:
דו מײנסט אן אלגעמײנעם שטרײַק?

צעכנאָװסקי:
א שטרײַק, אז בריל זאָל גיבן אונדז
מיט צװאַנציק גראָשן מער אַ טאָג?..
איך שפּײַ אף אים מיט זײַנע צװאַנציק גראָשן!
איך האָב א לאַנד, װוּ האַר בין איך.—
נו, זאָל ער קומען דאָרט צו מיר,
איך װעל אים שיקן בעטלען אין דער גאַס!
איך װעל אים שיסן, װי א הונט!
איך װעל אים הענגען אף א סלופּ!
איך װעל אים...

(טרינקט האַסטיק אויס דאָס ביר)

ביטער װי די גאַל...
זאָל ער זיך שטיקן מיטן ביר!

(טרינקט האַסטיק אויס נאָך א גלאָז).

װען איך װאָלט זײַן אין מאָסקװע!
כ'װאָלט ניט געשװיצט זאָרט אין װאַרשטאַט...
עך... לאָמיר װאַרפֿן האַק און זעג
און לאָזן זיך אהין...



נאַפּטאָלי:
און איך האָב ליב מײַן האַק און זעג—
איך האָב א גראָבע נאָז און מיר געפֿעלט
דער רײעך פֿון דעם האַמערס שװײס.—
מיר װעלן מאַכן מאָסקװע דאָ בא אונדז...

(גײט צו צום פּאָליציאַנט, באַקוקט, צי ער שלאָפֿט)

זי כראָפּעט גאַנץ געשמאַק, די פּאָליצײ...

(עס קומט ארײַן װאַלצער)

אָ, װאַלצער, קום אהער און גיב א קוק,
מיר האָבן זי אװעקגעלײגט, די פּאָליצײ...
העי, יאָשקע, נו, דעם שוסטער־טאַנץ,
מיט שטיפֿט און פֿלעקל—קלאַסנקאַמף!

װאַלצער:
געװוּג דערװײַל א שוסטער־טאַנץ,
א קלאַסנקאַמף װעט מאָרגן װערן ערשט געטאַנצט.
די פֿאַבריקאַנטן און די דעפֿענסיװע
באַשטעלן שוין פֿאַר אונדז דעם טאַנץ...

(זײַנע װערטער רופֿן ארויס אַן אומרעגנדיקע נײַגעריקײט. אלע װאַרפֿן זיך צו אים)

שטימען:
— װאָס איז?
— געשען נײַס?

װאַלצער:
זײ האָבן זיך ארומגעקוקט,
אז ס'װערט געאַרבעט װײניק שאָ אין טאָג,
און װײניק ארבעטלאָזע איז פֿאַראַן...

(די אומרעגונג װאַקסט)

שטימען:
— נו?

וואַלצער:
זיי האבן זיך פאַרזאַמלט און באַשלאָסן
פארלענגערן די שאָ פון ארבעט אין פאַבריק,
פאַרקלענערן די צאָל פון די, וואָס ארבעטן,
א דריטל ארבעטער פאַרטרייבן!

צעכנאָווסקי:
און רודאַק פירט דאָס אן די גאַנצע זאַך,

(צו נאַפּטאָלין אָנאַזייט)

כ'האב הייַנט זיך דאָס דערוווסט פון רודאַקס ווייַב.

וואַלצער:
די דעפּענסיווע וועט דערווייַל
ניט זיצן מיט פארלייגטע הענט—
א צעטל פון פארדעכטיקטע איז גרייט,
און קאַמערן אין טפיסע זייַנען גרייט...

נאַפּטאָלי:
און קאמוניסטן וועלן אויך זייַן גרייט!
פאַרליִרט דערווייַל ניט, יאַטן, אייַערע נערוון.
ס'איז הייַנט דער טאָג פון אונדזער פרייד—
העי, יאַקע—נו, דעם שוסטער־טאַנץ!
מיט שטיפט און פלעקל!



# בילד 2.

אַפן הויף פון רודאקס פאבריק. אַן אופגעברויזטער אַרבעטער־אוילעם, יִדישע און ניט־יִדישע, צווישן זיי — נאפטאָלי, וואלצער און דער שיקער.

ווען דער פאָרהאנג הייבט זיך אוף, ווארפט זיך דער אוילעם מיט אופגעצאָרנטע אויגן און צעבייַלטע פויסטן אפן שיקער.

שטימען:
— פארפוילטער שפּיאָן!
— אַגענט!
— פאַרקויפטע נעשאָמע!

נאפטאָלי:
כאַווײרים! כ'מיין, ס'וואָלט בעסער זייַן,
די הענט צו האלטן פעסט בא זיך,
צי ס'איז דער מאַן א שפּיאָן, צי ניט...

שטימען:
— א שפּיאָן! א שפּיאָן!
— א פּראָוואָקאַטער!
— פארקויפט זיך פאַר א גלעזל שנאַפּס!
— ער שטעלט צונויף פאַר רודאַקן א שוואַרצן ליסט!

נאַפּטאָלי:
נאָר אויב איר לאָזט פאנאנדער פרייַ די הענט,
דערגרייכט די פּאָליציי איר ציל.

(דער צעהיצטער אוילעם טרעט אָפּ א ווייַלע פונעם שיקער)

שיקער:
ניט שלאָגט, כאַווײרימלעך, אין קאָפּ,
מייַן קאָפּ איז ניט קיין אייַזערנער,

ער קאָן נאָך אונטער אײַערע הענט
צעבראָכן ווערן ווי א טאָפּ.
און איך—איך מיין דאָך ניט קיין בייז,
פארטריקנט איז אזוי דער האלדז,
און זיי דערלאַנגען שנאַפּס און ביר:—

(קרומט נאָך עמעצנס רייד)

„דו הער נאָר ווער און וואָס עס רעדט,
און ווײַטער דארפסטו גאָרניט טאָן".
וואָס וויל איך דען? וואָס מיין איך דען?
באַנעצן נאָר דעם דאַרן האַלדז.

שטימען:

— מענוּוול!
— פארפ׳ילטער שיקער!
— יודאַ!

(דער אופגערעגטער אוילעם לאָזט זיך ווידער צו אים מיט געבײַלטע פויסטן)

גאַפּטאָלי:

כאַווײרים, האלט די הענט בא זיך,
זיי וועלן קומען אײַך צוניק.

שיקער:

געוויס, געוויס, כאַוויירימלעך,
זיי וועלן קומען אײַך צוניק.
וואָס וויל איך דען? וואָס מיין איך דען?
פארגיסן נאָר דעם דאַרן קאָפּ...
נו, ווילט איר ניט—דארף מען ניט...
און וואָס איז מיר געבליבן דען?
קיין נעכטער ניט, קיין ווײַב, קיין זון.
ניט שלאָגט, כאַווײרימלעך, אין קאָפּ...
און זײַט געזונט—איך גיי אוועק,
און רעדט זיך וואָס איר ווילט...

(הייבט אָן אוועקגיין זונגענריק, קלאָגנדיק)



אוי, טויבן מײַנע, איך האב אײַך געקויפט,
און איר, וואָס פליט איר ניט?

נאַפּזאָלי:

(גייט צו צו אים, נעמט אים פאר דער האַנט)

דו שיקער, דו אומגליקלעכער,
די קינדער דײַנע האבן אויסגעהויכט
דעם לעצטן אָטעם אף דער כליָע,
און דו פארקויפסט זיך פאר א שנאַפּס!

(פירט אים צו צו א בײַדל, וואס שטייט אין א ווינקל, עפנט די טיר)

אהער גיי! זיצן זאָלסטו דאָ
ביז אלע וועלן זיך צעגיין.

שיקער:

(שטעקט ארײַן דעם קאָפּ אין בײַדל)

ס׳איז פינצטער דאָ ווי אין מײַן קאָפּ,
ווען כ׳גיס קיין גלעזל ניט ארײַן...
וואָס וויל איך דען? וואָס מיין איך דען?

(גאַפּטאָלי פארמאַכט הינטער אים דאס טירל, דער אוילעם צעשיט זיך איבער הויף. אין איין הויף-ווינקל שטייען פוילישע ארבעטער, צווישן זיי וואלצער אין אן אנדער ווינקל צווישן א גרופּע יידישע ארבעטער שטייט גאַפּטאָלי. דער אוילעם טומלט, קאָכט זיך אין אופרעגונג)

וואַלצער:

דער פלאַן איז פראָסט, נאָר גוט פאַרטראַכט,
געפינט זיך ווו אן ארבעטער,
וואָס טראָגט אף אקסלען פעסט א קאָפּ,
און האט אין קאָפּ אביסל מאַרך,
ווערט מען באפאלן אים באַנאַכט,
פארכאַפּן אים פון בעט ארויס...

שטימען:

— אין קאַמערן דערשיסן!
— פּאַרפּײַניקן אין טפּיסעס!

וואַלצער:

דערנאָך גייט אַלץ שוין, ווי געשמירט —
די אַרבעט־צײַט, דער אַרבעטלוין.
זיי ווילט זיך צאַפּן אונדזער שווייס
ניט טראָפּנווײַז, נאָר אויף דער קוואָרט!

(עס קומט אָן רודאַק מיט עטלעכע קאָנטאָר־אָנגעשטעלטע, גייט צו צו וואַלצער.)

רודאַק:

... איך זאָג אײַך, הערן אַרבעטער,
איר היצט זיך גאָר אומזיסט, אומנישט,
די אַרבעטער די פּוילישע
פֿאַרבלײַבן אַלע אויף דער אַרבעט —
מע זאָגט נאָר אָפּ די ייִדישע...

וואַלצער:

און אַרבעט־צײַט און אַרבעטלוין?
איר האָט אַ קאָפּ אַ גוטן, פּאַני רודאַק.
נאָר בײַ אונדז איז ניט פֿאַראַן
קיין ייִדישע, קיין פּוילישע,
מיר האָבן דאָ נאָר אַרבעטער!

רודאַק:

אויף אײַך איז מיר דער ווונדער גרויס,
געשעצטע הערן אַרבעטער,
איר זײַט דאָך פּוילישע, דאַרפֿט איר פֿאַרשטיין,
ווי וויכטיק ס'איז אין איצטיקן מאָמענט
די אינדוסטריע פֿון אונדזער לאַנד.
איך זאָג אײַך נאָך און נאָכאַמאָל,
געשעצטע הערן אַרבעטער...

(זײַנע ווערטער ווערן פֿאַרלאָרן אין אַלגעמיינעם טומל. ער גייט אַוועק אָן
אויפֿגעקאָכטער)



נו, טוט ווי איר פֿאַרשטייט!

נאַסטאָלי:

... און ווײַל מיר ווייסן זייער לאַנג.
פֿאַרלויפֿן וועלן מיר דעם וועג.
מיר דאַרפֿן איצט דערלאַנגען זיי
אַ קנאַק אַזאַ אין די צילינדערס,
זיי זאָלן זען, אַז צו הויך
פֿאַררײַסן זיי די קעפּ! —
אַ שטרײַק!

שטימען:

— אַ שטרײַק!
— אַן אַלגעמיינער שטרײַק!

(אויף אַ קאַסטן דראַפּעט זיך אַרויף אַ פֿאַרשטייער פֿון פּע־פּע־עס)

פֿאַרשטייער:

כאַווײרים, לאָזט זיך ניט אויף פּראָוואָקאַציעס,
וואָס ס'האָבן צוגעטראַכט אַגענטן מאָסקווער.
זיי ווילן זייען טומל און צעריסנקײַט
אינעם פּוילישן פּראָלעטאַריאַט —
די רובלס גאָלדענע, וואָס קײַקלען זיך אַהער
פֿון רויטן רוסלאַנד דורך געהיימע וועגן —
אָט יענע רובלס קלינגען פֿון די פֿראַזן
און רעוואָלוציאָנערע הויכע ווערטער.

אַ שטים:

ריכטיק! ריכטיק!

פֿאַרשטייער:

די פּע־פּע־עס וועט ניט דערלאָזן,
אַז אונדזער קאַמף זאָל ווערן קאָנטראָלירט
דורך באָלשעוויסטישע אַזיאַטן.

(ס'הערן זיך פֿאַריינצלטע שטימען: ריכטיק! ריכטיק! בײַם גרעסטן טייל אָבער
רופֿן זײַנע ווערטער אַרויס צאָרן און אויפֿרעגונג. טייל אַרבעטער לאָזן זיך צום
רעדנער און נעמען אים אַראָפּשלעפּן פֿון קאַסטן)

שטימען:
— וויפל האט דיר רודאַק אָפּגעצאָלט?
— של׳אַכטשיק!
— פריצישער הונט!

(דער רעדנער פארלאָזט דעם קאסטן. ס׳כאַפּט זיך ארוף א צווייטער רעדנער אין ברילן)

רעדנער אין ברילן:
כאַווײרים, פראָלעטאַריער יידישע!
דער פאָרשטייער, דער איינציקער
פון ארבעטער פון יידישן,
דער „בונד" איז אין איצטיקן מאָמענט
פאַרנומען מיט די וואַלן צו קעהילעס.
די דעמאָקראַטישע קעהילע איז באַרופן
צו זײַן דער וויכטיקסטער פלאַצדארם
פון קלאַסנקאַמף אין אונדזער סוויווע.
און לאָזט זיך ניט פארפירן פון די רויטע.
וואָס האבן זיי געמאַכט אין רוסלאַנד
פון אונדזער יידישער קולטור?

א שטים:
וועגן שטרײַק! דו רייד ניט פון קעהילעס! —
דער „בונד" איז פארן שטרײַק, צי קעגן?

רעדנער אין ברילן:
דער „בונד" איז פארן שטרײַק, און קעגן,
דער „בונד" איז קעגן רויטער דעמאַגאָגיע,
דער „בונד" גייט צו די וואַלן פון קעהילעס,
קעדיי צו קעמפן דאָרט...

יאָשקע:
פאַר בונדישע מיקוועס!
דו זאג אונדז בעסער וועגן שטרײַק —
פאר, צי קעגן?



רעדנער אין ברילן:
אי פאַר, אי קעגן, לויט דער סיטואַציע...
אין איצטיקן מאָמענט איז די קעהילע
דער וויכטיקסטער פלאַצדארם...

שטימען:
— זאָל ער גיין אין דער קעהילע!
— זאָל ער גיין אף קוליעס!
— אראָפּ!

(ס׳וועדט א טומל. דער רעדנער ווערט אראָפּגעשלעפּט פונעם קאַסטן, עס שפּרינגט ארוף א פאָרשטייער פון פּ. צ.)

פאָרשטייער פון פּ. צ.:
איך שטיי, כאַווײרים, אפן שטאַנדפונקט,
אז די, אזוי צו זאָגן, עקאָנאָמיק
פון ארבעטער, פון יידישן,
דערלויבט ניט, אזוי צו זאָגן...

יאָשקע:

(גייט צו צו אים, שלעפּט אים בא א פּאָלע)

הער אוף צו פּלוידערן, אידיאָט!

(דער „פאָרשטייער" כאפּט זיך ווידער ארוף אפן קאַסטן. אין טומל הערט מען נאָר אָפּגעריסענע פראַזן פון זײַן רעדע)

פאָרשטייער פון פּ. צ.:
מיר שטייען אף א שטאַנדפונקט...
אזוי צו זאָגן, א ספּעציפישן...
אין נאָמען פון קאָמיטעט...
מיר האבן פאָדערונגען אייגענע...
אזוי צו זאָגן, יידישע...
די פּרינציפּיעלע ליניע...
יידיש־פּראָלעטאַרישע...
קאַרל־מאַרקס...

י אָ ש ק ע :

(כאַפּט אים אָן מיט קאַעס, שלעפּט אים אַראָפּ)

אַראָפּ, פּעצעק! אַראָפּ!

(וואַרפט זיך אָף אים מיט די פויסטן. עס ווערט אַ געשלעג)

נ אַ פּ ט אָ ל י :

(צענעמט זיי. צו יאָשקען):

באַהאַלט דערווײַל דײַן קלאַסנקאַמף!

(צום פאָרשטייער):

דו טראָג זיך בעסער אָפּ פון דאָ,
ווי לאַנג די ביינער זײַנען גאַנץ...

(פירט צו דעם „פאָרשטייער" צום טויער, שטופּט אים אַרויס)

וואַ ל צ ע ר :
... נאָך הײַנט וועט זײַן אַ זיצונג פון פאַרטרויונג־לײַט,
פון די פאַבריקן אין דער שטאָט,
און ווערט באַשלאָסן פאַר אַ שטרײַק —
איז אַלע, ווי איין מאַן!

ש ט י מ ע ן :
— אַ שטרײַק!
— אַן אַלגעמיינער שטרײַק!

(דער טומל ווערט גרויס. דער עולם מישט זיך צונויף און רעדט מיט היץ. עס קומט אָן צעכנאָווסקי. נאַפּטאָלי און וואַלצער גייען צו צו אים. זיי גייען אַוועק אינדרויסן אין אַ באַזונדער ווינקל. ריידן שטיל)

וואַ ל צ ע ר :
... מע וואָלט געדאַרפט דערוויסן זיך,
ווער ס'איז פאַרצייכנט אויפן שוואַרצן ליסט.

צ ע כ נ אָ ו ו ס ק י :
אויב רודאַק האָט דעם שוואַרצן ליסט,
וועל איך באַקומען אים נאָך הײַנט,



זײַן ווײַב באַצייט זיך גאָרניט שלעכט
צו פּראָלעטאַריער,
און אויב די דעפענסיווע האָט אַ ליסט,
איז אויך ניט שווער —
אָן אָפּיצער געפינט די טיר
צום האַרצן פון פּיאָנטקאָווסקיס ווײַב.

וואַ ל צ ע ר :
איך פאַרשטיי ניט, יוזעף, דײַנע רייד.

צ ע כ נ אָ ו ו ס ק י :
דו האָסט פאַרגעסן שוין די נאַכט,
ווען ס'האָט נאַפּטאָלי אונדז געשענקט
צוויי פײַנע מאַנטלען אַ געשאַנק:
געגעבן דיר אַ גאַלעך־קלייד,
אָן אָפּיצערן־מאַנטל מיר.
איך האָב אים ווייניק נאָך באַנוצט,
נאָר אָף די דאַמען אין קאַפע
איז גוואַלדיק גרויס זײַן קראַפט.

(עס קומען אָן אויפן פאַבריק־הויף נײַע גרופּעס אַרבעטער, דערציילן עפּעס, וואָס מאַכט נאָך גרעסער די אויפרעגונג פון עולם. עס הערן זיך טומלדיקע געשרייען)

ש ט י מ ע ן :
— פּאָליציי!
— אין קאָנטאָר געפינט זיך פּאָליציי!

(צעכנאָווסקי, וואַלצער און נאַפּטאָלי מישן זיך אויס מיטן עולם. די אויפרעגנדיקע אויסגעשרייען שטאַרקן זיך):

— דערהאַרגענען זיי!
— פאַרברענען די פאַבריק!
— פאַרברענען!
— פאַרברענען!

שיקער :

(שטעקט אַרויס דעם קאָפּ פון בײַדל)

פאַרגעסט ניט מיך, כאַוויירימלעך,
עס לוינט ניט צו פאַרברענען מיך,
כאַוויירימלעך... כאַוויירימלעך...

(עטלעכע לויפן צו, שטופן אים צוריק אריין. עס קומט צו לויפן רודאַק מיט עטלעכע קאָנטאָר-אָנגעשטעלטע און א פּאָליציימאַן. אלע האַלטן זיי רעוואָלווערן אין די הענט)

ר ו ד אַ ק:
ווייַזט אָן אף דעם, וואָס האָט געזאָגט,
מע זאָל פארברענען די פאַבריק.
פ אָ ל י צ יי מ אַ ן:
א סרייפע וו׳לט איר מאַכן דאָ? דאָס איז שטרענג פאַרבאָטן!
מע וואָלט געדאַרפט אייַך אלע אַפן אָרט דערשיסן.
און אויב איר זאָגט ניט, ווער עס הייסט אייַך אונטערצינדן,—
וועל איך געגויט זייַן רופן דאָ אהער סאָלדאטן.
איך ראָט אייַך, בעסער ווייַזן דעם פאַרברעכער!
נ אַ פ ט אָ ל י:

(נעמט אָנאַזייַט דעם פּאָליציימאַן)

אָט דאָרטן, פאַני פאָליציאַנט,
אין בייַדל האט ער זיך פאַרשטעקט.

(דער פּאָליציימאַן גייט צו צום בייַדל. אין דערזועלבער צייַט ווענדט זיך רודאַק צו א גרופּע יידישע ארבעטער)

ר ו ד א ק:
און איר, אז ווי און וינד איז אייַך,
מיט גויים זיך צונויפגערעדט,
פארברענען די פאַבריק
פון יידישן באַלעבאָס!..

(פונעם בייַדל שלעפּט דער פּאָליציימאַן ארויס דעם שיקער און נעמט אים ארויס־פירן פונעם פאַבריק-הויף. יענע־ ווע־ט זיך, און דער פּאָליציימאַן שלעפּט אים מיט קויעך)



ר ו ד א ק:

(לויפט נאָך און שרייַט);

חעי, פאַני פאָליציאַנט, ניט דער!

(אין טומל הערט דער פּאָליציימאַן ניט און שלעפּט אים ווייַטער)

## בילד 3.

באַ נאַפּטאָלין אין צימער.

מירי עם, יאָשקע און עטלעכע אַרבעטער. אויפן טיש ליגן צוויי העקטאָגראַפן. אַרום זיי גייט אָן אַן אימפּעטיקע אַרבעט. מיריעם און יאָשקע לייגן אַרויף אויף די העקטאָגראַפן בויגעלעך פּאַפּיר און ציען אַראָפּ פּראָקלאַמאַציעס. די פּראָקלאַמאַציעס ווערן גלייך אונטערגעכאַפּט פון אַנדערע, וועלכע מאַכן פון זיי קליינע פּעקעלעך, פאַרשטעקן זיי — ווער אין בוזעם, ווער אין שטיוול, און לאָזן זיך שטיל אַרויס. די אַרבעט ווערט געטאָן אָן ווערטער און שנעל-אָנגעשטרענגט.

ביסלעכווייז רוקן זיך אַלע אַרויס. דער לעצטער פאַרפּאַקט א פּעקל פּראָקלאַמאַציעס יאָשקע, איין פּראָקלאַמאַציע לויפט ער דורך מיט די אויגן

יאָשקע:

(לאָזנדיק זיך צו דער טיר)

א פּראָקלאַמאַציע א שאַרפע,
א שפּיציק פלעקל יעדעס וואָרט,
נאָר וועגן די בעצע ווערט ניט דערמאָנט.

(גייט אַרויס. מיריעם נעמט ברענגען אין אָרדענונג דעם טיש, אוועקרוימען די העקטאָגראַפן, די אָנגעוואָרפענע פּאַפּירן. פון איר צימער קומט אַריין פרוי באַטווין. מיריעם באַמערקט זי ניט און טוט ווייטער איר אַרבעט אויסגערעגט, מונטער)

מיריעם:

(ניט באַמערקנדיק אַלץ די מוטער, נעמט דעקלאַמירן אין טאַקט פון א מיליטערישן מאַרשירן)

אויף ווייסע הייזער-פענער רויט-צעפלאַקערטע,
און רייטער אויף באַפּוצטע פערד...



פרוי באָטווין:
ביסט אַראָפּ פון זינען! ווען? ווו?
מיריעם:
אין מאָסקווע, מאַמע, און באַ אונדז,
ווען דאָ באַ אונדז וועט מאָסקווע זיין...

(גייט צו נעענטער צו דער מוטער)

און ער וועט רייטן אויף א ווייסן פערד,
א פערד א ווייסן און א שפּיז אין האַנט...
פרוי באָטווין:
דו וואַרסט, כאַלוימעס זאָלן ווערן וואָר,
ס'וואָלט בעסער זיין, ווען דו וואָלסט זיך געפלייסט,
באַרויקן נאַפּטאָלים הייסע בלוט...
ס'איז ווידער שוין א דעמאָנסטראַציע.

(ס'קומט אַריין נאַפּטאָלי, אונטערכאַפּנדיק דער מוטערס לעצטע ווערטער)

נאַפּטאָלי:
א דעמאָנסטראַציע, אַן עמעסע...
שוין לאַנג האָט לעמבערג ניט געזען
א דעמאָנסטראַציע אַזאַ,
ווי זי וועט זיין היינט...
פרוי באָטווין:
נאַפּטאָלי, זון דו מיינער, אויג פון קאָפּ,
דערבאַרעם זיך, גיי ניט אַרויס אין גאַס,
מיין האַרץ זאָגט מיר קיין גוטס ניט אָן.
נאַפּטאָלי:
העי, כאַווערטע, דו רעדסט דאָך נאַרישקייט...
פרוי באָטווין:
מיך שרעקט אַזוי...
נאַפּטאָלי:
פאַרוואָס זאָלסטו זיך שרעקן?
היינט וועלן זיי א רעכטן ציטער טאָן,
די פאַבריקאַנטן און די פּאָליציי...

פרוי באָטווין:

א דעמאָנסטראַציע? מיט פאָנען?..

נאַפּטאָלי:

מיט פאָנען רויטע... גליִענדיקע...
און איידער נאָך זיי וועלן האבן צייַט
דערוויסן זיך, וואָס אָנגעשריבן איז
אף יעדער פלאַכנדיקער פאָן,
וועט שוין א נייַע שרעק באַפאַלן זיי:
פון אלע זייַטן, אלע עקן שטאָט,
וועט טראָגן זיך א מוירעדיקער פייַף:
וויפל פאַבריקן ס'איז אין שטאָט פאראַן,
אזויפיל וועלן פייַפן מיטאַמאָל —
די לופט צעטרייסלען מיט פאבריק-געשריי —
א צייכן פארן אלגעמיינעם שטרייַק.

(פּ־רט די מוטער ארויס פון צימער)

און דו, וואס דארפסט זיך שרעקן, מאמעלע?
דייַנע פאבריקן וועלן ארבעטן...

(פרוי באָטווין גייט ארויס. נאַפּטאָלי שלעפּט ארויס פון אן אלטער סאָפקע א קעסטל, שטעלט עס אפן טיש. צו מיריעמען)

נאַפּטאָלי:

די פּראָקלאָמאַציעס צעטיילט?

מיריעם:

צעטיילט... אוועקגעטראָגן.

נאַפּטאָלי:

איז יוזעף ניט געווען דאָ?

מיריעם:

נאָך ניט געווען. איך שטעל זיך פאָר,
ווי יוזעף פלאַטערט הייַנט און גליט! —
ס'וואָלט געפּאַסט אים אף דער דעמאָנסטראַציע
צו רייַטן אף א ווייַסן פערד!



(עס קומען אריַין דער ערשטער און דער צווייטער ארבעטער. זיי האַלטן זיך שטרענג און שטיל. ניט רעדנדיק קיין וואָרט, נעמט נאַפּטאָלי ארויס צוויי רעוואָלווערן פונעם קעסטל און גיט זיי. זיי נעמען דאס צו, אויך ניט ריידנדיק קיין וואָרט)

נאַפּטאָלי:

אף וועלכער זייַט זייַנט איר באַשטימט?

ערשטער ארבעטער:

פּאָדזשאַמטשע.

צווייטער ארבעטער:

דער שלאָסבארג.

(גייען ארויס. ס'קומען אריַין דער דריטער און פערטער אַרבעטער. נאַפּטאָלי גיט זיי צו רעוואָלווערן)

נאַפּטאָלי:

און אייַער פּאָסט ווו איז?

דריטער ארבעטער:

יאַנקאָווסקע.

פערטער ארבעטער:

זאַמאָסטאָוונע.

(גייען ארויס. ס'קומען נאָך צוויי ארבעטער. שטיל גיט זיי נאַפּטאָלי רעוואָלווערן, זיי נעמען שטיל צו און גייען אוועק. עס קומט אריַין וואלצער)

וואַלצער:

עס ווערט שוין לעבעדיק אין דרויסן,
די גאַסן זייַנען שוין פארפלייצט
מיט מאַכנעס שפּיאָנען און מיט פּאָליציי.

נאַפּטאָלי:

פארוואָס באווייַזט זיך יוזעף ניט?

וואַלצער:

איך האב אים הייַנט געזען א שיקערן.

נאַפּטאָלי:

א שיקערן?

וואַלצער:
א שיקערן... דערצו געפּלוידערט פיל—
ער לאָזט זיך אַף א שלעכטן וועג,
פאַרלעשט זײַן היץ מיט שנאַפּס,
מיט ווײַבער אלערליי...
מיריעם:
דאָס איז א ליגן!

(עס קומט אריַין צעכנאָווסקי, אָנגעטאָן אין אַן אָפיצערישן מאַנטל, זײַן אריַינקומען
אין דעמדאָזיקן אויסזען רופט ארויס אף א רעגע א שטיקל צעטומלעניש)

נאַפּטאָלי:
א, יוזעף... ביסט אריַין אין דער ארמיי?
צעכנאָווסקי:

(מע דערקענט אין אים, אז ער איז אביסל שיקערלעך)

אן אָפיצער פון אונדזער רעפּובליק!
נאַפּטאָלי:
דו רעכנסט אָט אזוי פארשטעלטערהייט
צו קומען אף דער דעמאָנסטראַציע?
מיריעם:
אָט דאס איז קלוג... אן אָפיצער...
צעכנאָווסקי:
די דעמאָנסטראַציע...
איך האב הײַנט וויכטיקערס צו טאָן...
נאַפּטאָלי:
איז די דעמאָנסטראַציע
ניט וויכטיק דיר גענוג?
צעכנאָווסקי:
ס'איז פוסטער פּאָנעם־פלאַטער אינדערלופט.
נאַפּטאָלי:
וואָס ווילסטו, יוזעף, זאָגן מיט די רייד?



צעכנאָווסקי:
כ'וויל גאָרניט זאָגן מיט די רייד—
געהאַרגעטע, פארוווּנדעטע און גאָר...
נאַפּטאָלי:
און גאָר?
צעכנאָווסקי:
און גאָר... און גאָר... געוויס און גאָר!
נאַפּטאָלי:
און גאָר? דערוואַרטסטו קיינמאָל ניט קיין זיג?
צעכנאָווסקי:
נו, ביז ס'וועט קומען יענער גוטער טאָג,
וועט איבער אונדז זיך וויגן גרינער גראָז!
די רײַכע האבן אָנגערויבטע געלט
און וואַרטן ניט אף גליקן נאָכן טויט,
און איך און דו, מיר אלע ארבעטער,
מיר האבן אויך די רעכט צו לעבן איצט.
וואָס גיט די פוסטע דעמאָנסטראַציע?
אז בעסער נעמען אין א מיטן נאַכט,
באפאלן זיי, פאַרכאַפּן זייער געלט...
וואַלצער:
געוויס פאַרכאַפּן—און פאַרוואָס נאָר געלט?
זיי האבן געלט און שיינע ווײַבער אויך,
און שיינע טעכטער אויך און ווײַן און שנאַפּס.
צעכנאָווסקי:
וואס בײַסט זי זיך אזוי, דײַן שאַרפע צונג?
די שיינע טעכטער פון די רײַכע לײַט—
זיי זײַנען צאַרט, און זייער הויט איז ראָז.
פונוואַנען האָבן זיי דעם יוגנט־זאַפט?
ס'איז אונדזער בלוט אין זייערע אָדערן!
ס'איז אונדזער קראַפט און זאַפט, וואָס פליסט אין זיי,
זיי רויבן צו בא אונדז ניט געלט אליין!
מיר האבן רעכט אף דעם, וואָס אונדזערס איז.

איר הייסט מיך וואַרטן אף א טאָג פון זיג—
איך גלויב ניט אין א לעבן נאָכן טויט.

נאפטאָלי:

איך מיין, אז דעמאָלט, שפעט באנאכט,
ווען אָט דער מאַנטל האט צום ערשטן מאָל
פאַרדעקט דיַין פראָלעטאַריער מיט זיַין פראַכט,
האָסטו נאָך יאָ געגלויבט אין זיג.

צעכנאָווסקי:

געוויס... געווען א ציַיט אן אנדערע!
דו ביסט א קליינער יאַטל נאָך געווען.
געדענקסט, וואָס דו האסט דעמאָלט מיר געזאָגט?
„ארמייער רויטע הונדערט טויזנט מאַן.
און פענער רויטע הונדערט טויזנט רויט,
זיי שטייען שוין באַ וואַרשע פאַר דעם שלאָס,
זיי וועלן גאָר אינגיכן זיַין בא אונדז״—
כ׳האב ניט געוואַרט אף גליקן נאָכן טויט,
כ׳האב יעדן טאָג דערוואַרט דעם גרויסן זיג,
און איצט—ניט דו, ניט איך, ניט קיינער גלויבט!

נאפטאָלי:

פאר מיר פאַרשפאָרסטו ריידן, וואָס איך גלויב.
ס׳איז איצטער, ליידער, ניט קיַין ציַיט פאר רייד,
ס׳איז באלד א דעמאָנסטראַציע בא אונדז,
און יעדנס אָרט און ציַיט איז פעסט באשטימט,
נאָר דו—צו וואָס האסטו זיך היַינט פארשטעלט?

וואַלצער:

ער וויל באקומען, וואָס אים קומט,—
זיַין כיילעק געלט און וויַיב פון ריַיכע ליַיט;
אזוינס איז ליַיכטער פאר אן אָפּצער,
ווי פאַר א פראָסטן ארבעטער.

צעכנאָווסקי:

פארמאַך דאָס מויל, איך רייד ניט איצט צו דיר.

(אָנאָזיַיט צו נאפטאָלין)



כ׳האב זיך פאַרשטעלט צוליב דעם שוואַרצן ליסט;
כ׳האב דיר געזאָגט, אז דורך פיאָנטקאָווסקיס וויַיב
וועל איך באַקומען אָט דעם שוואַרצן ליסט.
און דעם, וואָס איז בא רודאַקן אין האנט,
וועל איך באקומען גרינג דורך רודאַקס וויַיב.
פאַר רודאקס וויַיב דאַרף איך ניט זיַין פאַרשטעלט,
נאָר צו פיאָנטקאָווסקיס גיי איך אין קאַפע,
און דאָרטן מוז איך זיַין אן אָפּיצער.

נאַפטאָלי:

ס׳איז גוט פון דיר, וואָס דו געדענקסט דיַין כויוו.—
נאָר דאָך זאָלסטו ניט גיין ניט דאָ, ניט דאָרט,
ניט גיי צו רודאקס וויַיב און גיי ניט אין קאַפע.

צעכנאָווסקי:

איך בעט ניט קיַין דערלויבעניש בא דיר,
דו ביסט צו קליין פאר מיר און ביסט צו יונג,
דו זאָלסט באפעלן מיר, וואָס כ׳האב צו טאָן.

נאַפטאָלי:

עס רעדט זיך דאָ ניט וועגן א באפעל—
עס איז מיט דיר געשעען עפעס,
און ביז עס וועט ניט ווערן קלאָר די זאַך...

צעכנאָווסקי:

(ריַיסט אים איבער מיט קאַעס)

ווער האט געגעבן דיר א רעכט אף דעם?
א קליינער יאַט אזאַ וועט זאָגן מיר,
וווהין כ׳זאָל גיין און ווו איך זאָל ניט גיין?

(מאַכט זיך גרייט אוועקגיין)

נאפטאָלי:

(כאַפּט זיך אוף, פארשטעלט אים דעם וועג)

ניט וואַג זיך רירן פונעם אָרט!
דער אפיצערן-מאנטל איז ניט דיַין,

איך האָב דיר אים געשענקט אין יענער נאַכט —
דו האסט דײַן לעבן דעמאָלט אײַנגעשטעלט
פֿאַר זיג און גליק און רעכט פֿון ארבעט־פֿאָלק, —
באַפֿעל איך דיר: דעם מאַנטל צי אראָפּ
און לאָז אים איבער דאָ אין שטוב בײַ מיר!
ניט גיי אינערגעץ וועגן שוואַרצן ליסט,
ביזוואַנען ס׳וועט ניט ווערן קלאָר די זאַך!
נו, גיכער, ס׳איז ניטאָ קיין צײַט פֿאַר רייד,
ס׳איז הײַנט א דעמאָנסטראַציע בײַ אונדז,
און יעדנס אָרט און צײַט איז פֿעסט באַשטימט!

(צעכנאָווסקי, א פֿארלוירענער, ציט אראָפּ פֿון זיך דעם מאַנטל, גיט אים איבער נאַפֿטאָלין, וועלכער נעמט אים צו און הענגט אים אויף אױף דער וואַנט. צעכנאָווסקי גייט א שטילשווײַגנדיקער ארויס)

מ י ר י ע ם:

פֿאַרוואָס האסטו אזוי באַליידיקט אים?

(צעוויינט זיך)

נ א פ ט אָ ל י:

(גיט א גלעט מיריעמען איבערן קאָפּ)

ניטאָ קײַן צײַט פֿאַר נאַרישקײַטן איצט.
מע דארף ארויס אין גאס.

(נאַפֿטאָלי נעמט ארויס פֿון קעסטל די לעצטע צוויי רעוואָלווערן, נעמט זיך אין טאַש אריַין איינעם און גיט דעם צווייטן וואָלצערן)

פ ר ו י ב אָ ט ו ו י ן:

(קומט ארויס פֿון צווייטן צימער)

נאַפֿטאָלי... קינדער... היט זיך...

נ א פ ט אָ ל י:

זײַ רויק, מאַמעלע...

(גייען ארויס. פֿרוי באָטווין קוקט זיי נאָך דורכן פֿענצטער. עס קומט אַרײַן פֿרוי קופּערקנאָפּ)



פ ר ו י ק ו פּ ע ר ק נ אָ פּ:

עך קאָן ניט מער מיט אלע קריגן זיך —
מעשוגע איז דאָך ניט א גאנצע וועלט!

פ ר ו י ב אָ ט ו ו י ן:

וואָס איז, פֿרוי קופּערקנאָפּ?

פ ר ו י ק ו פּ ע ר ק נ אָ פּ:

נו, גיי און קריג זיך מיט א גאנצער וועלט:
„וואס האלסטו אָט אזעלכע אין דײַן הויז?“
„וואָס האלסטו אָט אזעלכע אין דײַן הויז?“

פ ר ו י ב אָ ט ו ו י ן:

וואָס? וועמען האלט איר דאס אין אײַער הויז?

פ ר ו י ק ו פּ ע ר ק נ אָ פּ:

נו, אײַך און אײַער טאָכטער, אײַער זון.

פ ר ו י ב אָ ט ו ו י ן:

וואָס איז, איך צאָל אײַך ניט קיין דירעגעלט?

פ ר ו י ק ו פּ ע ר ק נ אָ פּ:

כאָלילע, וואָס, עך קלאָג זיך דען אף אײַך?
נאָר ס׳איז דאָך פֿול מיט אײַך די גאנצע גאַס:
די באָטווינס און די באָטווינס! און מע זאָגט:
די טאָכטער איז נאָך ערגער פֿונעם זון.

(ס׳קומט ארײַן צעכנאָווסקי, קוקט זיך ארום, רופֿט אוועק אָנאַזײַט פֿרוי באָטווין רעדט שטיל. נאָר זייער אופגערעגט)

צ ע כ נ אָ ו ו ס ק י:

ניטאָ נאפֿטאָלי?.. כ׳בעט אײַך זאָגן אים,
אז כ׳בין געוועזן דאָ... אז ס׳טוט מיר באנג
די נאַרישקייטן, וואָס איך האָב גערעדט,
געפּלוידערט, ווײַל כ׳האָב שנאַפּס געהאט אין קאָפּ.
און זאָגן זאָלט איר אים, אז איך בין גרייט
צו טאָן דאָס אַלץ, וואָס כ׳האָב געזאָגט...
דעם מאַנטל מײַנעם נעם איך צו.

(נעמט אראָפּ דעם מאַנטל פֿון דער וואַנט און גייט אוועק)

פרוי קופערקנאָפּ:

נו, כאַקע חעגן דעם איז דאָך די רייד,
איך בין א שאָכנטע און זע דאָך אלץ:
א ייִדיש מיידל פון אן אלטן שטאַם
זאָל מאַפקיר זײַן איר לײַב א גוי!

פרוי באָטווין:

געפעלט אײַך ניט א שאָכנטע אזאַ?

פרוי קופערקנאָפּ:

כאָלילע! וואס, עך קלאָג זיך דען אף אײַך?
נאָר ס'איז דאָך פול מיט אײַך די גאנצע גאַס.
נו, און פאַר גאָט האט זי קײַן מוירע ניט?

פרוי באָטווין:

זשאַנדארמען וואַרפן ניט אף איר קײַן שרעק,
זי איז פון שוואַרצער טפיסע ערשט ארויס,
אין יעדער רעגע גרייט צו גיין צוריק,
ווי קאן אַזעלכע שרעקן זיך פאר גאָט,
וואָס קיינער זעט אים ניט און הערט אים ניט?

פרוי קופערקנאָפּ:

ווי רעדט איר? איר גלויבט אויך שוין ניט אין גאָט?

פרוי באָטווין:

איך ווייס ניט, צי איך גלויב אין גאָט, צי ניט,
נאַפטאָלי זאָגט, עס איז ניטאָ קיין גאָט,
אן אויסגעטראַכטע זאַך פון א בורזשוי,
נאפטאָלי איז א יונג מיט פיל פארשטאַנד...

(עס הערט זיך פון דער גאַס דער שטײַגנדיקער טומל פון א דעמאָנסטראַציע.
אויסרופן: „הורא!״ „אראָפּ!״ געלויף. ביירע ווײַבער דערשרעקן זיך)

פרוי קופערקנאפּ:

אז אָך איז מיר און ווי און ווינד איז מיר!
וואס שטיי עך, וואס? אז ווי איז מיר און ווינד!

(זי לויפט ארויס. פרוי באָטווין בלײַבט אליין. גייט צו צום פענצטער, קוקט ארויס.
דער טומל אינדרויסן שטאַרקט זיך. עס הערט זיך א שטאַרקער רײַטער־גאַלאָפּ.
באַלד הערט זיך א זאַלפּ און נאָך א זאַלפּ)



פרוי באָטווין:

(פארברעכט די הענט)

אוי, גאָט, באַשיץ די קינדער אין דער גאַס!

(עס קומט ארײַן נאַפטאָלי, טראָגנדיק אף די הענט די פארוווּנדעטע מיריעם. ער
לייגט זי אוועק אָפן בעטל. פרוי באָטווין לויפט צו)

אן אומגליק! קינדער, וואס האט איר געטאָן?

(הייבט אָן כליפּען און קושן מיריעמס בלייך־פארכאַלעשטן פּאָנעם)

נאפטאָלי:

זײַ רויִק, מאַמע, לײַוונט גיב א שטיק.
און וואַסער גיב... און מאך ניט קיין געשריי.

(פרוי באָטווין נעמט ערגעץ זוכן לײַוונט און וואסער. פון דרויסן הערט זיך די־
גאנצע צײַט די דעמאָנסטראַציע. מיריעם עפנט די אויגן, קוקט שטאַרק איַנ
דערלופט)

מיריעם:

פענער רויטע... און מוזיק...
און מענטשן קעפּ אף קעפּ...
און ער וועט רײַטן אף א ווײַסן פערד...

(פון דרויסן לאָזט זיך פלוצלינג הערן א שטאַרקע, גרילצנדיקע סײַפערײַ פון פיל
פאַבריקן)

נאפטאָלי:

געשווינדער, מאַמע... וואַש ארום די ווונד...
דערנאָך פארבינד זי פעסט און ענג,
קיין דאקטער וועסטו ניט באקומען איצט.
איך קאן ניט בלײַבן דאָ... כ'מוז גיין אין גאַס—
מײַן אָרט האט קיינער ניט פארנומען!

(גייט ארויס)

פרוי באָטווין:

(לויפט אים נאָך)

נאַפּטאָלי, זון דו מײַנער, אויג פון קאָפּ...

פאָרהאַנג.



# דריטער אקט

9. אן וועוויאָרקע 1433.

## בילד 1

אין בודוואר פון דער קליינער בלאָנדער פעליציע. איר פּאָנעם איז בלייך און אויס־געשאַרפּט ־ דין.

עס עפנט זיך די טיר און צעכנאָווסקי באַוויַיזט זיך מיט שלאָסער־אינסטרומענטן אין האַנט.

צעכנאָווסקי:

נו, וועלכער שלאָס איז קאַליע דאָ, מאַדאַם?

(קוקט זיך פאָרזיכטיק אַרום)

מע קען? ער איז נים אינדר'היים, דער האַר?

פעליציע:

אַ, דאָס ביסט דו... ער איז ניטאָ.

(מאַכט צו די טיר)

ער איז ניטאָ און וועט שוין היינט ניט זיַין.
אָט איז ער טאַקע ערשט אַוועק צום צוג.
ס'איז גוט, וואָס דו דערמאָנסט זיך דאָך אין מיר...

צעכנאָווסקי:

וואָס דען האָסטו גערעכנט, נאַרעלע?

פעליציע:

איך האָב געמיינט, דו האָסט מיך מער ניט ליב.
כ'בין גאַנצע נעכט געלעגן אין מיַין בעט,
אין אָרעמס פון מיַין האָריק־דאַרן מאַן,
און מיט פאַרשמאַכטע ליפּן, ווי פון היץ,

דײַן נאָמען אויסגעשעפּטשעט אינדערשטיל.
איך האב געמיינט, דו האסט פאַרגעסן מיך.

צעכנאָווסקי:

געווען פאַרטאָן אין ארבעט און אין זאָרג,
דערצו האָט מיך געשראָקן א געדאַנק,
אז ס'איז דײַן מאַן געקומען אף מײַן שפּור,
ער קאָן דערוויסן זיך, אז מיר געהער
א גאַנצע העלפט פון זײַן געליבטער פרוי.

פעליציע:

די גאַנצע פרוי, געליבטער, ניט קײַן העלפט.

צעכנאָווסקי:

די גאַנצע, צי א האַלבע — דאָס איז גלײַך.
און קײַן קאָמונעס האט דײַן מאַן ניט ליב.
צעטיילן זיך מיט עמעצן א ווײַב,
דערצו נאָך מיט אזאַ פאַרשוין, ווי איך,
א פּראָסטער אַרבעטער פון זײַן פאַבריק...

פעליציע:

„א פּראָסטער ארבעטער..." דו ביסט ניט פּראָכט,
דײַן אָרעם איז פון שטאָל, פון הייסן שטאָל.
און קיינער פון די עלעגאַנטע לײַט
קאָן נים פאַרקלאַמערן א פרוי ווי דו.
זיי זײַנען אויסגעפּוצט און שוואַך ווי שטרוי.
פאַרשיקערט מאַכן דײַנע רויע הענט,
און זײַן פאַרשלאָסן פעסט אין זייער קלעם,
פאַרוויגט דאָס האַרץ נאָך מער ווי קאָקאַין.

צעכנאָווסקי:

געוויס, מײַן טײַערע, ביסט די בעסטע,
די שענסטע, וואָס די בורזשואזיע האט,
און וואס דו גיסט אוועק אַן ארבעטער
דײַן לײַב־און לעבן, דײַנע הענט און פיס,
איז זייער פײַן פון דיר. נאָר דאָך דײַן מאַן
האָט זײַנס א מיינונג וועגן מײַנע הענט,



און דאַרף מיך ניט אלס שותּף צו זײַן ווײַב...
קעדיי צו שוינען דיך און אויך דײַן מאַן,
האָב איך באשלאָסן אויסצומײַדן דיך.
נאָר לענגער האב איך ניט געקאָנט — עס ציט.
אין כאַפּט דער טײַוול אָט דײַן דאַרן מאַן! —
איך בין צו דיר געקומען!

פעליציע:

(מיט עקסטאַז)

דיך ציט צו מיר, דו האָסט געבענקט נאָך מיר!
און איך האב גאַנצע נעכט געקוקט אין שויב,
געזוכט אין פינצטערניש דײַן פינצטער אויג,
און ס'האט געציטערט דורך מײַן לײַב א שרעק, —
עס האט געוויס א צווייטע שײנע פרוי
פאַרקלאַמערט זיך אין דײַנע אָרעמס שטאָל.
דיך ציט צו מיר... כ'בין גרייט... אינגאנצן דײַן...
און וואס דו ווילסט נאָר, מעגסטו טאָן מיט מיר.
כ'וועל הײַנט באנאַכט באגאנוועגען מײַן מאַן,
א נאַכט א גאַנצע גאַנוועגען בא אים,
פאַר דיר, פאַר מיר, פאַר אונדזערביידנס גליק!

צעכנאָווסקי:

פאַר מיר וועסטו באגאנוועגען דײַן מאַן
מיט עפּעס נאָך אכוץ א גאַנצע נאַכט —
דו וועסט א צעטל גאַנוועגען בא אים.
א צעטל האָט דײַן מאַן, א שוואַרצן ליסט,
דאָרט איז פאַרשריבן יעדער באָלשעוויק,
וואס איז באשעפטיקט אין פאַבריק בא אים.
ער ליגט אוואַדע דאָ, אין קאַבינעט.
איז אָט דעם צעטל מוזטו גיבן מיר,
כ'וויל וויסן, צי געפינט זיך דאָרט מײַן נאָמען אויך,
און ווער געפינט זיך דאָרטן אויסער מיר.

פעליציע:
דײַן נאָמען... ביסטו דען א באָלשעוויק?
צעכנאָווסקי:
א באָלשעוויק... געוויס א באָלשעוויק...
און קומען וועט א טאָג, ווען כ'וועל דײַן מאַן
מיט נאָך אַזעלכע פײַנע לײַט, ווי ער,
צעהענגען אף לאַמטערן אין א רײ...
פעליציע:

(דערשראָקן)

צעהענגען אף לאַמטערן?.. אין דער גאַס?
צעכנאָווסקי:
צעהענגען אף לאַמטערן! און זײַן געלט...
זײַן האָב און גוטס און אלץ, וואס ער פארמאָגט,
וועט ווערן קאָנפיסקירט.
פעליציע:
דאס גאַנצע געלט?
וואס שרעקסטו מיך אזוי? עס שוידערט מיך...
מיר דוכט, איך זע שוין איצט, ווי ס'הענגט מײַן מאַן,
און ניט געלאָזט קײַן גראָשן געלט נאָך זיך,
און איך—אן אָרעמע, אַן עלנטע...
מיך שרעקט אזוי דײַן בליק...
עכנאָווסקי:
צו פרי די שרעק—
עס איז נאָך לײדער ווײַט צו יענעם טאָג,
ביז דעמאָלט איז דערווײַל גענוג פאַר מיר
צו קאָנפיסקירן ס'בעסטע, וואס ער האָט.

(ער נעמט זי ארום, פירט זי צו צו דער סאָפע)

פעליציע:
כ'האָב ניט געוווסט, דו ביסט אַ באָלשעוויק,
נאָר כ'האָב סײַווי דיך ליב, בין גרייט פאַר דיר,



און וואס דו ווילסט נאָר, מעגסטו טאָן מיט מיר...
נאָר רייד ניט מער די רייד· די שרעקלעכע.

(שטעלט זיך אוף און לאָזט אראָפּ דעם פאָרהאנג איבער דער שויב)

אין טונקל וועט מײַן לײַב דיך מאַכן מילד.
צעכנאָווסקי:
נאָר איידער דו פאַרשיקערסט מיט דײַן לײַב,
זוך אויס און ברענג אהער דעם שוואַרצן ליסט...
פעליציע:
כ'וועל שפּעטער זוכן אים אין קאַבינעט,
מיר איז א שאָד אוועקצוגיין פון דיר...
צעכנאָווסקי:

(שטרענג)

איך וויל אים איצטער האבן, גיי און ברענג!

(זי גייט געהאָרכזאַם ארויס. צעכנאָווסקי שרײַט איר נאך):

פעליציע ווּאַרט א ווײַל, ס'איז נאָך ניט אלץ.

(זי קומט צו נעענטער)

און זיבן הונדערט דאָלער ברענג מיט זיך.

(זי קוקט אים אָן צעטומלט, ער רעדט שטרענג)

ניט פרעג קײַן פראַגעס, מאַך קײַן האנדל ניט.
געשווינדער גיי און ברענג מיט זיך דאָס געלט.

(זי גייט ארויס אף א ווײַלע און קומט באלד צוריק, לייגט אוועק אפן טיש א צעטל און געלט)

פעליציע:
אָט איז דער ליסט און דאָ האָסטו דאָס געלט,
צוויי הונדערט דאָלער, ניט געפונען מער.
איך וועל דיר גיבן נאָך... נו, האָב מיך ליב.

וואָס שטייסטו? נעם און ליב מיך...
און וואס דו ווילסט נאָר מעגסטו טאָן מיט מיר.

(זי שליסט צו די טיר. ער באקוקט דעם צעטל. דערנאָך נעמט ער זי און טראָגט זי אוועק צו דער סאָפע. עס הערט זיך א קלאַפּ אין טיר. פעליציע ווערט א דערשראָקענע)

ווער איז? ווער קלאַפּט?

(עס הערט זיך טון דרויסן אן ענטפער פון א מענערישער שטים: ס'איז איך, פעליציע, איך)

פעליציע:

(שעפּטשענדיק)

מײַן מאַן! אָ גאָט! וואס טוט מען וואס?
אָ, דו... ביסט נים געפאָרן?.. ווארט א ווײַלע...
איך עפן באלד...

(צו צעכנאָווסקין. ווײַזט אים אף א פענצטער)

נו, גיי ארויס אָט דאָ...

(צעכנאָווסקי רירט זיך ניט. זי כאַפּט אים ארום)

דערבאַרעם זיך, געליבטער, גיי ארויס...
דו האַרגעסט מיך... האָב מיטלייד... שפּרינג ארויס...

(צעכנאָווסקי ענטפערט ניט, גייט צו צו דער טיר, שליסט זי אוף. עס קומט אַרײַן רודאק. א ווײַלע קוקן זיך ביידע אָן. פעליציע שטאמלט ארויס אין צעטומלעניש)

איך האָב גערופן אים פאַריכטן דאָ דעם שלאָס.

רודאַק:

(גייט צום טיש, נעמט אין דער האַנט אַרײַן דעם ליסט)

און וואס איז דאס? וואס קומט דאָ פאָר בא מיר?

צעכנאָווסקי:

דײַן שוואַרצער ליסט איז דאס, געשעצטער האָר.



און דאס איז געלט, דײַן אָנגערויבטע געלט,
וואס דײַן געליבטע פרוי האט מיר געשענקט.

(רודאק לויפט צו צום טעלעפאָן, כאַפּט דאס טרײַבל. צעכנאָווסקי רײַסט בא אים ארויס דאס טרײַבל פון דער האַנט. רודאק לאָזט זיך צו דער טיר, נאָר צעכנאָווסקי פארלויפט אים דעם וועג. אין לויף פון דער סצענע שטייט פעליצע אין א ווינקל און ציטערט)

רודאַק:

(עפנט דאס מויל צו שרײַען)

פאָליץ...

(נאָר ער פארענדיקט ניט זײַן געשריי, ווײַל צעכנאווסקי נעמט ארויס א רעוואָלווער פון טאש און שיסט אין רודאַקן, וועלכער פאַלט טויט אפן אָרט)

פעליציע:

(רײַסט זיך די האָר פון קאָפּ, שרײַט מיט א קײַכנדיקער, דערשטיקטער שטים)

דו מערדער, מערדער, וואָס האָסטו געטאָן?

צעכנאָווסקי:

און איצטער וועסטו מעלדן אף דער פאָליציי,
אז ס'איז באפאלן אײַך א באָלשעוויק,
דער ארבעטער צעכנאָווסקי, און דײַן מאַן געטויט,
ניט וואָר, געליבטע?

(עס הערט זיך א טומל, א געלויף איבער קאָרידאָרן. צעכנאָווסקי שפּרינגט ארויס דורכן פענצטער, פארשווינדט)

## בילד 2

(פיאָנטקאָווסקיס קאַבינעט אין דער דעפּענסיווע. ער זיצט בײַ אַ שווערן דעמבענעם טיש. אין אַ צווייטן ווינקל בײַ אַ קלענערן טיש זיצט די סעקרעטאַרן)

פּיאָנטקאָווסקי:

(אויפגערעגט)

דאָ איז ניט קיין איינצלנומער אין קאַפּע,
אין דער דעפּענסיווע ארבעט מען — פֿאַרשטייסט ?

(זי נעמט זיך אַ באַוויגעוע פּאר אַ פּאַפּיר. פּיאָנטקאָווסקי גיט אַ קוועטש אָן אַ קנעפּל אַף זײַן טיש, עס קומט אַרײַן אַן אגענט)

דאָס פֿאַרהערן הייבט זיך אָן אָפּסניי. —
דער פֿאַרשטעלטער אָפיצער איז אויך פאַראַן ?

אַגענט:

פֿאַראַן, מײַן האַר.

פּיאָנטקאָווסקי:

פיר אַרײַן צום ערשטן רודאַקס ארבעטער.

(דער אגענט גייט ארויס)

סעקרעטאַרן:

איר זײַט אזוי צערייצט און בייז געשטימט,
איך שרעק זיך היינט פאַר דיר... פאַר אײַך, מײַן פּאַן.

פּיאָנטקאָווסקי:

פֿאַבריקאַנטן מאָרדעט מען בײַ אונדז אין שטאָט,
אַלגעמיינע שטרײַקן, דעמאָנסטראַציעס...



רוסלאַנד וויל זיך זיי, צו אַלדע שוואַרצע יאָר!

(דער אגענט קומט אַרײַן מיט וואַלצערן, פירט אים צו צו פּיאָנטקאָווסקיס טיש)

נאָמען ?

וואַלצער:

וולאַדיסלאַוו.

פּיאָנטקאָווסקי:

פֿאָטער ?

וואַלצער:

(אָנגעכמורעט, אויפגערעגט)

מײַן פֿאָטער ? אַז מע שלאָגט אזוי אין בויך,
ווי די אגענטן אײַערע שלאָגן,
פֿאַרגעסט מען ווי דער טאַטע הייסט.
ער האט געהייסן סטאַך.

פּיאָנטקאָווסקי:

אויב מע שלאָגט, זײַט איר אליין זיך שולדיק,
אַז מע ענטפֿערט ווי געהעריק, שלאָגט מען ניט.
פֿאַמיליע ?

וואַלצער:

וואַלצער.

פּיאָנטקאָווסקי:

אַ פּאָליאַק ?

וואַלצער:

אַ פּאָליאַק.

פּיאָנטקאָווסקי:

באַשעפֿטיקונג ?

וואַלצער:

בײַ רודאַקן אַף דער פֿאַבריק.

פּיאָנטקאָווסקי:

אַף דײַן פֿאַבריק די באָלשעוויקעס קענסטו ?

וואַלצער:

איך קען זיי ניט.

פיאָנטקאָווסקי:

קאָנסט זיי ניט. נו, קאָנסטו די פון ברילס פאבריק?

וואלצער:

איך קאָן זיי ניט.

פיאָנטקאָווסקי:

ווער פירט אָן דעם שטרײַק בא אײַך אף דער פאַבריק?

וואלצער:

איך ווייס ניט ווער.

פיאָנטקאָווסקי:

עמעצער האט דאָך געהייסן שטרײַקן דיך?

וואלצער:

ס'האט קיינער ניט געהייסן שטרײַקן מיך.
עס לוינט ניט ארבעטן און דאס איז אלץ.

פיאָנטקאָווסקי:

קיינעם קאָנסטו ניט און קיינעם ווייסטו ניט...

(דערלאַנגט אים א פאַטש)

נו, און איצטער עפשער קאָנסטו עמעצן?

וואלצער:

המ... איצטער... איצטער קאָן איך אײַך...

פיאָנטקאָווסקי:

גוט, מיר וועלן זען... גיט אים נומער דרײַ!
הינטיש בלוט! דעם צווייטן פירט ארײַן!

(דער אגענט פירט אוועק וואלצערן. עס קומט ארײַן א צווייטער אגענט)

אגענט:

די פאבריקאנטן רודאק איז געקומען.

פיאָנטקאָווסקי:

פיר זי גלײַך ארײַן.

(דער אָגענט ברענגט ארײַן סעליציען, אָנגעטאָן אין טרויער. זי פארנייגט זיך פאַר פיאָנטקאָווסקין, וועלכער באגריסט זיך מיט איר)

זיצט, מאדאם.



סעליצע:

אדאנק.

(זעצט זיך)

פיאָנטקאָווסקי:

עס טוט מיר זייער לייד
צו באַמיִען אײַך, נאָר אויסער אײַך, מאדאם,
האָט דעם מערדערס פּאָנעם קיינער ניט געזען.

סעליציע:

דעם מערדערס פאָנעם... אָ, דערמאָנט מיר ניט...

(פארשטעלט זיך מיט די הענט איר פּאָנעם)

פיאָנטקאָווסקי:

איך פאַרשטיי, מאדאם... עס טוט מיר ווירקלעך לייד,
איך וואָלט ניט געוואָלט באַרירן אײַער ווונד...
אלע האבן אײַער מאַן געשעצט.
איך אליין האב אים באַזונדערס טיף געאכט.
פוילן טרײַ געווען. זעלטן אזא ייִד...

(צום אגענט)

די מאדאם פירט אָפּ אין נומער נײַן
און באַווײַזט איר אלע ארעסטירטע דאָרט.

(צו סעליציען)

קוקט זיך אײַן אין יעדן גוט און שארף, מאדאם...

סעליציע:

עס איז מיר שווער צו קוקן גאָר אף זיי...
און כ'ווייס ניט, צי כ'וועל אים דערקענען גאָר...

פיאָנטקאָווסקי:

מאכט ניט אויס. און האט איר נאָר דעם קלענסטן כשד,
זעט איר נאָר בא עמעצן אן ענלעכקײַט, —
זאָלט איר ניט פארשווײַגן! — נאָר ניט זײַן צו ווייך!

אויב אפילו ס'חעלן עטלעכע פון זיי
לײַדן דורך א טאָעסדיקן בליק פון אײַער אויג,
איז קײַן אומגליק ניט — זיי האבן דאָס פארדינט:
האָט אזעלכער ניט געהארגעט אײַער מאַן,
וועט ער הארגענען א צווייטן פאַבריקאַנט,
באָלשעוויקעס זײַנען זיי דאָך סײַוויסײַ!
דער, וואָס איז דאָס הײַנט ניט, וועט דאָס מאָרגן זײַן.
בעסער כאַפּן איינעם מער ווי ווינציקער...

פעליציע:
געוויס, איר זײַט גערעכט, געשעצטער פאַן.
פאַרברעכער זײַנען זיי און ווילד און גראָב,
און וואָלט מען זיי דערלויבט — זיי וואָלטן אונדז
געהאַנגען אף לאַמטערן אין א ריי.

פיאָנטקאָווסקי:
טאַקע גלײַכער אופצוהענגען צען פון זיי,
איידער איינע אָט אזאַ, ווי איר.
קוקט זיך אײַן אין יעדן גוט און שאַרף, מאַדאַם;
כאָטש עס איז א שאָד, אז אײַער בלויער בליק
זאָל געוועדנדט זײַן אַף אַזעלכע כעוורעלײַט.

(ער שטעלט זיך אוף, פירט זי מיטן אגענט צו דער טיר. דאָרט באגעגענען זיי זיך מיטן צווייטן אגענט, וועלכער פירט אריַן נאפטאָלין. פיאָנטקאָווסקי פרעגט אָנאזײַש פעליציען)

נו, פאַראַן אן ענלעכקײַט?

פעליציע:

(קוקט זיך אײַן אין נאפטאָלין)

דער... דוכט זיך, ניין.

פיאָנטקאָווסקי:
דוכט זיך... זיכער זײַט איר ניט אין דעם?..

פעליציע:
ניט ענלעך... ניין, עס איז ניט דער...

(דער אגענט מיט פעליציען גייען ארויס. פיאָנטקאָווסקי זעצט זיך אף זײַן אָרט



פיאָנטקאָווסקי:
נאָמען?

נאפטאָלי:
נאַפטאָלי.

פיאָנטקאָווסקי:
פאַמיליע?

נאַפטאָלי:
באָטווין.

פיאָנטקאָווסקי:
אַ ייִד?

נאָפטאָלי:
אַ ייִד.

פיאָנטקאָווסקי:
צו אַן אַרבעטער־פּאַרטיי געהערסטו?

נאָפטאָלי:
ניין.

פיאָנטקאָווסקי:
מיר פאַרשטייען אויסגעצייכנט וואָס דאָס הייסט,
ניט בונדיסט און ניט קײַן ציִעניסט,—
ביסט אַ באָלשעוויק.

נאָפטאָלי:
ס'איז דען דערלויבט צו זיין א באָלשעוויק?

פיאָנטקאָווסקי:

(קוקט זיך אין אים אײַן שאַרף און דורכדרינגענדיק)

קאָנסטו עפּעס באָלשעוויקעס אין דער שטאָט?

(נאָפטאָלי שווײַגט)

אין דער דעפענסיווע ענטפערט מען! דו הערסט!?

נאָפטאָלי:
איר פרעגט דאָס מיך? אַנטשולדיקט מיר,
איך האָב געמיינט, איר פרעגט דעם הער אגענט.

פיאַנטקאָווסקי:

דיך, און וועסטו ריידן ווי ס׳געהער צו זײַן,

וועלן מיר דיך שוינען און... באַלוינען.

וויפל באָלשעוויקעס קענסטו אין דער שטאָט?

גאַסטאַלי:

מע זאָגט, עס זײַנען מאַסן דאָ פאַראַן,

מע זאָגט, עס זײַנען טויזנטער פאַראַן,

אַף יעדן טריט און שריט אַ באָלשעוויק.

פיאַנטקאָווסקי:

יאָ, יאָ... ריכטיק... ריכטיק...

גאַסטאַלי:

נאָר ווו זיי זײַנען — ווייסט דאָס קיינער ניט.

מיסטאָמע זײַנען זיי שוין רעכט פאַרשטעקט.

פיאַנטקאָווסקי:

(שפרינגט אויף)

וועסט באַ מיר זיך באָמבלען אַף אַ שטריק!

כיטרער זשיד, איך וועל צעפּעפּענען דײַן צונג.

(צום אגענט)

גיב אים נומער 7!

(דער אגענט פירט ארויס גאַסטאַלין)

נו, געגוג אַף הײַנט!

סעקרעטאַרן:

(נעמט ארויס א שפיגעלע און שפיגלט זיך)

איך האָב נאָך איצט דעם צייכן אַף דער באַק,

דו האָסט אַזעלכע שאַרפע ציין, מײַן פאַן.

פיאַנטקאָווסקי:

האָסט דערעסן מיך, דו פוילע צויג,

גיי צו אלדי טײַוול!

(ער קלינגט אָן. עס קומט ארײַן דער אגענט)



גיי און פיר אַרײַן

דעם פארשטעלטן אָפיצער פון דער קאַפע.

(דער אגענט גייט ארויס)

אָט אן עקזעמפּליאַר! פון מאָסקווע צוגעשיקט.

(דער אגענט קומט ארײַן מיט צעכנאָווסקין, אָנגעטאָן אין אָפיצערישן מאַנטל)

וועט איר עפּשער איצט אַנטפּלעקן ווער איר זײַט?

צעכנאָווסקי:

כ׳האָב גאָרניט צו אַנטפּלעקן, אַלץ געזאָגט.

פיאַנטקאָווסקי:

מיינסט געווים, מיר ווייסן ניט פונוואַנען דו קומסט?

בעסער לעב מיט אונדז אין פרידן, זאָג אונדז אַלץ.

ביסט אַרײַנגעפאַלן, ביסט באַ אונדז אין האַנט.

לענין איז צו ווײַט, ער זאָל דיך ראַטעווען.

צעכנאָווסקי:

איר מוטשעט מיך מיט פראַגן גאַנץ אומזיסט.

פאַר דעם, וואָס כ׳טראָג אן אָפיצערן־קלייד,

ניט האָבנדיק אף דעם קײַן רעכט,

קאָנט איר געבן מיר אַ כוידעש אָדער צוויי.

פיאַנטקאָווסקי:

נאָר אַ כוידעש אָדער צוויי? איר נעמט ניט מער?

(קוקט זיך שאַרף אײַן אין צעכנאָווסקין)

ווו האָב איך געזעען אייך, צו אלדי רוכעס!

צעכנאָווסקי:

געזעען מיך... איך ווייס ניט... ס׳דוכט זיך אייך...

פיאַנטקאָווסקי:

ניין, מיר דוכט זיך ניט... כ׳האָב אײַער פּנעם

און די פינטלדיקע אויגן זיכער שוין געזען...
יאָ, מיר האָבן זיך באַגעגנט ערגעץ.

(גייט צו צו אים מיט א ראשער באַוועגונג)

הינטיש בלוט! איצט ווייס איך ווער דו ביסט!

(רייַבט זיך די הענט פון פרייד)

פייַן! זייער פייַן! ס'איז גוט, ס'איז פייַן!
ביסט א גוטער שיסער, האסט דעם וואָיעוואָדע
גלייַך אין האַרץ אַרייַנגעיאָגט די קויל...
אָ, איז דאָס געווען אַ מוירעדיקע נאַכט!

צעכנאָווסקי:
כ'פאַרשטיי ניט וואָס איר רעדט און וואָס איר מיינט.

פיאָנטקאָווסקי:
איר פאַרשטייט ניט? כ'וועל אייך גיבן צו פאַרשטיין.
טאַקע איך אליין בין דאָס דער אָפיצער,
וועלכער האָט אין יענער נאַכט באַלויכטן
אייַערע פינטלדיקע אויגן מיט אַ טאַש-לאַמטערן.

(באַקוקט אים דעם מאַנטל)

דוכט זיך, אויך מייַן מאַנטל טראָגט איר, יונגערמאַן.
נו, באַווייַזט מיר נאָר די צווייטע זייַט פון אים.

(באַקוקט דעם אונטערשלאַק)

הינטיש בלוט! דאָס איז אַ פייַנער וויץ!
זעסט די פע — דאָס הייסט פיאָנטקאָווסקי — איך אליין!
גוט פאַרהיט האָט איר מייַן מאַנטל, פרייַנט,
ווירקלעך גוט! אַזוי פיל יאָרן שווערע,
און געבליבן גאַנץ און נייַ — איך דאַנק אייך, פרייַנט.
זעצט זיך, יונגערמאַן, פאַרויכערט א ציגאַר.

(שטעלט פאָר אים ציגאַרן)



צעכנאָווסקי:
אַראַנק, איך רויכער קיין ציגאַרן ניט.

פיאָנטקאָווסקי:
ניט פאַרלירט קייַן מוט, ניט פאַלט אַראָפּ בּאַ זיך.
פאַפּיראָסן עפּשער? נעמט א פאַפּיראָס.

(שטעלט פאָר אים פאַפּיראָסן. פאַרויכערט. צעכנאָווסקי רירט זיך ניט צו צו זיי)

איך פערזענלעך האָב ניט קייַן פאַרדראָס אַף אייַך.
אַ פּאַסקודנער מענטש געווען דער וואָיעוואָדע,
אַ בורזשוי, א שיקער, און איך — איר ווייסט דאָך — פּע-
פּע-עס...
נאָר געזעץ, פאַרשטייט זיך, איז געזעץ —
אייַך איז אָנגעצייכנט איצט אַ קורצער וועג.

צעכנאָווסקי:
א קורצער וועג? איך בין ניט שרעקעוודיק,
און וואָס איר האָט דערציילט איז אויסגעטראַכט.
באַווייַזן קאָנט איר?

פיאָנטקאָווסקי:
מאַכט ניט כויזעק, יונגערמאַן.
אין דער דעפּענסיווע טרייַבט מען ניט קייַן שפּאַס!
רעכנט איר, מיר האָבן דעמאָלט ניט געוווּסט,
אַז די מערדער ביידע — איר און אייַער פרייַנט, —
האָבן מיט מאַנטלען זיך באַנוצט,
מיט דעם גאַלעכס מאַנטל און מיט מייַנעם,
ניט געכאַפּט צו ווערן?

צעכנאָווסקי:
איר האָט געוווּסט און קיינעם ניט געכאַפּט.

פיאָנטקאָווסקי:
זעט איר דאָך, מיר האָבן יאָ געכאַפּט!
ענ-עס, די פינף יאָר האָט איר געלעבט אומזיסט.
אונדזער לאַנד האָט איר באַגאַנוועט, יונגערמאַן,
לעבעדיקע יאָרן... פינף יאָר גערויבט בּאַ אים.

(גייט צו צו צעכנאָווסקין, באקוקט דעם מאַנטל)

טײַוול! ס׳האט קײַן אָפּיצער קײַן איינציקער
ניט געהאט קײַן מאנטל שיין, ווי דער!

צעכנאָווסקי:
איך האב דעם מאַנטל אפן מארק געקויפט...

פיאָנטקאָווסקי:
האָט איר שלעכט געטאָן, באצאָלט א גרויסן פרײַז:
אײַער האלדז האט איר פארשלייפט אין א שטריק.
זאָגן אײַך דעם עמעס, ס׳טוט מיר לייד פאר אײַך.
כ׳זע, איר האט געהירן זיצן אינעם קאָפּ.
און — איר קאָנט נאָך ברענגען נוצן אונדזער לאנד. —
נאָר דאָס ווענדט זיך שוין אינגאנצן בלויז אָן אײַך.
איך בין גרייט צו העלפן אײַך מיט וואס איך קען.

(גיט א ווונק דער סעקרעטאַרן, זי גייט ארויס)

צעכנאָווסקי:
מיט וואס זײַט איר דאס גרייט צו העלפן מיר?

פיאָנטקאָווסקי:
פּראָסט און אײַנפאך, אלץ קאָן בלײַבן צווישן אונדז.
אלס באלוינונג וויל איך נאָר פון אײַך,
אז איר זאָלט דאס פאָטערלאַנד פארגיטיקן
פאר די שלעכטע טאַטן, וואָס איר האט געטאָן.

צעכנאָווסקי:
מיט וואָס ווילט איר, זאל איך פארגיטיקן?

פיאָנטקאָווסקי:
אונדזער פאָטערלאנד האט סאָנים אָן א שיר.
רוסלאנד, באָלשעוויקעס, ארבעטער, דער ייִד —
און מיט אלעמען פון זיי זײַנט איר פארקניפּט.
העלפט אונדז, ווײַזט אונדז, ווו עס ליגט דער פײַנט פארשטעקט.

צעכנאָווסקי:

(כאַפּט זיך אוף ווי געביסן)

א פּראָוואָקאטער הייסט איר ווערן מיך?



פיאָנטקאָווסקי:
כ׳ווייס ניט, ווי אזוי איר רופט דאָס, יונגערמאן...
ס׳איז א שפּיל, מײַן פרײַנט, א דועל אזא.
אויב ס׳וואָלט אײַך געגליקט, וואָלט איר געזעסן דאָ,
ס׳וואָלט געהייסן — די „טשעקא״. און איך,
כ׳וואָלט געשטאנען דאָ, מײַן קאָפּ אין אײַער טאַש;
כ׳וואָלט געדארפט באשליסן, וואס איך האב צו טאָן:
זאָל איך שטארבן, אָדער זאָל איך דינען אײַך;
מעגלעך, כ׳וואלט געוויילט פאר זיך דעם צווייטן וועג.
איצט שטייט איר דאָ אין דער דעפענסיווע,
אײַער קאָפּ ליגט פעסט בא מיר אין טאַש...
כ׳גיב אײַך צײַט צו טראכטן ביז פארנאכט.
מאכט אן אויסקלײַב — דינען אָדער טויט?

(עס קומט ארײַן אַן אגענט, פעליציע און די סעקרעטאַרן)

פעליציע:
איך האב דאָרט קיינעם ניט דערקענט פון זיי,
ס׳האט קיינער ליידער ניט קײַן ענלעכקײַט.

(דערזעט צעכנאָווסקין, ווערט בלייך און פאַרלירט דאס לאָשן)

פיאָנטקאָווסקי:
נו, און דעם האט איר געזען? קוקט זיך אײַן.

פעליציע:

(שטאמלט)

איך ווייס ניט... דוכט זיך, ניין. כ׳געדענק ניט.

פיאָנטקאָווסקי:
גוט, מאדאם, אדאנק. איר קאָנט שוין גיין אהיים.

(דער אַגענט פירט ארויס פעליציען)

הערסטו? כ׳גיב דיר צײַט צו טראכטן ביז פארנאכט,
מאַך אן אויסקלײַב: דינען אָדער טויט?

(ער שטעלט זיך אויף. דער אַגענט טפירט ארויס צעכנאָווסקין. פּיאַנטקאָווסקי גייט צו צו דער סעקרעטאַרן, פאַרזייסט איר דעם קאָפּ אפּן טיש מיטן פּאַנעם ארויף)

דינען אָדער טויט — פאַרשטייסטו, קאַץ?
דינען אָדער טויט!

(גראָבט אײַן זיין מויל אין איר פאַריסענעם פּאַנעם איבערן טיש)



# בילד 3

(שפּעטער אָוונט אין א קאַפע. אַסאַך עלעקטרישע לאָמפּן, גרויסע שויבן אין טיר און פענצטער. בא טישלעך זיצן געסט. בא איינעם פון זיי פּיאַנטקאָווסקי, יאַשע און רוזשע. ווען דער פּאָרהאַנג הייבט זיך אויף, פאַרענדיקט אף דער עסטראַדע א א זינגערין איר ליד).

איז וואַרעם, וואַרעם, וואַרעם
פון צען אינאָוונט ביז פאַרטאָג;
וואַרעם אויבן, וואַרעם אונטן,
וואַרעם, וואַרעם, וואַרעם...

פּיאַנטקאָווסקי:
בראַוואָ! בראַוואָ!

(וואַרפט לופט-קושן די זינגערין)

פּראָזיט, זאָשקע, רוזשע, פּראָזיט!
פון צען אינאָוונט ביז פאַרטאָג,
וואַרעם אויבן, וואַרעם אונטן...
העי, צעכנאָווסקי טרינקט דאָך ניט, צו אלדי טײַוול.
זעסט, איך בין א וואָרטסמאַן. וואס איך זאָג, איז הייליק —
ווערסט דירעקטער פון געהיימען אָפּטייל מאָרגן...

(הייבט די גלאָז)

פאַרן ווילזײַן און געזונט פון פאַן דירעקטער!

(קלאַפּט אָן, טרינקט)

צעכנאָווסקי:

דער ווײַן איז זויער... טפו, ער שטיקט אין האלדז...

פּיאַנטקאָווסקי:

בּיסט אראָפּ פון זינען—דער ווײַן איז אויסגעצייכנט!
ער איז שאַרף און קיצלט די געהירן.
כ׳זע, דו האסט פארגעסן גאָר די קונץ פון טרינקען.
קעלנער! ווײַן, די בעסטע מאַרקע—שאַרלאָוויוו!
זאָשקע, זאָג, דער ווײַן איז טאַקע זויער?

זאָשקע:

ניין, דער קאָוואַלער איז זויער.

(זי רירט זיך צו מיט אירע ליפּן צו צעכנאָווסקיס)

עסיק זײַנען זײַנע ליפּן!
רוזשע, נו, פּרוביר זיי קײַען,
ליבּסט דאָך זאַלץ און עסיק...

(רוזשע ווארפט זיך מיט די ציין צו צעכנאָווסקיס ליפּן)

צעכנאָווסקי:

(שטופּט זי אָפּ)

אזויפיל פרעמדע זײַנען דאָ פאראן,
פון יעדנס אויגן קוקט ארויס א שפּיאָן.

פּיאַנטקאָווסקי:

(כאַפּט זיך אויף)

ווו א שפּיאָן? וואָס זאָגסטו? וועלכע זײַנען שפּיאָנען?

(כאַפּט זיך צום רעוואָלווער)

צעכנאָווסקי:

איך ווייס ניט ווער פון זיי עס איז א שפּיאָן...
קאָן זײַן, ס׳איז קיינער ניט פון זיי קיין שפּיאָן,
און עפּשער אלע די, וואָס זיצן דאָ.
דער טײַוול ווייסט זיי—פרעמדע זײַנען פײַנט...



פּיאַנטקאָווסקי:

(בארויקט)

נאַרישקײַטן! ס׳האט דער ווײַן פארדרייט דײַן מויעך,
אויב עס זיינען יאָ פאראן דאָ שפּיאָנען,
זײַנען דאָס די לײַט פון אונדזער דעפּענסיווע.
דרויסן וואַכן זעקס פון אונדזערע אגענטן.
דריי קיין קאָפּ ניט—טרינק!

(זיי טרינקען. צעכנאָווסקי נ׳גנט זיך אפּן שוים רוזשען, גיסט איר ווײַן אין מויל)

צעכנאָווסקי:

ווי גייט דאס לידל מיטן קעצל? זינג...

רוזשע:

(זינגט שטיל, שנעלנדיק דערבײַ צעכנאָווסקין אין נאָז)

א דאַמעלע, א דאמעלע,
די דאַמע האט א שויסעלע,
אין שויסעלע, אין שויסעלע,
די דאַמע האט א קעצעלע.

(פּיאַנטקאָווסקי כאַפּט אונטער, זינגט מיט. דער קעלנער ברענגט ווײַן, גיסט אין די גלעזער)

צעכנאָווסקי:

(ווארפט אראָפּ פון זיך דאס מיידל. כאַפּט זיך אויף)

ווער האט געהייסן ברענגען רויטן ווײַן?

(גיסט ארײַן אין זיך א גלאָז)

א פאַרב פון פאָנען און פון בלוט...

(שפּײַט אויס)

כ׳האב בלוט אין מויל

פּיאָנטקאָווסקי:

בלוט איז אויך ניט שלעכט... פאַראַנען בלוט געשמאַקע—
באָלשעוויסטיש בלוט פאַרקאָרקעוועט אין פלעשער...
אַך, דער הונט, דער זון פון הינט, דער וואַלצער...
אין געזיכט האט ער מיר אָנגעשפּיגן נעכטן,
אין דער לעצטער רעגע פאַרן הענגען...

צעכנאָווסקי:

ער האט געשפּיגן דיר אין פּאָנעם?
ער וועט נאָך שפּייַען... שפּייַען דיר און מיר.
װער קוקט אין פענצטער דאָרטן?.. גלייַך אהער!..
א שויב אזא און האט קיין פאָרהאנג ניט.

פּיאָנטקאָווסקי:

טאָרסט ניט טרינקען—ווייַן יאָגט אָן אף דיר א מוירע,
מיר געטרויען דיר דעם אָפּטייל, דעם געהיימסטן—
באָלשעוויקעס, זשידעס... און די פּלענער ווייערע.
אין דייַן האנט וועט זייַן דער קנויל פון די געפאַרן,
א מילכאָמע טאָג און נאכט אף טויט און לעבן...
פּלוצלינג האט דער פּאַן דירעקטער זיך דערשראָקן:
זיך דערשראָקן פאר א פענצטער אָן א פאָרהאנג,
פאר א קוק אין שויב—און וואָס וועט זייַן פון פוילן?
הענגען וועלן מיר אף טעלעגראַפן־סלופּעס,
און דער באָלשעוויק וועט הערשן!.. פּראָזיט, זאָשקע!
דריי קיין קאָפּ ניט, טרינק, העי, קעלנער, שאַרלאַוויוו!

(קלאַפּט אָן, טרינקט)

האט ליב דאָס ווייכע קעצעלע
פארשלינגען קליינע פייגעלעך...

רוזשע:

(כאַפּט אונטער)

די פייגעלעך, די שטיפערלעך,
זיי פליִען גלייַך אין פּיסקעלע
פון וואַרעם, ווייכן קעצעלע...



פּיאָנטקאָווסקי:

נו, צעכנאָווסקי, מונטער! לוסטיק! פּאַן דירעקטער!
העי, מוזיק, אָרקעסטער! לעבעדיק און פריילעך!

(זינגט)

זיבן באָלשעוויקעס האב איך אופגעהאנגען,
זיבן באָלשעוויקעס וועל איך מאָרגן הענגען,
זיבן באָלשעוויקעס זייַנען נאָך פארבליבן,
זיבן באָלשעוויקעס וועלן אייביק זייַן.

(אין קאפּע ווערט לוסטיק. טייל כאפּן אונטער דאס לידל. דער אָרקעסטער פּרובירט די אינסטרומענטן, מאַכט זיך גרייט צום שפּילן)

צעכנאָווסקי:

(בייגט זיך צו צו פּיאָנטקאָווסקין)

אין פּאָנעם האט ער אָנגעשפּיגן דיר?
דערנאָך די טליִע אָפּגעגעבן זיך...
דעם האלדז ארייַנגעשטעקט אין שלייף ארייַן?
נו, און די אויגן... ווי האט ער געקוקט?

פּיאָנטקאָווסקי:

אויגן... כאַ־כאַ־כאַ. וואָס דארפסטו זייַנע אויגן?
דיך! זיי האבן דיך געזוכט אין אלע זייַטן...

צעכנאָווסקי:

געזוכט... דו זאָגסט, זיי האבן מיך געזוכט?

פּיאָנטקאָווסקי:

דיך. געזעגענען געוואָלט זיך מיט צעכנאָווסקין!

צעכנאָווסקי:

געזוכט, געזעגענען געוואָלט מיט מיר...

(מיט פאַרגלעזערטע אויגן, ווי פאַר זיך)

א גאַלעך... אין א גאלעך־קלייד פארשטעלט
אין יענער נאַכט... און איך אַן אָפיצער...

דער קליינער יאַט נאַפּטאָלי האט דערלאַנגט.

(פלוצלינג צעקאָכט)

וואָס הענגסטו ניט דעם יאַט? וואָס שיסטו ניט?
פיאָנטקאָווסקי:
ליידער קאָן איך ניט קיין באָלשעוויק אפילע
צוויי מאָל הענגען אָדער שיסן נאָכן הענגען.
צעכנאָווסקי:
וואָס הענגסטו ניט דעם זשיד, וואָס שיסטו ניט?
פיאָנטקאָווסקי:
וועלכן זשיד?
צעכנאָווסקי:
אָט דעם נאַפּטאָלי... כ'האב געלאָזט אים פריי...
ער האט מיך אָפּגעראַטעוועט פון טויט...
כ'האב אים געשוווירן... ער וועט דערשיסן מיך.
פיאָנטקאָווסקי:
לאָז אים ארעסטירן. ווי איז זיין פאַמיליע?
צעכנאָווסקי:
ער הייסט נאפּטאָלי באָטווין... איז א ייִד...
ער שפּירט מיר נאָך, ער וועט געפינען מיך.
פיאָנטקאָווסקי:
שעם זיך! אונדזערע באוואַכן ס'הויז פון דרויסן,
דאָ אריין קאָן ער ניט קומען דיך דערשיסן....
צעכנאָווסקי:
אזאַ, ווי ער, קאָן קומען דאָ אהער...
דו מיינסט ער איז אזאַ, ווי איך, ווי דו?
עס שטינקט פון אונדז מיט וויין און מוידן־פלייש...
און ער איז ניכטער, ער איז שטאַרק און פלינק...
אמאָל האט ער א לעבן מיר געשענקט,
וועט ער דאָס נעמען איצט צוריק.
פיאָנטקאָווסקי:
אונדזער פאַן דירעקטער איז א שרעקעוודיקע זאַך!



צעכנאָווסקי:

(כאַפּט זיך אויף)

א שרעקעוודיקער איך... און דו א גרויסער העלד?
האָסט שוין פארגעסן, ווי דו האסט אין שרעק
דיין גלאַנצנדיקן אָפיצערן־קלייד
פון זיך אראָפּגעוואָרפן אין דער גאַס,
ווען אויסגעשריִען האט דער קליינער זשיד:
דער באָלשעוויק... עס גייט דער באָלשעוויק...
פיאָנטקאָווסקי:
יאָ, ער האט געזאָגט: מע שיסט שוין אָפיצערן,
באָלשעוויקעס האבן שוין די שטאָט פארנומען.
צעכנאָווסקי:
ער האט געזאָגט, און ער וועט האלטן וואָרט!
זיי וועלן שיסן... הענגען אף דער גאַס.
אף איין לאַמטערן איך, און אפן צווייטן דו...
און איך אליין וועל העלפן... איך געהער צו זיי...
אַן ארבעטער בין איך!..

(כאַפּט זיך אויף, באוויַיזט אין פענצטער)

אָט איז ער דאָרט... ער שפּירט מיר נאָך דעם טראָט...
ער הייסט נאַפּטאלי באָטווין... וואַלגער־גאס.
פאַרשרייַב... וואָס גיכער ארעסטירן אים.
פיאָנטקאָווסקי:
גוט, נו, הער שוין אויף צו פינטלען מיט די אויגן.
כ'וועל באנאכט אים לאָזן ארעסטירן.
נו, געגוג, אָרקעסטער, לעבעדיק און פריילעך!

(הייבט אָן זינגען)

זיבן באָלשעוויקעס האב איך אופגעהאנגען...
צעכנאָווסקי:
ניט דו האסט זיי געהאנגען... דאס האב איך...
אף טליִעס הילצערנע מיט דינע שטריק...

**פיאַנטקאָווסקי:**

(זינגט ווײַטער)

זיבן באָלשעוויקעס וועל איך מאָרגן הענגען,
זיבן באָלשעוויקעס זײַנען נאָך געבליבן,
זיבן באָלשעוויקעס וועלן אייביק בלײַבן.

(ער זעצט זיך אוועק. מוזיק שפּילט. ער גיסט אָן די גלעזער, קלאַפּט אָן מיט צעכנאָווסקין)

העי, צעכנאָווסקי, ניט געזאָרגט, זיי וועלן הענגען!
ערנוואָרט גיב איך—זיי וועלן הענגען!
דײַן פאַרדינסט פאַר פּוילן איז אַ קאָלאָסאַלער!

**צעכנאָווסקי:**

(טרינקט, שפּײַט אויס)

דער ווײַן איז זויער, ספּו, ער שטיקט אין האַלדז,
ווי עס וואָלט אַ טליִע־שלייף דעם האַלדז געשטיקט,
אַ האַרטער שלייף, וואָס ווערגט ניט מיטאַמאָל...
דו ביסט געווען באַם הענגען וואַלצערן?
דו מיינסט, ער האָט געטראַכט אין דער מינוט,
אַז איך האָב אים געשיקט צום טויט?

**פּיאַנטקאָווסקי:**

יאָ, געוויס, ווי דען? העי, רוזשע, פּראָזיט!

א דאַמעלע, א דאַמעלע,
די דאַמע האָט אַ שויסעלע.

**צעכנאָווסקי:**

(אַ פאַרזונקענער)

אַ גאַלעך... אין אַ גאַלעך־קלייד פאַרשטעלט,
אַ גאַלעך — ער, און איך — אַן אָפיצער...
נאַפּאָלי האָט צוויי לעבנס אונדז געשענקט,
האָב איך דעם גאַלעך אָפּגעשיקט צום טויט,
און איך — דער אָפיצער—העי, זאָשע, זינג!



(כאַפּט זאָשען און שטעלט זי אוועק אויפן טיש. אין קאַפּע ווערט אַ ווירוואַר. זאָשע הייבט אָן זינגען. דורך דער גרויסער שויבן־טיר קומט אַרײַן אַ גאַלעך, ער גייט צווישן די טישלעך)

**צעכנאָווסקי:**

(כאַפּט אָן פּיאַנטקאָווסקין)

דער גאַלעך... דאָס איז ער... אָט זעט... ער גייט...
ער איז געקומען האַרגענען...

**פּיאַנטקאָווסקי:**

ווער געקומען? וואַלצער פון דער טליִע!
ביסט משוגע... העי, אָרקעסטער, שטאַרקער!

(די מוזיק שאַלט אַרויס. צעכנאָווסקי מאַכט אַ באַוועגונג ווי צו אַנטלויפן. דער גאַלעך גייט צו און שיסט אין אים פון אַ רעוואָלווער. עס ווערט אַ בהלה. די מיידלעך קוויטשען, דער עולם רינגלט אַרום דעם גאַלעך. איינער נעמט אַראָפּ פון אים דעם גאַלעכישן הוט, דעקט אָפּ זײַן פּנים און עס באַווײַזט זיך באַטווין)

פאָרהאַנג.

## בילד 1

פיאַנטקאָווסקיס קאַבינעט אין דער דעפּענסיווע. פּיאַנטקאָווסקי, סעקרעטאַרן, אַגענט.

פּיאַנטקאָווסקי:

(צום אַרויסגייענדיקן אַגענט)

ניט זשאַלעוועט קיין קלעפּ, קיין פּיין,
ברעכט מיט אַלע מיטלען זיין אַקשאָנעס!

(דער אַגענט וויל גיין)

וואַרט א ווײַלע — די מוטער און די שוועסטער
טשעפּעט ניט, ביז איך וועל צוויי מאָל קלינגען.

(דער אגענט גייט ארויס)

סעקרעטאַרן:
דו ביסט אַראָפּ פון פּאָנעם, פּאַן.
האָסט אופגערעגטע אויגן . . .

פּיאַנטקאָווסקי:
זיצט דער דעפּענסיווע־שעף אין דער קאַפּע
מיט א שטאַרקער וואַך אַרום דעם הויז
און א גאַלעך קומט זיך אומגעשטערט און שיסט!
ס'פעלן ניט בא אונדז באַלאָכים —
דרייען זיך אַרום ווי הינט . . .
גיי און זײַ א נאָווי, ווער פון זיי
כראַגט א קרייץ, און ווער — א באָמבע אף זיין ברוסט!

טרעפסט אַ גאַלעך, קוק אים אין די אויגן —
וועט ער שיסן, אָדער ניט...

(אַן אַגענט קומט אַרייַן)

אַגענט:

אַ קסיאָנדז וויל זען אייך, מייַן האַר.

פּיאָנטקאָווסקי:

ווער? א גאַלעך? האַלט אַן אויג אַף אים!
זאָל ער זאָגן דיר זייַן נאָמען!

(דער אַגענט גייט אַרויס. פּיאָנטקאָווסקי לייגט אַוועק אַפן טיש א רעוואָלווער. דער אַגענט קומט צוריק)

אַגענט:

דער פּאָטער פּאַטעק, פּאַן.

פּיאָנטקאָווסקי:

פּאָטער פּאַטעק?.. פּאָטער פּאַטעק?.. לאָז אַרייַן.
וואַרט... באַקוק אים גוט פון אַלע זייַטן,
הייס אים אויסטאָן הוט און מאַנטל.

(דער אַגענט גייט אַרויס)

עפּשער ווידער אַ זשידאָווסקער גאַלעך?..

(דער אַגענט קומט באַלד צוריק, ברענגענדיק מיט זיך דעם קסיאָנדז אָן אייבערשטע בגאָדים)

קסיאָנדז:

גוטמאָרגן, שעף.

פּיאָנטקאָווסקי:

גוטמאָרגן, פּאָטער פּאַטעק.

קסיאָנדז:

זאל דער געקרייַציקטער, דער האַר...

פּיאָנטקאָווסקי:

(אומגעדולדיק)



וואָס האָט אייך געבראַכט צו מיר?

קסיאָנדז:

זאָל דער געקרייַציקטער, דער האַר,
באַשטראַלן אייַער וועג דעם העלדישן,
זאָל יעזוס דער דערלייזער...

פּיאָנטקאָווסקי:

ליידער איז קייַן צייַט ניטאָ פאַר פרומע רייד,
אויב איר האָט צו זאָגן עפּעס, פּאָטער פּאַטעק,
מאַכט עס קורץ...

קסיאָנדז:

איך בין געקומען נאָך מייַן מאַנטל.

פּיאָנטקאָווסקי:

איר האָט דאָ א מאַנטל?

קסיאָנדז:

אויב דאָס איז וואָר, וואָס ס'שרייַבט זיך אין „קוריער",
האָב איך א מאַנטל דאָ באַ אייך...

פּיאָנטקאָווסקי:

דאָס האָט איר אין יענער נאַכט אַוועקגעוואָרפן
אייַער גאַלעך־מאַנטל אין דער גאַס?

קסיאָנדז:

דער ערשטער האָט דער אַפּיצער געוואָרפן.
אַ שרעקעוודיקער האָז געווען דער אָפּיצער.
זאָל יעזוס אים...

פּיאָנטקאָווסקי:

(רייַסט אים איבער מיט קאַעס)

דאָ איז ניט קייַן קאָסטשיאָל, פּאָטער פּאַטעק!
אייַער מאַנטל קאָנט איר ניט באַקומען
איידער דער פּראָצעס וועט זייַן פאַרענדיקט.
און א שרעקעוודיקער האָז זייַט איר אליין,
און דעם מאַנטל האָט דער ערשטער איר געוואָרפן!

קסיאָנדז:

פֿונוואַנען ווייסט איר דאָס, געשעצטער שעף?

פּיאָנטקאָווסקי:

דאָס בין איך אַליין געווען דער אַפּיצער!

קסיאָנדז:

(צעטומלט)

זײַט איר אַליין געווען דער אַפּיצער?
אָ, פּאָטער, זון און גײַסט פֿון הייליקײַט!
ווי שטאָלץ איך בין אויף אײַער מוט, געשעצטער פּאַן...
פֿאַרהוילן איז פֿאַר אונדז דער וועג פֿון גאָט,
און יעדער זינדיקער באַקומט זײַן שטראָף.
דער מערדער, וועלכער האָט געוואַגט פֿאַרפֿלעקן
דעם מאַנטל פֿון דעם דעפֿענסיווע-שעף,
איז שוין דערמאָרדעט.
און דער, וואָס האָט מײַן הייליק קלייד פֿאַרשוועכט,
וועט הײַנט, צי מאָרגן אויף דער טליע גיין.
דערלויבט מיר, פּאַן פּיאָנטקאָווסקי, טאָן א קוק
אויף דעם פֿאַרברעכער...

פּיאָנטקאָווסקי:

וואַרט, מיר וועלן באַלד אים נעמען צום פֿאַרהער,
וועט איר קאָנען זען אים, נאָר ניט אויף לאַנג.
בײַם פֿאַרהערן קאָן קיין זײַטיקער ניט זײַן.

קסיאָנדז:

כ׳בין זיכער, גאָט דער האַר וועט העלפֿן אײַך
אַרויסבאַקומען פֿון פֿאַרברעכער
די סודות פֿון זשידאָווסקן קאָהאַל,
די שלוחים פֿונעם מאָסקאַל און די פֿײַנט
פֿון פּוילן און פֿון דעם געקרײַציקטן...

פּיאָנטקאָווסקי:

ס׳איז א שווערע אַרבעט, פּאָטער פּאַטעק,
א פֿאַרהאַרטעוועטער יונג, דער קליינער זשיד...



קסיאָנדז:

זאָל גאָט באַגליקן אײַך אין אײַער טאַט,
פֿאַר אונדזער לאַנד און אונדזער גלויבן...

(הייבט אויף איף אים דעם קרייץ און באַצייכנט אים)

פּיאָנטקאָווסקי:

ער וועט ווייכער ווערן, עפֿענען זײַן מויל,
אויב דער צײַלעם וועט ניט העלפֿן, וועלן העלפֿן
יענע קרײַצן, וואָס ער וועט דערפֿילן
אויף זײַן האַרטער הויט...

(גייט צו צו א טיר, הערט זיך אײַן)

הינטיש בלוט! מע הערט סונדאָרטן ניט קיין פּיפּס.

(ער דריקט א קנעפּל. פֿון יענער טיר קומט אָן אַן אַגענט)

נו, איר האָט פֿון אים אַרויסבאַקומען וואָס?

אַגענט:

צום מײַן באַדויערן, פּאַן...

פּיאָנטקאָווסקי:

(אופגעקאָכט)

טויגעניכצן זײַט איר און פּאַכדאָנים!
איר האָט כּוירע פֿאַר דעם קליינעם באָלשעוויק!
זיינע אויגן יאָגן אָן אויף אײַך א שרעק,
קיינער וואַגט ניט גיבן אים אַ קלאַפּ...

אַגענט:

דאָס איז א טאָעס, פּאַן...

פּיאָנטקאָווסקי:

ס׳איז א טאָעס? כ׳שטיי די גאַנצע צײַט בײַם טיר,
כ׳הער זיך צו — קיין שאָרך, קיין זיפֿץ דערהערט מען ניט!
הינט! איר וואַגט ניט הייבן אײַער האַנט אויף אים!

אַגענט:

מיר האָבן אַלץ געטאָן, געשעצטער האַר.

(קוקט אומזיכער אויפֿן קסיאָנדז, ניטווייסנדיק, צי ער מעג ריידן אין יענעמס קעגנוואַרט)

פיאַנטקאָווסקי:

(שרײַט)

אַלץ געטאָן? וואָס? וואָס האָט איר געטאָן?

אגענט:

די קנעכל אײַנגעפּרעסט אין צווענגלעך,
די האָר פון קאָפּ געפּליקט...
מיט שטעקנס איבער קני...

פיאַנטקאָווסקי:

זאָגסט א ליגן. דאָרט איז שטיל, ווי אין א גרוב.

אגענט:

ער שווײַגט, פאַרקריצט די ציין און שווײַגט.

קסיאָנדז:

אָ, פאָטער, זון און גײַסט פון הייליקײַט!
אַזוינס קאָן נאָר דער אנטיכריסט אליין...

אגענט:

זײַן מויל לאָזט נישט ארויס קײַן זיפץ...
קיין וואָרט, קיין קרעכץ — פאַרקריצט די ציין און שווײַגט.

קסיאָנדז:

אזעלכעס איז געווען דערלויבט
בלויז אונדזער פאָטער דעם געקרײַציקטן...

(ציילעמט זיך)

פאַרגיב אונדז, יעזוס, ס'האָט דער אַנטיכריסט
פאַרשטעלט זיך אין דײַן הייליקער געשטאַלט.

פיאַנטקאָווסקי:

לאָזט צורו מיט דער געשטאַלט!

(צום אַגענט)

ברענג אים גיכער דאָ אהער!

(דער אַגענט גייט אַרויס און קומט טײַקעף צוריק מיט דעם בלייכן פאַרפּײַניקט נאַפּטאַלי)



פיאַנטקאָווסקי:

(גיט דעם קסיאָנדז די האַנט)

נו, אַף ווידערזען, פאָטער פּאַטעק!

(דער קסיאָנדז קוקט זיך אײַן אין נאַפּטאַלין און גייט אַרויס. פיאַנטקאָווסקי גייט צו צום טיש, נעמט דעם רעוואָלווער, לייגט אים אין טאַש אַרײַן, גיט א ווונק צום אַגענט. יענער גייט ארויס פון צימער. א ווײַלע קוקט פיאַנטקאָווסקי זיך שאַרף אײַן אין נאַפּטאַלין, ציט אָן אַף זײַן פּאָנעם א גוטמוטיקייט)

זײַט איר איצטער מער געשטימט צו ענטפערן?

נאַפּטאַלי:

כ'בין איצט אזוי געשטימט ווי נעכטן.

פיאַנטקאָווסקי:

יונגערמאַן, געדענקט, דאָס לעבן אײַערס
ליגט אין אײַערע הענט.

נאַפּטאַלי:

איך ווייס אין וועמעס הענט עס ליגט...

פיאַנטקאָווסקי:

כ'זע, איר זײַנט פאַרמאַטערט, — זעצט זיך.

נאַפּטאַלי:

אַדאַנק פאַר מיטלייד. — כ'וואָלט געבעטן אײַך,
פאַרהערן מיך וואָס גיכער.

(פיאַנטקאָווסקי קוקט זיך אײַן אין נאַפּטאַלין, אזוי ווי ער וואָלט געזוכט פון וואָס אָנצוהייבן)

פיאַנטקאָווסקי:

וואָס האָט אײַך געטריבן האַרגענען צעכנאָווסקין?

נאַפּטאַלי:

ער האָט פאַראַטן.

פיאַנטקאָווסקי:

וועמען?

נאַפּטאַלי:

זײַן קלאַס און זײַן פּאַרטיי.

פיאַנטקאָווסקי:
וועלכע איז געווען זײַן פּאַרטיי.
נאַפּטאַלי:
די קאָמוניסטישע פּאַרטיי פון פּוילן.
פיאַנטקאָווסקי:
איר אליין געהערט צו דער פּאַרטיי?
נאַפּטאַלי:
געהער.
פיאַנטקאָווסקי:
הייסט דאס, אז די קאָמוניסטישע פּאַרטיי
האט געשיקט אײַך האַרגענען צעכנאָווסקין?
נאַפּטאַלי:
כ'האב געזאָגט נאָר דאָס, וואָס כ'האב געזאָגט,
און פּאַטערט ניט אומזיסט קײַן מי.
פיאַנטקאָווסקי:
ווער האט אײַך געשיקט אים האַרגענען?
נאַפּטאַלי:
די נעמען זייערע ווייס איך ניט,
אדרעסן קאָן איך גיבן אײַך.
פיאַנטקאָווסקי:

(צופרידן)

זעט איר, יונגערמאַן, ס'איז גוט, איר קומט צום שׂכל;
ס'איז גענוג. די נעמען וועלן מיר געפינען.
גיט אדרעסן...

(נעמט א בלײַ אין האַנט)

נאַפּטאַלי:
ווו א פאַבריק און א וואַרשטאַט,
אין יעדן הויז, ווו ס'וווינט די נויט.
פיאַנטקאָווסקי:
אײַך פּוּ רווילט זיך שפּילן גאָר מיט מיר!



נאָר געדענקט, איר שפּילט זיך מיטן טויט...

(סטאַרעט זיך צו זײַן ווייך)

איר פאַרשטייט דאָך, אז פאַר אײַך איז גרייט א שטריקל...
נאַפּטאַלי:
דאָס שטריקל אײַערס איז צו קורץ...
פיאַנטקאָווסקי:
ס'איז צו קורץ?
נאַפּטאַלי:
ס'איז צו קורץ, אז עס זאָל פאַרשלייפן
די טויזנטער און די מיליאָנען העלדזער.
פיאַנטקאָווסקי:
אָבער אײַער האַלדז וועט דאָס פאַרשלייפן.
צוואַנציק יאָר האט איר נאָך ניט געענדיקט,
און אין אכטונפערציק שאָ ארום
וועט איר זײַן באַגראָבן אין א קייווער.
דאָס איז ווילד,— איר קאָנט זיך ראַטעווען דעם קאָפּ.
נאַפּטאַלי:
איר ווילט פאַרקויפן מיר מײַן קאָפּ
פאַר קעפּ פון די כאַווײרים מײַנע.
אומזיסטע ארבעט, דעפענסיווע־שעף!
איך האב קײַן רעכט ניט צו פאַרקויפן אים,
מײַן קאָפּ געהער ניט מיר אליין,
ער האט אף זיך א באַלעבאָס.
פיאַנטקאָווסקי:
איך וויל דאָך נאָר, איר זאָלט מיר זאָגן,
ווער עס איז דער באַלעבאָס אף אײַך.
נאַפּטאַלי:
דער באַלעבאָס איז אונדזער קלאַס,
ער וועט פאַרניכטן אײַך.
פיאַנטקאָווסקי:
וואָס וועט איר דערפון דען האָבן?

אז אין אכטונפערציק שאָ ארום
לעשט זיך אויס אף אייביק אײַער זון...

נאַפטאָלי:

איך האב א זון, וואָס לעשט זיך ניט.
און אויב עס וואָלט געשען א נעס
און איך וואָלט אופגעשטאַנען נאָכן טויט,
וואָלט איך אפסניי אָן שרעק געלייגט מײַן קאָפּ
אין אײַער פעטליע, וואָס איז דורכגעווייקט
מיט בלוט פון מײַנע בעסטע ברידער.
איך זאָג דאָס אײַך, קעדיי איר זאָלט פארשטיין,
אז גאנץ אומזיסט איז אײַער מי,
די טליִע איז געגרייט, מײַן האלדז איז גרייט,
און פרעגט מיך מער קײַן פראַגן ניט.

פּיאָנטקאָווסקי:

מיינט ניט, אז מיר האבן ניט קיין מיטלען
נויטן אײַך פאנאנדערבינדן אײַער צונג!

נאַפטאָלי:

איר האט דאָך אלע מיטלען אויסגעפּרווט.

פּיאָנטקאָווסקי:

ניין. ניט אלע מיטלען האבן מיר געפּרווט!

(קיועטשט אין א קנעפּל)

נעמט זיך ניט אין קאָפּ אריַין, אז איר, א פליג,
קאָנט זײַן שטאַרקער פון דער דעפענסיווע,
קאָנט זײַן שטאַרקער פון דער פוילישער מעלוכע.

נאַפטאָלי:

האט איר שוין אלץ מיך אויסגעפרעגט?

פּיאָנטקאָווסקי:

(מיט פארשטיקטן צאָרן)

נאָך ניט אלץ.— האט אײַער פּאַרטיי נאָך אָנגעצייכנט
אומצוברענגען עמעצן?

נאַפטאָלי:

אָנגעצייכנט.



פּיאָנטקאָווסקי:

(נערוועז)

אָנגעצייכנט?.. אומצוברענגען?..

(שטעלט זיך אוף, קלאַפּט אין טיש)

וועמען? וועמען האט זי אָנגעצייכנט?

נאַפטאָלי:

כ'האב שוין אף דעם געענטפערט אײַך,
זי וועט אײַך אלעמען פארניכטן,
די גאנצע אָרדענונג פון רויב און מאָרד.

(פון א זײַטן-צימער הערן זיך קוילעס פון פרויען, וואס מע שלאָגט. נאפטאָלי הערט זיך אומרויִק אײַן. פּיאָנטקאָווסקי קוקט זיך שאַרף אײַן אין נאַפטאָלין)

פּיאָנטקאָווסקי:

אײַער אייגן לעבן איז אײַך ניט קיין שאָד,
עפשער האט איר נאך א מענטשלעך הארץ אין זיך,
צו באַדויערן ס'לעבן פון א מאַמע...

(פירט צו נאַפטאָלין צו א טיר, מאַכט דאָרט אוף א רוק-פענצטערל. נאַפטאָלי, גיט זיך א כאַפּ פארן קאָפּ, לאָזט ארויס א געשריי, באהערשט זיך באלד און דרייט אוועק דאס פּאָנעם פון פענצטערל)

אויב די מאַמע אײַערע און די שוועסטער
וועלן דאָרט צום טויט פארמוטשעט ווערן,
איז דאס אײַער שולד. אן איינציק וואָרט פון אײַך
וועט באפרײַען זיי און אײַך אליין...

(די געשרייען שטארקן זיך. נאַפטאָלי וואקלט זיך. האַלט זיך אָן באַם טיש ניט צו פאַלן)

נאָר אן איינציק וואָרט פון אײַך...

נאַפטאָלי:

מענוול!

(פאַרבײַסט די פויסטן, פארקריצט די ציין. פּיאָנטקאָווסקי פארלירט זיך, גיט ראַפּטום א קוועטש אין א קנעפּל. עטלעכע אַגענטן לאָזן זיך אריַין, וואַרפן זיך אף נאַפטאָלין)

## בילד 2.

א גרויסער טפּיסע־הויף, ארומגעצוימט מיט אַ הויכער גרויער וואַנט. רעכטס — די טויטן־קאַמער — א גרוי־שוואַרץ געמויערט ביידל, אָן פענצטער. דאָרט פאַרברענגען די טויט־פאַרמישפּטע זייערע לעצטע לעבן־נעכט.

אינדערטיף נעבן דער וואַנט פאַרענדיקט דער שיקער גראָבן א גרוב אונטער דער אויפזיכט פון אַן אָפיצער מיט צוויי סאָלדאטן.

די טפּיסע־וואַנט האט צוויי אײַזערנע פאַרזשאַווערטע טירן — איינע רעכטס און די צווייטע לינקס. בא דער לינקער טיר הענגט א גלאָק. א שווערער און א טעמפּער דערנעבן שטייט א וועכטער; פון צײַט צו צײַט קלינגט דער גלאָק. דער וועכטער עפנט פויל און אפּאַטיש די טיר, באַקוקט עמעצנס א בעטל, לאָזט ארײַן דעם געקומענעם, און יעדער שטעלט זיך אף אן אָרט, וואס איז אָפּגעצוימט מיט א שטריק — אַן אָרט פאַרן „פּובליקום". צווישן די קומענדיקע — דער פּאָטער פּאַטעק און די סעקרעטאַרן. אָפן הויף, רעכטס, לינקס און אין הינטערגרונט צוויי־און דרײַשטאָקיקע געבײַדעס מיט געגראַטעוועטע פענצטער. אין די פענצטער באַווײַזט פון צײַט צו צײַט אַן ארעסטאַנט דעם קאָפּ און כאַפּט אים אוועק, ווי נאָר עמעצער פון די וועכטער שטעלט אָן אף אים זײַן ביקס.

וועכטער גייען אהין און אהער איבערן הויף. א טייל פון זיי אײַלן מיט אויסגעצויגענע פענעמער, אַנדערע — מיט פענעמער דערשראָקענע און פרעגנדיקע.

רעכטס, ניטווײַט פון דער טויטן־קאַמער שטייט א גרופּע וועכטער.

דורך דער טיר רעכטס פירט א וועכטער ארײַן פרוי באַטווין און מיריעם, זיי פאַרשווינדן אין דער טויטן־קאַמער.

**ערשטער וועכטער:**

די מאַמע און די שוועסטער זײַנען דאָס,
זיי גייען זיך געזעגענען מיט אים.
ווי שאָטנס שטילע גייען זיי...

**צווייטער וועכטער:**

אַ פּראָסטע יידענע און האט א זון אזאַ...



(אין איינעם פון די געגראַטעוועטע פענצטערלעך שטעקט אן אַרעסטירטער ארויס דעם קאָפּ, דער וועכטער שטעלט אָן די ביקס אף יענעם)

ארויס פון פענצטער דאָרטן, העי!
פון זינען גייען זיי אראָפּ,
אין פײַער קריכן זיי...

**דריטער וועכטער:**

זיי האבן ניט פאַרמאַכט קיין אויג באַנאכט.
די טפּיסע האָט די גאנצע נאכט גערוישט,
ווי ווינטן אין א שוואַרצן וואַלד.
א בינשטאָק איז געוועזן יעדע קאַמער...

**פערטער וועכטער:**

אין קאָרפּוס, אינעם נומער זעקס
האט איינער זיך געקלאַפּט דעם קאָפּ אין וואַנט,
דערבײַ געשריִען ווי אַן אָקס:
איר זאָלט ניט טויטן אים! —
האט יעדע קאַמער זיך צעשריִען;
איר זאָלט ניט, מער־דער, טוי־טן אים!..

**ערשטער וועכטער:**

מע וועט אוואַדע אים ניט שיסן,
דער פּרעזידענט וועט אים באַגנעדיקן.
א שאָד א יונג אזאַ...

**צווייטער וועכטער:**

עס ווערט פאַרענדיקט שוין די גרוב,
מע וועט אים שיסן...

(עס גייט דורך דער וועכטער מיט דער באָרד, שטעלט זיך אָפּ בא דער גרופּע וועכטער)

**ערשטער וועכטער:**

מע קאָן נאָך אין דער לעצטער רעגע
דאָס לעבן שענקען אים.
מע האט באַגנעדיקט פּאשקאָוון דעם מערדער
א רעגע פאַרן הענגען.

וועכטער מיט דער באָרד:
פּאַשקאָוו האט זײַן אייגן ווײַב געהארגעט,
ניט קיין פרעמדע, ניט נאַטשאלסטוואָ!
ערשטער וועכטער:
ער האט געשאָסן א פארקריפּטע פעל,
א שפּיאָן. מע דארף באגנעדיקן.
צווייטער וועכטער:
ער האָט ניט כאַסמענען געוואָלט
קיין ביטע פאר באגנעדיקונג.
מע וועט אים שיסן...
וועכטער מיט דער באָרד:
זיכער שיסן! איך וואָלט בעסער אים דערשטיקט,
זײַן זשידאָווסקי קאָפּ אראָפּגעדרייט!
ערשטער וועכטער:
זײַן קאָפּ וועט קאָסטן קעפּ אסאַך.
די ארבעטער פארשווײַגן ניט אזוינס,
עס וועלן פליִען באָמבעס,
עס וועלן פליִען קעפּ.
וועכטער מיט דער באָרד:
וועט מען זייער פלייש צעשנײַדן,
זשידעס זײַנען זיי געוואָרן!

(גייט אוועק מיט א קאַסדיקן טראָט. בא דער וואנט האט דער שיקער פארענדיקט דאָס גראָבן. ער לייגט אוועק די לאָפּעטע און גייט צו צו דער גרופּע וועכטער)

צווייטער וועכטער:
אָט דער איז אויך אַן ארבעטער!
ס'האט קיינער אין דער טפיסע ניט געוואָלט
דעם קייווער גראָבן — האט מען דעם געפונען...
ערשטער וועכטער:

(גיט א בריקע דעם שיקער)

נעוויילע, האָכט אומזיסט געגראָבן,
מע וועט אים באַלד באגנעדיקן...



שיקער:
באַגנעדיקן... וואָס ארט דאָס מיך?
אַבי איר זאָלט נאָר מיר באַצאָלן!
דרײַ פלעשלעך בראָנפן, זיבן — ביר.
וואָס וויל איך דען? וואָס מיין איך דען?
באַנעצן נאָר דעם דאַרן האַלדז...
ערשטער וועכטער:
דו וועסט קײַן פרוטע ניט באַקומען,
מע וועט אים באַלד באַגנעדיקן...

(ער נעמט אָן דעם שיקער און פירט אים צום טויער)

אַ גאַנצע נאַכט האָסטו געגראָבן,
דו ווייסט פאַר וועמען ס'איז די גרוב?
שיקער:
אַ גאַנצע נאַכט אַ גרוב געגראָבן,
פאַר מײַנע טעכטער, פאַר מײַן זון,
דער וואָיעוואָדע — ברענען זאָל זײַן קאָפּ!
ערשטער וועכטער:

(שטויסט אים צום טויער)

נעוויילע, טראָג זיך אָפּ פון דאָ!
פאַר דיר אַליין האָסטו די גרוב געגראָבן!
שיקער:

(ארויסגייענדיק פונעם טויער, זינגענדיק קלאָגנדיק)

אוי, טויבן מײַנע, איך האָב אייך געקויפט,
און איר, וואָס פליט איר ניט?

(ערשטער וועכטער גייט צוריק צו דער גרופּע וועכטער)

צווייטער וועכטער:
מע זאָגט, פאַבריקן וועלן הײַנט ניט ארבעטן...

ערשטער וועכטער:

דער פּרעזידענט דאַרף אים באַגנעדיקן.
ער איז נאָך ניט קיין צוואַנציק יאָר.

(פון דער טויטן-קאַמער גייען ארויס פרוי באַטווין און מיריעם. פרוי באַטווין טראָגט א פּעקל אין האַנט. מיריעם שטעלט זיך אָפּ א רעגע, ברעכט אויס אין א שלוכץ)

פרוי באַטווין:

(נעמט אָן מיריעמען בײַ דער האַנט)

מע דאַרף ניט, טאָכטער, וויינען דאָ פאַר זיי,
דערשטיק די טרערן אינעם האַלדז.
קום גיכער... ס'ווערט מיר פינצטער!

(גייען אײַלנדיק ארויס פון הויף. דער פינפטער וועכטער פירט ארײַן אין דער טויטן-קאַמער א ראָוו)

צווייטער וועכטער:

דער זשידאָווסקער ראַבין גייט צו אים.

ערשטער וועכטער:

זײַט זיכער, אַז ער וועט דעם ראָוו
ניט זאָגן דאָס, וואָס בלײַבן דאַרף אַ סאָד...

(דער ראָוו גייט גלײַך צוריק. דער פינפטער וועכטער לאָזט אים ארויס פון הויף און גייט צו צו דער גרופּע וועכטער)

פינפטער וועכטער:

ער האָט מיט אים אפילע ניט גערעדט: —
„אַז בעסער גייט און רייניקט אײַער זעל,
איך דאַרף ניט מײַנע רייניקן" —
אַזוי האָט ער דעם ראָוו געזאָגט
און אָפּגעקערט דעם קאָפּ...

(עס קומט אָן פּיאָנטקאָווסקי. די סעקרעטאַרן אײַלט צו אים)

סעקרעטאַרן:

מע זאָגט, מע וועט אים שיסן?



פּיאָנטקאָווסקי:

נו?

סעקרעטאַרן:

און דו האָסט צוגעזאָגט צו גיבן מיר
אַ שטיקל שטריק אף גליק...
פאַרוואָס האָסטו זיך ניט באַמיט
מע זאָל אים הענגען?

(פּיאָנטקאָווסקי לאָזט זי שטיין און גייט אוועק. דער פּאָטער פּאַטעק לאָזט זיך צו אים)

קסיאָנדז:

האָט איר פון אים אַרויסבאַקומען, שעף,
די נעמען פון דער כעווריע זײַנער?

פּיאָנטקאָווסקי:

נעמען האָט ער ניט געגעבן,
ער האָט געגעבן מיר אַדרעסן.

(לאָזט שטיין דעם קסיאָנדז. גייט צו צום אָפיצער בײַ דער וואַנט. רעדט עפּעס מיט אים. פונדאָרט לאָזט ער זיך גיין צו דער טויטן-קאַמער. עס הערט זיך א סיגנאַל. עס קומען אָן סאָלדאַטן און שטעלן זיך אויס אין א שפּאַליר איבערן הויף פון דער טויטן-קאַמער ביז דער וואַנט. אין דערזעלבער צײַט הערט זיך א פּײַפערײַ פון פיל פאַבריקן מיטאַמאָל, א צאָרנדיק, שרײַענדיק און קלאָגנדיק פײַפן)

ערשטער וועכטער:

די ארבעטער געזעגענען זיך מיט אים,
מאַשינען און פאַבריקן שרײַען...

צווייטער וועכטער:

זײַ שטיל...

ערשטער וועכטער:

זײַ שטיל, ס'איז גרינג צו זאָגן...
א יאַט אַ זעלטענער אזא,
און אונטערהאַקן יונג אזוי!
מע דאַרף באַגנעדיקן...

צווייטער וועכטער:

זײַ שטיל!

(עס הערט זיך א צווייטער סיגנאַל. עס קומט אָן אן אָפיציר מיט עטלעכע סאָלדאַטן, שטעלן זיך אויס בא דער וואַנט. די סאָלדאַטן נעמען אראָפּ די ביקסן. דער אָפיצער נעמט ארויס פון שייד די שווערד. פּיאָנטקאָווסקי גייט צו צו דער טויטן־קאַמער. פונדאָרט ווערט ארויסגעפירט אונטער א שטאַרקער וואַך נאַפּטאָלי)

נאַפּטאָלי:

(וואַרפט א בליק איבערן הויף)

אַ שיינער טאָג אַזאַ.

(דער ערשטער וועכטער מאַכט א האסטיקן טראָט צו נאַפּטאָלין, נעמט אראָפּ דאָס היטל און בלײַבט א רעגע שטיין א צעטומלטער, שטייט מיטן הוט אין דער האַנט. באַלד דערזעט ער פּיאָנטקאָווסקיס צאָרנדיקן בליק)

ערשטער וועכטער:

(שטאַמלענדיק צו פּיאָנטקאָווסקין)

כ׳וויל זאָגן... עפּשער וואַרטן נאָך א ווײַל...
ס׳קאָן קומען א באַגנעדיקונג...

פּיאָנטקאָווסקי:

ווער ביסטו? ווילסט דו באַגנעדיקן?!

גיט א ווונק, צוויי פון דער וואַך נעמען צו דעם וועכטער און פירן אים אַוועק)

פּיאָנטקאָווסקי:

(שטיל צו נאַפּטאָלין)

באָטווין, נאָך איז ניט צו שפּעט, באַדענקט זיך...

(נעמט ארויס א פּאַפּירל פון טאַש)

אָט איז א פּאַפּירל, א באַגנעדיקונג.
ס׳איז אין אייך געווענדט —
נאָר א וואָרט פון אײַך, אן איינציק וואָרט,
ווערט געלייענט אַ באַגנעדיקונג.
ס׳איז די לעצטע רעגע. באַלד וועט זײַן צו שפּעט...



באָטווין, זאָגט אַ וואָרט,
דאָס לעצטע וואָרט!

נאַפּטאָלי:

זאָל לעבן די סאָציאַלע רעוואָליוציע!

(נעמט גײן מיט א גלײַכמעסיקן טראָט און אָן אויפגעהויבענעם קאָפּ צווישן די סאָלדאַטן־רייען. זינגט ארויס)

„שטייט אויף איר אלע, ווער ווי שקלאַפן...״

(די געגראַטעוועטע טסיסע־פענצטער ווערן באַזעצט מיט קעפּ פון ארעסטאַנטן. זיי כאַפּן אונטער דאָס ליד, און א מעכטיק געזאַנג גיסט זיך צונויף מיט די פאַבריקן־פײַפערײַען. נאַפּטאָלי מאַרשירט אין טאַקט צו דער עקזעקוציע־וואַנט).

פאָרהאַנג.

# דער סטעפ ברענט

## פּיעסע אין 3 אקטן

אופגעפירט צום ערשטן מאָל דורכן
קיִעווער יִדישן מעלוכע - טעאטער
דעם 7 - טן נאָיאַבער 1930.

רעזשי — א. ווילנער. קינסטלער
שקלאַיעוו.

ארויס־ אין בוכפאָרם צום ערשטן
מאָל אין קיִעוו. פארלאג „קולטור-
ליגע“ 1930.

# פאָרוואָרט צו דער ערשטער אויסגאבע

דער טרוקענער זומער פון 1928 - טן יאָר, אין די יִדישע קאָלאָניעס פון די כער-סאָנער סטעפּעס, איז געלייגט אלס יעסאָד פון דער האנדלונג אין דער פּיעסע. א טייל פון דער האנדלונג און כּיפּן איז פארפיקסירט געוואָרן אפן אָרט.

דאָס יִדישע איבערוואַנדערער־דאָרף איז גענומען געוואָרן אינעם פלאַך פון יענעם צײַט-אָפּשניט. די פּראָבלעם פון קאָלעקטיוויזאַציע, אין איר פולער ברייט, איז דעמאָלט נאָך ניט געווען אקטועל אינעם יִדישן דאָרף, און האט דערפאַר ניט געפונען די געהעריקע אָפּשפּיגלונג אין דער פּיעסע. אין דעם פראָט האט „דער סטעפּ ברענט“ אין זיך אן עלעמענט פון היסטאָרישקײַט:

דאָס יִדישע דאָרף ערעוו דעם קאָלעקטיוויזאַציע־פּעריאָד.

ערעוו — ווײַל פאַרשפּירונגען פון קאָלעקטיוויזאַציע און באלעגוף־ליקווידאַ־ציע זײַנען דא שוין פאראן.

מעכאַבער

## עס שפּילן:

יאָסע.
העשל—זײַן זון.
איטע—העשלס ווײַב.
נאָכעם—העשלס זון.
דינקע—יאָסעס אײניקל.
חאַנקע.
סיאָמע.
מענדע.
באָרעך.
רײזל—באָרעכס טאָכטער.
בערע.
מאַשע.
ראַבינער קראנצנפלאַנץ.
וואסיוק.
זוסמאַן—אַגראָנאָם.
פויערים, פויערטעס, יאַטן א. אז״וו.
אָרט:

א ייִדיש סטעפ-דאָרף אינעם דאָרעם-טייל פונעם ראטנפארבאנד.



# ערשטער אַקט

# בילד 1

אָפּענער סטעפּ פאַרפלייצט מיט זון, מיט גליענדיקער, בלויליכער לופט. אומענדלעכע פעלדער, טייל באַדעקט מיט אָנהייב וואַקסן. עס זעען זיך פונוויַיטן אָנגעוואָרפענע, ווי קעסטלעך, קאָלאָניע-הײַזלעך. פון צײַט צו צײַט הייבן זיך אויף אינדערווײַט ווי כערדיקע שטויב-זײַלען. אינדערזײַט אוועק דערהייבט זיך א הויכער ארטעזיאַנישער ברונעם. בא אים זעען זיך וואַנקע, דינקע און אנדערע יאַטן.

ווען דער פאָרהאַנג הייבט זיך אויף, גייט־אָן אן אימפּעטדיקע ארבעט פון יידן און פרויען אין מיטעלע יאָרן, יאַטן און מיידלעך. צעוואָרפענע איבערן סטעפּ, מיט פּענעמער און לײַבער ברוינע, שוואַרצע, זונפאַרברענטע. אלעמענס קעפּ זײַנען פארדעקט, דערפאר זײַנען די קערפּערס טיילווײַז אָפּגעדעקט, טייל טראָגן נאָר טרוסעס.

מע ארבעט, מע פאָרעט זיך, מע יאָגט.

טייל יאַטן זינגען, שרײַען זיך איבער איינער מיטן צווייטן. אינמיטן דעם גאַנצן הו־הא דרייט זיך ארום זוסמאַן, גייט־צו צו איינעם, קוקט זיך אײַן אין דער ארבעט, באמערקט עפּעס, גייט צו צו א צווייטן, באווײַזט עפּעס, גייט ווײַטער.

**בערע:**

כאַווער אגראָנאָם, די קוקורוזע, גיט א קוק, מע דארף ארומהויפן...

**זוסמאַן:**

(גייט צו צו בערען, קוקט זיך אײַן) גרינטלעך דאַרף מען, טיפער.

**ערשטער פויער:**

(לויפט נאָך זוסמאַנען) כאַווער אגראנאָם, ווי איז בעסער יעטן?

**צווייטער פויער:**

כאַווער אגראָנאָם, דער פאַר פאַר ווייק...

פּויערים און פּויערטעס:

(לאָזן זיך פון אַלע זײַטן נאָך זוסמאַנען. רײדן צוזאַמען אײנער אין צװײטן אַרײַן)

— כאַװער אגראָנאָם, באַ מיר אין גאָרטן די קאַרטאָפל...
— כאַװער אגראָנאָם, זאָל איך מײַן קעלבל גיבן ריצנײל?
— כאַװער אגראָנאָם, דער גערשטן...
— כאַװער אגראָנאָם...

(זוסמאַן בלײַבט שטײן אַ צעטומלטער. עס קומען אָן סיאָמע מיט רײזלען)

ס י אָ מ ע:

כאַװער אגראָנאָם, װי מאַכט מען אָט פון דער אַ רעכטע יאַטעכע? (באַװײַזט אויף רײזלען) יעטן דאַרף מען, האַ? (עס װערט אַ געלעכטער. סיאָמע גײט אָפּ אָן אַ זײַט מיט רײזלען). הערסט װאָס עס זאָגט דער אגראָנאָם? יעטן דאַרף מען, אַרומרײַסן דאָס װילדגראָז, װעסט בעסער װאַקסן...

ר יי ז ל:

דו ביסט אַלײן אַ װילדגראָז.

(פונדערװײַטן זעט זיך אָנקומען באָרעך)

ס י אָ מ ע:

אָט טאַקע אים װאָלט איך געטאָן אַ יעטע מיטן קניאַק!

ר יי ז ל:

װאָס האָסטו זיך צום טאַטן צוגעטשעפּעט?

ס י אָ מ ע:

קי האָט ער צופיל און פערד, און אָן די קי און אָן די פערד איז ער אויך אַ פּאַסקודניאַק.

ר יי ז ל:

דו ביסט אַלײן אַ פּאַסקודניאַק.

ס י אָ מ ע:

שוין פאַראַן אַ ליד דערפון: —

א יאַטעכע אַ װילדע
װאָלט געװען רײזל,



האָט איר טאַטע פערד און קי
און איז אַלײן אַן אײזל!

(עס קומט אָן באָרעך. ער האַלט אין האַנט אַ ברעכאײַזן)

ב אָ ר ע ך:

(צו רײזלען) װאָס טוסטו איצטער דאָ? גײ, רײזעלע, אַהײם, מאַך צורעכט דעם סעפּאַראַטער... נו, גיכער, גיכער, טעכטערל...

(רײזל גײט אַװעק אַביסל אַ פאַרשעמטע און אין אַ פאַרלעגנהײט. סיאָמע שטײט אַ װײַל, דאַן נעמט ער אָניאָגן רײזלען. באָרעך קוקט אום נאָך, רופט)

ב אָ ר ע ך:

סיאָמע! סיאָמע! (סיאָמע קערט זיך אום) דו אַרבעטסט גאָר־ניט באַ דעם ברונעם? אַ װוּנדער... אַ װוּנדער... אַ באָ־כער ביסטו דאָך אַ װוילער, סיאָמע...

ס י אָ מ ע:

עמעס, אַ װוילער?

ב אָ ר ע ך:

גאָר אַ װוילער... גאָר אַ װוילער... געראָטן אין דײַן טאַטן אָלעװאַשאָלעם — אַ זעלטענער שמײַסער געװען... (בײגט זיך־צו צו סיאָמען) נאָר זי, רײזלען, לאָז צורו... טאַקע גאָר אינגאַנצן לאָז צורו... פאַרשטײסטו, סיאָמ־קעלע?

ס י אָ מ ע:

איך פאַרשטײ, רעב באָרעכל, געװיס פאַרשטײ איך.

ב אָ ר ע ך:

איך װײס די שטיק די טרײפענע—אין סטעפּ, אַ סטויגל הײ, אַ מײדל... איך בין אַלײן געװען אַ באָכער...

ס י אָ מ ע:

זײַנט איר אויך געװען אַמאָל אַ באָכער? און איך האָב גע־מײנט, אַז אַזאַ װי איר װערט באַלד געבוירן מיט דער געלער באָרד, מיט די קי, מיט די פערד.

באָרעך:

האָסטו געמאַכט א טאָעס, סיאָמקעלע... יאָ... און רייזלען לאָז צורו... דו זעסט דעם ברעכייַזן? ער קען דיַין קלוגן קאָפּ אָף צוויי צעהאקן, זונעלע, פארשטייסט?

(עס קומט צו לויפן אָן אן אָטעם מאַשע)

מאַשע:

דער אגראָנאָם איז דאָ? (באָרעך באווייַזט איר מיטן פינגער אין פעלד אריַין. זי לאָזט זיך לויפן רופנדיק:) כאַ־ווער אג־ראָ־נאָם! כאַ־ווער אג־ראָ־נאָם!

באָרעך:

פריִער, ווען זי האט געבעטלט, איז זי געבעך אויסגעקרמען אָן אן אגראנאָם, און איצטער — כאווער אגראנאָם! כאווער אגראנאָם! דער סטעפּ איז אירער...

סיאָמע:

פריִער, הוכט זיך, זייַנט איר אויך אויסגעקומען אָן אַן אג־ראָנאַם. אין די קראָמען איַערע האבן אגראָנאָמען ניט געארבעט.

(סיאָמע לאָזט שטיין באָרעכן און גייט אוועק אין דער ריכטונג צום ברונעם. עס קומען אָן עטלעכע פויערים. מאַשע, ניט קאָנענדיק דעריאָגן זוסמאַנען, קערט זיך אויך אום. זי גיט זיך א וואָרף אָף דער ערד).

מאַשע:

אוף! אויסגעטריקנט ווערט מען דאָ פון היץ... א שטיקל טייַכל זאָל ניט זייַן.

ערשטער פויער:

א טייַכל ווילט זיך איר... כ'וואָלט באשטאַנען אף א ברונעם.

צווייטער פויער:

אָט איז א ברונעם... (ווייַזט מיטן פינגער אפן ארטעזיאנישן ברונעם אינגערווייַטן) צוויי זומערס און א ווינטער אים געגראָבן און איצטער שטייט א מעס!



ערשטער פויער:

ניט אויסצוהאלטן מער. די היצן זויגן אויס דעם מאַרך, און דו פארגינן זיך ניט קיין טראָפּן וואַסער!

דריטער פויער:

דער גומען פּלאַצט מיר צוואנציק מאָל א טאָג פון דאָרשט.

פערטער פויער:

די בעהיימעס טרייַבט מען וויאָרסטן טרינקען. עס ווערט פון זיי א טעל.

בערע:

וואַנקע זאָגט, אינגיכן וועלן מיר שוין האבן וואַסער. טאָג און נאַכט ארבעטן די יאַטן באַם ברונעם. אָט גייען זיי.

(עס קומען אָן וואַנקע, דינקע און סיאָמע. פון א צווייטער זיַיט קומט אָן נאָכעם)

נו, ווי האלט עס מיט ברונעם, כעוורע?

וואַנקע:

הייַנט וועט אונדז דער ברונעם גיבן וואַסער!

שטימען:

(אין פריידיקער איבעראַשונג)

— וואַסער!

— טאַקע אף אן עמעס?

— אייגן פרישע וואַסער?!

— עס גלויבט זיך גאָרניט!

— און ס'וועט זייַן א רעכטער ברונעם?

סיאָמע:

שוין פאראן א ליד אף אונדזער ברונעם:

אן ארטעזיאנקעלע א רעכטע,
מיט שטאַבעס און א ראָד,
אהין געדרייט, אהער געדרייט —
אן עמעסער זאַוואָד!

מאַשע:

(פאַלט צו צו וואַנקען, קושט אים) אַ לעבן אויף דײַן קעפּל, וואַנקע, צען נעגידים זאָלן דײַן קאַפּאָרע זײַן!

(עס קומען אָן העשל, זוסמאַן, מענדע און אַנד.)

מענדע:

דער ברונעם איז שוין פאַרטיק! וואַנקע, ביסט אַ יאַט וועסט אַרײַן דער ערשטער אין אונדזער געשיכטע.

העשל:

און איצטער דאַרף מען נאָר אַביסל רעגן. אונדזער ערד וויל שוין אויך אַ טרונק.

וואַנקע:

ס'וועט רעגענען! די ערד וועט טרינקען. ווי גייט דאָס לידל ווײַטער, סיאָמע?

סיאָמע:

ווײַטער גייט ניט.

וואַנקע:

האָסט פאַרגעסן, סיאָמע: דערווײַל איז דאָ אַ ברונעם — אַ זאַוואָד, דערנאָך וועט זײַן אַ רעגנדיקע באָד.

ערשטער פויער:

אויב ס'וועט לאַנג פאַרהאַלטן זיך דער רעגן, וועט נאָר בלײַבן גיין איבער די הײַזער.

מאַשע:

איר זײַנט אַליין אַ שנאָרער! זעט נאָר, ס'שטייט אים גאָר־ניט אָן!

צווייטער פויער:

ער מיינט ניט, מאַשע, אײַך, כאָלילע, צו באַליידיקן, ער זאָגט נאָר...

מאַשע:

ער זאָגט? אַז זאָגן זאָל ער ווידע! ראַק ער טשעפּעט זיך!

(מאַשע גייט אַוועק זידנדיק און בורטשענדיק)



וואַנקע:

(גייט־צו צו באָרעכן, באַקוקט דעם ברעכאײַזן אין זײַן האַנט)

אַט דער אײַזן וואָלט צוניץ געקומען. באָרג אים אונדז אַביסל. מע דאַרף אים בײַ דעם ברונעם.

באָרעך:

איך קען ניט, וואַנקע... דיר וואָלט איך אין גאָרניט אָפּגעזאָגט.

וואַנקע:

מיר? ס'איז ניט פאַר מיר. ס'איז פאַרן ברונעם. אונדזער ברונעם איז אַ קאָלעקטיוויסט. ער וועט אַלע געבן וואַסער.

דינקע:

אײַערע אייגענע בעהיימעס וועלן טרינקען פונעם ברונעם.

באָרעך:

יאָ, נאָר דעם אײַזן קען איך דיר ניט געבן, מע טאָר מיט אים ניט האַקן.

סיאָמע:

איר האָט דאָך ערשט געזאָגט, אַז ער קען אַ קלוגן קאָפּ אויף צוויי צעהאַקן.

וואַנקע:

נו, מיילע, דאָס וואַסער וועט זיך שוין מוזן גיסן אָן דײַן אײַזן אויך. דאָס וואַסער איז שוין דאָ.

נאָכעם:

בײַ אַזוינע היצן טרעפט, דאָס וואַסער ווערט פאַרשוווּ־דן. אין פּאַלעסטינע טרעפט דאָס אָפט.

זוסמאַן:

אויב ס'איז טיף געגראָבן, טרעפט דאָס ניט. דער ברונעם איז געאַרבעט גרינטלעך.

נאָכעם:

עס קומט ניט צו די ברונעמער אין פּאַלעסטינע.

דינקע:

וועלן פּאַלעסטינישע בעהיימעס ניט באַזוכן אונדזער ברונעם, אויב זיי שטייט ניט אָן.

(די פויערים הייבן זיך אן פאנאנדערגיין אין פארשיירענע ריכטונגען)

**באָרעך:**

(גייט צו צו דינקען) נו, דינקעלע, די קאָמונע אייערע איז שוין פאַרטיק?

**דינקע:**

קימאט ווי פאַרטיק.

**באָרעך:**

אין פערעצקע?

**דינקע:**

אין פערעצקע.

**באָרעך:**

א ווילדע זאך א קאָמונע. מיך וואָלט איר ניט גענומען אין קאָמונע?

**סיאָמע:**

אייער רייזל וואָלטן מיר גענומען . . . זאָגט־זשע טאַקע רייזלען, אז איך דארף זי.

**באָרעך:**

א גרויסער לעק, דער סיאָמקעלע... אזא פארשווינדל וואָלט איך ניט געראָטן נעמען אין קאָמונע, א פלוט א גרויסער.

**סיאָמע:**

שוין פאראן א ליד דערפון:

דער סטעפ איז שטום און שווייַגנדיק,
נאָר ער האט פארשטאַנד,
ווייסט דער סטעפ, ווער ס'איז א פלוט
און ווער א ספעקוליאַנט.

**באָרעך:**

(קערט זיך אָפּ א פארקאָסטער פון סיאָמען, ווענדט זיך צו נאָכעמען)

און דו גייסט אויך ניט אין קאָמונע? דינקעלע, דייַן קאַלע, גייט אליין. דאס איז ניט פייַן פון דיר (נאָכעם שווייַגט)



**דינקע:**

איך זע, איר האט גענומען זאָרגן זיך פאר אלע! (לאָזט שטיין באָרעכן, ווענדט זיך צו נאָכעמען, מיט וועלכן זי נעמט אוועקגיין)

און דו, וואָס בלאָנדזשעסטו ארום אין סטעפּ און זוכסט?

**נאָכעם:**

איך זע דיך זעלטן, זוך איך דיך אין סטעפּ.

**דינקע:**

וואָלסט בעסער עפּעס טאָן. אלע ארבעטן, און דו בלאָנ־קעסט זיך ארום. עס נעמט דיך ניט קיין ארבעט, הא? דיך ציט נאָך אלץ אהין . . .

**נאָכעם:**

גאָרניט ציט מיר אויסער דו.

**דינקע:**

ס'איז עפּעס וויכטיקערס פאראן.

**נאָכעם:**

פאַר מיר איז וויכטיקערס ניטאָ. פאַר מיר איז ליכטיק אי־נעם סטעפּ, ווי לאַנג עס לייַכטן דייַנע אויגן דאָרט.

**דינקע:**

ס'איז עפּעס ליכטיקערס פאראן.

**נאָכעם:**

פאַר מיר איז ליכטיקערס ניטאָ:

הכניסיני תחת כנפיך
והיי לי אם ואָחות.
(האַכניסיני טאַכאַס קנאָפאַיך
וועהעי לי איים וועאָכויס).

**דינקע:**

איך פארשטיי ניט קיין כינעזיש.

**נאָכעם:**

ס'איז ניט כינעזיש. ס'איז ביאַליקס א העברעיִש ליד.

היל מיך אונטער דייַן פליגל
און זייַ מיר א מאַמע, א שוועסטער.

דינקע:

ער איז א טויגעניכץ, דײַן ביאַליק.

נאָכעם:

וואָס רעדסטו, דינקע—ביאַליק?!

צנח לו זלזל על גדר ויִנום,
כה ישן אָנכי...
(צאָנאך לוי זאלזייל אַל גאָדייר וואַיאָנום,
קוי יאָשיין אָנויכי...)

(ער באמערקט ניט, אז דינקע איז שוין אוועק פון אים און צוגעגאנגען צו וואַנ־
קען און ס־אָמען. זיי הייבן אָן גיין און זינגען:)

א גאָלדענער רעגן אף גאָלדענע פעלדער,
ציטערן זאַנגען אף גאָלדענע בייסן...

(דער עולם צעגייט זיך, לאָזנדיק זיך אין דער ריכטונג צו די הײַזלעך. נאָכעם שטייט
אף זײַן אָרט און דעקלאַמירט).

---



## בילד 2.

א שטוב א דאָרפישע, ווײַס אויסגעקאַלכט און ריין. אף די ווענט הענגט א מוישע
מאָנטעפיאָרע, א הערצל, א לענין און סטאַלין.

מעבל—א געמיש פון דאָרפישס און שטעטלדיקס

פענצטערלעך אָפענע אין סטעפּישן פעלד אַרײַן. דורך זיי פליסט אַרײַן זון־ליכט.
די טיר איז אָפן, און דורך דער אָפנקײַט הערט זיך פונדרויסן די קוואַקערײַ פון
הינער, כריוקען פון א כאַזער, מרוקען פון א קי, ראָלן פון א וואָגן א. ד. גל.

בא איינעם פון די פענצטערלעך זיצט יאָסע אין א טאַלעס־און טפילן און מורמלט
אומבאַוועגלעך. מיט דערזעלבע־ שטאַרער אומבאַוועגלעכקײַט פאַרקוקט ער זיך
פון צײַט צו צײַט אין פענצטער. איטע פאָרעט זיך אין א ווינקל.

פונדרויסן קומט אַרײַן העשל. איטע גיסט אים אָן א טעפל מילך.

איטע:

טרינק אביסל פרישע מילך. די זון פארברענט אזוי...
די שוואַרצע קו וועט זיך איינגיכן קעלבן.

העשל:

ווען וועסטו זיך קעלבן, איטע?

איטע:

נאַרישקייטן רעדסטו, העשל... אויך א קו, רעספעקט צו
זאָגן!

העשל:

ניט קײַן נארישקײַטן, איטע, איין מאָל אף א נײַעם לעבן זיך
פארנומען, זאָל א נײַער זײַן, זאָל א זון א נײַער וואַקסן
דאָ אין סעפּ.

איטע:

האָסט דאָך שוין א זון, אף לאנגע יאָרן, העשל.

העשל:

האָסטו דאָך ניט! און פון נאָכעמען קיין נאַכעס וועט ניט זײַן. ער איז א צעשפּאַלטענער טאָפּ. דער סטעפּ איז אים קיין ברודער ניט, די ערד איז אים קיין שוועסטער ניט.

(עס קומט אריין נאָכעם)

יאָסע:

הא, דו זאָגסט מיר עפּעס, נאָכעם? ווי געשמאק זי ווארעמט, הא? א ווילע זאַך, דאָס זונעלע...

נאָכעם.

יאָ, א פולע זאך, דאָס זונעלע.

(צו איינעם פון די אָפענע פענצטערלעך קומט צו באָרעך)

באָרעך:

(פון יענער זײַט פענצטער) ביסט אָף מיר בארויגעז, נאָכעמל? כ'האב דיך ניט געוואָלט באליידיקן, כ'האב דיך ניט געוואָלט, כאָלילע, קרענקען. כ'האָב דיר נאָר מיט א ווונק געזאָגט, וואָס אלע ווייסן און אלע ריידן.

(נאָכעם גייט צו צום פענצטער)

נאָכעם:

וואָס ווייסן אלע און וואָס ריידן אלע?

באָרעך:

ווענן דינקען, ווענן דער קאָמונע זייערע.

נאָכעם:

וואָס ווייסן אלע ווענן דינקען, וואָס?

באָרעך:

(בייגט זיך נאָענט צו צו אים) וואָס איז די קאָמונע, וואָס זיי מאַכן? וואָס הייסט אַזעלכס א קאָמונע, ווייסטו? בא יונגע כעוורע א קאָמונע... דו ווייסט, וואָס ס'איז?

(עס הערט זיך פון הויף דינקעס רופן: „ציפּ - ציפּ" און זיך יאָגן נאָך א הון)



באָרעך:

(אין דרויסן ארויס) וואָס ווילסטו פונעם הינדל, דינקעלע?

דינקע:

(פונדרויסן הערט זיך איר ענטפער) דאָס איז מײַן גאָלדן הינדל. אָנדערהאלבן אייער לייגט זי מיר א טאָג.

(צו א צווייט פענצטערל קומט צו סיאָמע)

סיאָמע:

דינקע, דינקע, איינע אין א מעדינקע.

(דינקע קומט ארײַן. זי האלט די הון אין האַנט)

דינקע:

מײַן גאָלדן הינדל, ווי מעשוגע לויפט זי הײַנט ארום. זי קען ניט לייגן!

(אין דעם דריטן אָפן פענצטערל שטעקט ארײַן דעם קאָפּ מענדע)

מענדע:

געסט פאָרן!

סיאָמע:

יאָ, ס'איז זיכער און פעסט. ס'טראָגט זיך אן אווטאָ מיט שטויב און מיט געסט.

(אלע אײַלן אוועק. עס בלײַבן נאָר נאָכעם, דינקע און יאָסע)

נאָכעם:

איך וויל דיך עפּעס פרעגן, דינקע.

דינקע:

דו הילסט... אבי איך האָב געמיינט, דו הילסט קיין זאַך ניט.

נאָכעם:

איר גרינדעט טאַקע א קאָמונע?

דינקע:

קימאַט געגרינדעט שוין.

נ אָ כ ע ם:

אין פּערעצקע?

ד י נ ק ע:

אין פּערעצקע.

נ אָ כ ע ם:

איך קען ניט אַרײַן אין דער קאָמונע?

ד י נ ק ע:

דו... איך ווײס ניט, נאָכעם. אין קאָמונע גייען אָפּגעקלי־
בענע, נאָר אײגענע...

נ אָ כ ע ם:

נו... און איך בין שוין דיר ניט קיין אײגענער?

ד י נ ק ע:

מיר?.. געווים ביסטו אַן אײגענער, נאָר ס׳איז ווייניק.
דער קאָמונע דאַרף מען זײַן אַן אײגענער.

נ אָ כ ע ם:

(גייט־צו צו דינקען, לייגט אָף איר זײַן האַנט) און דיר בין איך
טאַקע נאָך אַן אײגענער?

ד י נ ק ע:

געווים אַן אײגענער.

נ אָ כ ע ם:

אַן אײגענער... נאָר דײַנע אויגן קוקן פרעמד אָף מיר, ווי
דו וואָלסט מיך קיינמאָל ניט געקענט.

י אָ ס ע:

הא? דו פרעגסט מיך עפּעס, נאָכעם?

נ אָ כ ע ם:

גאָרניט פרעג איך, זיידע... דינקע, דו ווייסט, ווי פּײַנט
איך האָב געהאַט דאָס אַלץ.

י אָ ס ע:

מיר האָט געכאָלעמט מײַנע טעכטער די געהאַרגעטע, אײַערע
ביידע מאַמעס; זיי האָבן אינעם סטעפּ פאַרזעצט קאַרטאָפל.

נ אָ כ ע ם:

איך האָב געוואָלט אַנטלויפן פון דער ערד, וואָס האָט



אַזויפיל בלוט געטרונקען... דיר צוליב בין איך געקומען
דאָ אַהער... דינקע, האָסטו מיך נאָך ליב?

(ווײַל זי אַרומנעמען, זי רוקט זיך אָפּ)

ד י נ ק ע:

האָסט אַ קאָפּ אַ קראַנקן, נאָכעם, מיט געדאַנקען נאַרישע,
און איך האָב ניט קיין צײַט פאַר נאַרישקײַטן. דער סטעפּ
איז גרויס אַזוי, אַזויפיל אַרבעט איז פאַראַן.

נ אָ כ ע ם:

דעם סאָציאַליזם דאַרפסטו בויען?

ד י נ ק ע:

יאָ, דעם סאָציאַליזם דאַרף איך בויען!

(עס קומט אַרײַן וואַנקע)

ו ו א נ ק ע:

(צו דינקען) מע דאַרף אַוועק צום ברונעם, און דו ניאַנ־
טשעסט גאָר אַ הון...

(עס קומט אַרײַן ראַבינער קראַנצנפלאַנץ, העשל, באָרעך, זוסמאַן, בערע, מאַשע,
מענדע און איניקע פויערים)

ר א ב י נ ע ר  ק ר א נ צ נ פ ל א נ ץ:

גוטן טאָג, גוטן טאַג... (דערזעט יאָסען אין טאַלעס־און טפילן)
אַך, זאָ... ייִדישע פויערים בעטן צום ליבן גאָט... ווי
היפּש, ווי נעט (גיט יאָסען די האַנט).

י אָ ס ע:

אַלייכעם־שאָלעם. הא? אַ ייִד? פון וואַנעט?

ר א ב י נ ע ר  ק ר א נ צ נ פ ל א נ ץ:

ראַבינער קראַנצנפלאַנץ אויס קיטסבורג.

ס י אָ מ ע:

(צו וואַנקען) אַ קלעריקאַליזם מיטן קניאַק. דאָס איז אַ פּאָפּ
אַ ייִדישער. ער קען דיך מאַכן פאַר אַ ייִד אַן עמעסן.
(צום ראַבינער) איר זײַנט אַ מויעל אויך?

ראַבינער קראַנצנפֿלאַנץ:

ניין, דאָס ניכט. איין ראַבינער נאָר, איין הויפּט־ראַבינער (קוקט אַפֿן אַלטן יאָסען און קווועלט). ווי היפּש, ווי נעט. און יונגע־לײַט לייגן טפֿילן? (ווענדט זיך צו וואַנקען) איר, צום בײַ־שפּיל?

העשל:

ער איז ניט קיין ייִד.

באָרעך:

אַ בלויזער קאָמסאָמאָלעץ.

ראַבינער קראַנצנפֿלאַנץ:

ניט קיין ייִד... אַך, זאָ... איין קריסט.

איטע:

אויך אַ קריסט, רעספּעקט צו זאָגן!

וואַנקע:

כאָלילע, ניט קיין קריסט. אָן אַ פּאָפּ און אָן אַ ראָוו.

ראַבינער קראַנצנפֿלאַנץ:

ניט קיין ייִד... אַך, וווּנדערבאַר... דער רעדט דאָך ייִדיש ווי אַן עכטער יודע.

בערע:

ווייס איך וואָס, אַ יאַט ווי אַלע יאַטן אונדזערע.

העשל:

פֿון אונדזער שטעטעלע, פֿון קינדווײַז אין אַ קינדערהויז אַ ייִדישן דערצויגן. צוזאַמען מיט דעם יונגוואַרג אונדזערן אַהער געקומען.

זוסמאַן:

און אַ יונג אַ טיכטיקער, ער אַרבעט גרינטלעך.

מאַשע:

אַ לעבן אויף זײַן קאָפּ! ער האָט אונדז געגעבן וואַסער.

מענדע:

ער וועט אַרײַן אין אונדזער געשיכטע.

סיאָמע:

און דאָס איז דער היסטאָריקער פֿון אונדזער דאָרף.



ראַבינער קראַנצנפֿלאַנץ:

אַך, זאָ... איין אייגענער היסטאָריקער... דאָס איז היפּש.

מענדע:

און דאָס איז דער פּאָעט פֿון אונדזער דאָרף.

סיאָמע:

ער געשיכטע, איך גערידכטע, פֿאַר פֿערד און קי, פֿאַר גענדז און הינער, געשעצטער הער ראַבינער.

ראַבינער קראַנצנפֿלאַנץ:

דאָס איז היפּש, דאָס איז נעט... אַך, זאָ, איין קריסטלעך ייִנגל, און דיזעס מערכען? (באַווײַזט אויף דינקען)

באָרעך:

דערווײַל אַ ייִדישע...

ראַבינער קראַנצנפֿלאַנץ:

איין ייִדיש פֿויערים־מערכען... ווי היפּש... ווי נעט... (גלעט די הון אין דינקעס האַנט) און דיזע הון?

דינקע:

אויך אַ ייִדישע.

ראַבינער קראַנצנפֿלאַנץ:

איין ייִדישע, ווי שיין.

דינקע:

דאָס הינדל בענטשט מיר, רעבע, אַ הון אַ גאָלדענע.

איטע:

(אינדערשטיל צו דינקען) דינקע!

דינקע:

נאָר סיקומט איר שווער אָן הײַנט דאָס לייגן.

ראַבינער קראַנצנפֿלאַנץ:

אַך, זאָ... נו, ווי לעבט מען דאָ? מיט פּאַרנאָסע...

מאַשע:

אַז אָך און וויי צום לעבן!

העשל:

זי פֿלעגט געשעפֿטן האָבן מיט נעגידים, וויל זי אַליין איצט ווערן אַ נעגידיסטע. מיר וועלן קיין נעגידים שוין ניט זײַן.

מע גיט א מעגלעכקייט צו האָרעווען. ס'איז דאָ אַף וואָס צו האָרעווען. וועט קומען א גערעטעניש, וועט זײַן ניט שלעכט.

ערשטער פויער:

די קוקורוזע און דער ווייץ איז אויפגעגאַנגען גוט.

צווייטער פויער:

די קאַרטאָפל גאָרניט שלעכט.

בערע:

בעסער ווי אין שטעטל איז געוויס. דאָרטן זײַנען מיר קיין מענטשן ניט געווען. הינט, וואָס וואָגלען אַף די מיסטן און אַלטן ביין געפינען! — אָט אַזוינע זײַנען מיר געווען! און איצט — אונדזער ערד אין אונדזערע הענט און אונדזער שווייס. אט וואס!

דריטער פויער:

דאָרט איז גיט געווען שוין וואָס צו טאָן.

ערשטער פויער:

סיידן שנאָרען אין די הײַזער.

מאשע:

איר זײַנט אליין א שנאָרער!

איטע:

א ביזאָיען פאר א פרעמדן מענטשן.

העשל:

מאשע, שווייַגט, איר לאָזט קיין וואָרט ניט ריידן.

מאשע:

אז ריידן זאָל ער פון היך. ראַק ער טשעפּעט זיך.

צווייטער פויער:

דעריקער איז, ס'זאָל רעגענען.

ראבינער קראנצנפלאַנק:

ווי אין פּאָסעק שטייט: ונתתי גשמיכם בעתם. איך ווערדע געבן רעגן אין דער צײַט.

סיאָמע:

ווי שטייט אין אונדזער פּאָסעק, וואַנקע?



וואַנקע:

דער, וואָס אַרבעט ניט, דער עסט ניט. פאַרשטייט איר רעב ראַבינער. איצט האָבן מיר נאָר ערד און קי, און טראַקטאָרעס, נאָר ס'וועט זײַן א צײַט, מיר וועלן האָבן עלעקטריפיקאַציע, קאנאליזאַציע, קאָלעקטיוויזאַציע...

ראבינער קראנצנפלאַנק:

דאָס איז היפּש... (צו יאָסען) און איר, אײַן אלטער פרומער ייִד, איר ארבעט אויך?

יאָסע:

הא? דאָ קוילעט קיינער ניט... פינצטער זײַנען דאָ נעכט, און דער סטעפּ איז אָפן; דוכט זיך, אינדערפינצטער קימען זיי פון אלע זײַטן, די געהאַרגעטע... נאָר קיין מוירע האָב איך ניט.

ראבינער קראנצנפלאַנק.

(מיט שרעק) וואָס? וואָס זאָגט איר?

באָרעך:

דעם אלטן האָט מען צוויי טעכטער געהאַרגעט.

ראבינער קראנצנפלאַנק:

אך, זאָ... שאדע, שאדע...

בערע:

ניט נאָר דער אלטער, אלע האבן מיר פאַרזוכט דעם טאָם.

העשל:

אַ העלפט פון אונדזער שטעטל האָבן באַנדעס אויסגעקוילעט.

באָרעך:

ליגן יענע דאָרט באַגראָבן, און מיר אין סטעפּ... דאָ איז ווארעמער.

העשל:

האָסט א מויל א שלעכטס, באָרעך. דו האָסט אויך צו קלאָגן?!

איטע:

שטילער, א ביזאָיען פאר א פרעמדן מענטשן.

ראבינער קראנצנפלאנץ:
(קערט זיך אום צו יאָסען) ווי שיין אײַן ייִדישער פּויער אין טאַלעס־און טפילן... דערלויבן זי, ביטע, זיצן זי גלײַך (שטעלט אָן אף יאָסען א פאָטאָגראפישן אפאראט. דורך דער טיר שטעקט ארײַן דעם קאָפּ א כאַזער, קוקט זיך אום אין אלע זײַטן. דער ראַבינער ווערט צעטומלט, לייגט אוועק דעם אפּאראַט) אײַן שוויַן... דער ליבער גאָט האָט אונדז פארבאָטן...

(איטע ט ײַבט אוועק דעם כאַזער)

באָרעך:
דער קאָמסאָמאָל דערלויבט.

ראבינער קראנצנפלאַנץ:
אין לאַנד אין הייליקן, אין ערעצ־יִסראָעל, האָב איך זאָ וואָס ניכט געזעען.

סיאָמע:
מע זאָגט, אז דאָרטן זײַנען מער כאַזיירים ווי בא אונדז.

ראבינער קראנצנפלאנץ:
און אײַן סינאגאָגע צום דאווענען?

וואנקע:
יאָ, מיר האָבן, רעב ראבינער, שוין א לייענשטיבל, און קרײַזלעך ארבעטן ניט שלעכט: א פּאָליטיש קרײַזל, א דראמאטיש קרײַזל און א לענין־קרײַזל.

סיאָמע:
ווי אין פּאָסעק שטייט:

איידער מאכן גאָט א הײַזל,
בעסער שוין א לענין־קרײַזל.

וואַנקע:
און איצט, כאַוויירים, דארף מען גיין צום ברונעם... מע וועט אים עפענען באַלד.

העשל:
הײַנט עפנט מען בא אונדז אן ארטעזיִאַנעם ברונעם.

בערע:
סע וועט זײַן אן אייגן ביסל וואסער.



ראבינער קראנצנפלאנץ:
אך, זאָ, מיטן ווילן פון ליבן גאָט.

באָרעך:
איר וואָלט געהאַלטן עפשער א קליינע רעדע... א גאסט פון אויסלאנד הערן מיר מיט גרויס רעספעקט.

ראבינער קראנצנפלאנץ:
איך דאנקע שיין... לײדער, לײדער... פילײַכט צוריק־וועגס... פין קרים צוריק וועל איך פילײַכט אפסניַ באַזוכן אײַך... עס טוט מיר ווירקלעך לייד... איך דאנקע שיין... (שטעלט ווידער אָן דעם פאָטאָגראפישן אפאראט אף יאָסען. אַזוי ווי אים שטערט דער הוט זײַנער, נעמט ער אים אראָפּ פון קאָפּ און לייגט אים אוועק אף א שטול דערנעבן) דערלויבן זי, ביטע, זיצן זי גלײַך... פארטיק, דאנקע!

דינקע:
(גייט צו צום ראבינער מיט דער הון אין האנט) און מײַן הינדל, רעבע, האָט איר ניט געבענטשט, ס'קומט איר שווער הײַנט אָן דאָס לייגן.

(זי שטרעקט אויס דעם ראבינער די הון. אין דערזעלבער צײַט לייגט דערוויַל די הון אן איי. דאָס איי פאַלט אפן ראבינערסברייטן הוט און ווערט צעפּלאַצט. עס ווערט א געלעכטער און א טומל. איטע כאַפּט א טוך אָפּצווישן דעם הוט)

מאשע:
א ווייטיק אין האַרצן — אזא איי!

דינקע:
אנטשולדיקט.

ראבינער קראנצנפלאנץ:
ביטע, ביטע, עס מאַכט ניט.

סיאָמע:
א ייִדיש איי.

מענדע:
דער ערשטער פאַל אין אונדזער געשיכטע!

(ראבינער קראַנצנפלאַנץ טוט ; ן דעם אָפּגעווישטן און פארפלעקטן הוט. אלע גייען אוועק)

## בילד 3.

באם ארטעזיאַנישן ברונעם.

(פויערים און פויערטעס אין פרײדיקער אויפרעגונג. וואנקע, דינקע, סיאָמע, מענדע און מיט זיי פיל פויערים און פויערטעס ארבעטן באם ברונעם — אנדערע זײַנען צעוואָרפן אין גרופקעס ארום דעם ברונעם. פון צייט צו צייט לייגן זיך עטלעכע אף דער ערד אָפרוען. אָפגעטײלט באזונדער, זיצן באָרעך און נאָכעם.

מיטן שליאַך קומט אָן א גרופע יונגוואַרג, רוסישע, מיט הארמאָניקעס, מיט באַלאַ־לײַקעס. זייער אָנקומען ציט צו זיך די אויפמערקזאַמקײַט פונעם אוילעם, וועלכער הערט א ווײַלע אויף צו ארבעטן)

**וואַנקע:**

(קלעטערט ארויף אף א דערהויכונג) די כאַוויירים זײַנען פון דער רוסישער קאָלאָניע לעווינסקא, געקומען צו דער עפענונג פון אונדזער ברונעם. (עס ווערט א פאַטשעריי. וואנקע ווענדט זיך צו די אָנגעקומענע) עפעס האט זיך דאָ פארהאַקט, א קליינ־קייט, באלד וועט אלץ זײַן פארטיק.

(נעמט זיך ווײַטער ארבעטן. טייל פון די געקומענע גייען צו, פארינטערעסירן זיך מיט דער ארבעט. העלפן צו)

**שטימען:**

— שטאַרקער!
— אָט באַלד וועט עס לויפן!
— אָט איז וואַסער!
— שטאַרקער, שטאַרקער!

(מאַשע לויפט-צו צו באָרעכן און נאָכעמען, ווישט זיך דאָס פּאָנעם מיט נאסע הענט)



**מאַשע:**

שוין פון אונדזער ברונעם. ווי פריש, ווי קיל, זע נאָר — גראַפן! אלע ארבעטן — ויצן זיי זיך מיט געליימטע הענט!

(לויפט צוריק צום ברונעם)

**באָרעך:**

מאשע האלט אויך שוין ניט פון גראַפן... נאָכעם, זע ווי דינקע דײַנע ארבעט... מיט וואַנקען... זע, ווי איר פּאָ־נעם ברענט... עך, נאָכעם, וועסט שוין קיין סאָוועטסקער פויער קיינמאָל ניט זײַן. אומזיסט ביסטו אהער געקומען.

**נאָכעם:**

און דו?

**באָרעך:**

ביסט א נאַר! האסט טאַקע געמיינט, אז באָרעך זײַדלער ווערט א פויער, א מוזשיק? דוירעס סאָכרים שטייען הינ־טער מיר... איך ווייס ניט, ווי אזוי איך וואָלט געלעבט אָן האנדל — געקויפט, פאַרקויפט, רעווען, העזעק... אין האנדל ליגט יידישקייט.

**נאָכעם:**

נו, צו וואָס ביסטו אהער געקומען?

**באָרעך:**

אין שטאָט האט דאָס צווענגל צוגעקוועטשט — א סוכער, בורזשואזיע... האָב איך געפרווט... און ווער עס האט א קאָפּ אף פּלייצעס, קען דא אויך געפינען וואָס צו טאָן.

(צום ברונעם קומט צו רייזל. זי טראָגט אין האנט באָרעכס ברעכײַזן און גייט צו צו סיאָמען. באָרעך לאָזט איבער נאָכעמען און שפּרינגט צו צום ברונעם, צו רייזלען)

**באָרעך:**

ווער האט דיר דערלויבט?

**סיאָמע:**

מיר אלע האבן איר דערלויבט. דער אײַזן איז א זעלטענער.

**באָרעך:**

דו ווייסט דאָך, סיאָמעלע, מע טאָר מיט אים ניט האקן.

**סיאָמע:**

איך ווייס ניט, רעב באָרעכל.

**רייזל:**

איך האק מיט אים די גרעסטע שטיינער, טאַטע.

**באָרעך:**

איך פרעג דיך ניט, טעכטערל. און פון אים גיי שוין אוועק... הערסטו, רייזעלע!

(עס ווערט א טומל)

**העשל:**

ס'וועט דעם אײַזן ווי טאָן, באָרעך?

**מאַשע:**

א נאָגיד איז א כאַזער.

**שטימען:**

— אן אײַזן זשאַלעוועט ער!

— פאַר זײַנע אייגענע בעהיימעס איז דער ברונעם!

— וואָס הערט איר אים!

— נעמט דעם אײַזן!

(עטלעכע אויפגערעגטע פויערים רײַסן ארויס בא אים דעם אײַזן און דערלאַנגען וואַנקען)

**וואַנקע:**

אונדזער ברונעם וועט באגיין זיך אָן זיין אײַזן — נא!

(גיט דעם אײַזן צוריק באָרעכן)

**באָרעך:**

א טײַערער באָכער, וואַנקע. דער איינציקער, וואָס פאַרשטייט א זאַך. (אין דער זײַט צו רייזלען) רייזעלע, איך וויל ניט זען דיך מיט דעם יונגאטש!

**רייזל:**

וואָס האסטו צוגעטשעפעט זיך צו סיאָמען!



**באָרעך:**

האלט דאס מוילכעלע, טעכטערל!.. איך וויל ניט זען דיך מיט דעם יונגאטש... דו הערסט? (רייזל גייט אָפּ פון אים א בארויגעזע. ער גייט צוריק צו נאָכעמען) גיב זיי דעם ברעכײַזן, אנדערש ניט. צוויייונדרײַסיק רובל אָפּגעקאָסט אין יענע צײַטן. איצטער וועסטו גאָרניט קריגן אזעלכע אײַזנס... איבערגעפירט ווערן זיי אף טויט.

**נאָכעם:**

ווער? די אײַזנס?

**באָרעך:**

ניין, די קינדער... און אומגליק, וואָס דאָ ווערט פון זיי... נא, זע — רייזל קלעפּט זיך צו דעם פלוס, און דינקע האט אן אויג געוואָרפן אפן שייגעץ.

**נאָכעם:**

אף וועלכן שייגעץ?

**באָרעך:**

זי האט אף אים געוואָרפן ניט איין אויג, נאָר ביידע אויגן, און עפשער עפּעס מערער נאָך.

**נאָכעם:**

אף וועמען?

**באָרעך:**

אף וועמען? — אף וואנקען...

(נאָכעם בלײַבט א רעגע שטאר. פלוצלינג לאָזט ער אראָפּ באָרעכן א פּאטש. עס ווערט א טומל. פונעם ברונעם קומען צו לויפן דינקע, סיאָמע און עטלעכע פויערים. מע זאָל וויסן, וואָס ס'איז פאָרגעקומען)

**סיאָמע:**

א פּאטש האט איר געכאַפּט, דוכט זיך, נאָר איינעם, נאָר דערפאַר א גוטן. (באָרעך גייט אָפּ אָן א זײַט א שווײַגנדיקער. סיאָמע רופט אים נאָך) עפשער דארף מען קאָמפּרעסן לייגן צום בעקעלע. אונדזער ברונעם האט שוין קאַלטע וואַסער.

(באָרעך ענטפערט ניט. גייט - צו צו וואַסיוקן, וועלכער איז אָנגעקומען מיטן שליאַך. ער גריסט זיך מיט וואַסיוקן און לאָזט זיך מיט אים אריין אין א שמועס. ס'אָמע און די איבעריקע גייען צוריק צום ברונעם. דינקע גייט־צו צו נאָכעמען)

**דינקע:**

עך, נאָכעם, שעמסט זיך ניט צו קוקן, ווי מענטשן ארבעטן... וואָס טוסטו דאָ מיט באָרעכן? לייענסט אים דיַין טויגע־ניכץ, דעם ביאַליק... מאכניסיני, קאכניסיני, קאָפּייך, פּאָפּייך...

**נאָכעם:**

כ'האָב געמיינט, כ'שטער דיר דאָרט באַם ברונעם.

**דינקע:**

שוויַיג, דו צעדרייטע ספּרוזשינע! (פּארקאַטשעט אים די ארבל פֿון דעם העמד, פֿירט אים צו צום ברונעם) נא, לייג צו א האנט!

(זי באַוויַיזט אים עפּעס צו טאָן. אינאָנהייב נעמט ער ארבעטן. ווען דינקע גייט אָבער אוועק פֿון אים און נעמט זיך פֿאָרען באַ עפּעס צוזאַמען מיט וואַנקען, גייט ער לאַנגזאַם אַן אומבאמערקטער אוועק פֿונעם ברונעם)

**וואַסיוק:**

(צו באָרעכן) נו, גוט. איך וועל דיר געבן צו אנדערהאלבן קערבלעך... יאָ, א שיינער ברונעם... ייִדן ווייסן, וואָס זיי דארפֿן טאָן... כע־כע... און דער ווייץ באַ אַיַיך גייט־אויף ניט שלעכט... ייִדן האָבן גליק. נאָר דער זומער וועט געוויס א שווערער זיַין... א טרוקענער... נאך ערגער ווי פֿאראיאָרן.

**באָרעך:**

אויב דיַין נעוויִעס וועט מעקויִעם ווערן, איז ניט גוט, וואַ־סיוק... די פּויערים אונדזערע וועלן זיך צעלויפֿן, די בע־היימעס אויספּארקויפֿן ביליק...

**וואַסיוק:**

כע, - כע. דו האסט א קאָפּ א גוטן, באָרעך... אלע ייִדן האָבן גוטע קעפּ... זיי ווייסן, וואָס זיי דארפֿן טאָן... איך וועל קויפֿן, וויפֿל פֿערד און קי דו וועסט נאָר האָבן.

(באַם ברונעם ווערט פּלוצים א גרויסער „הורא“ — דאס וואַסער האט אָנגעהויבן גיסן)



**וואַנקע:**

כאַוויירים, אונדזער קאָלעקטיוויסט האט אָנגעהויבן ארבעטן!

**מענדע:**

(נעמט ארויס א זייגער און א נאָטיץ־ביכל. פֿאַרשריַיבט)

דריַי מיט צוויי און צוואַנציק מינוט און פֿערציק סעקונ־דעס. דאָס ערשטע וואַסער אין אונדזער געשיכטע.

(מענטשן כאַפּן וואַסער מיט עמערס, מיט קריגלעך, מיט טעפּלעך. מע שטופּט זיך. מע לאַכט. יונגוואַרג כאַפּט וואַסער אין שפּריצלעך, אין פֿלעשלעך און שפּריצט איבער קעפּ און פּענימער. די געקומענע רוסישע יוגנט פֿון לענינסק שפּילט אף אינסטרומענטן. די איבעריקע כאַפּן אונטער מיט געזאַנג. דער אוילעם גייט א טאַנץ ארום דעם ברונעם. פֿונדערוויַיטן קומט אָן יאָסע. ער דערזעט די טאַנצנדיקע, צע־לאַכט ער זיך, און אפֿן אָרט, וווּ ער געפֿינט זיך, הייבט ער אָן טאַנצן מיט זיַין אייגענעם שטעקן)

פֿאָרהאַנג

## בילד 1.

אין סעלר. פאר זונפארגאנג. באָרעך און עטלעכע פויערים זיצן פארטיסטע, באָרעך רעכנט עפּעס אף די פינגער

באָרעך:

(מיט א געמאָרע־ניגן). דרײַ מאָל אכט איז פירונצוואַנציק.
פירונצוואַנציק און פירונצוואנציק איז אכטונפערציק. זעקס
מאָל אכטונפערציק איז צוויי הונדערט אכטונאַכציק... האט
איר א קלאָרן כעשבן, אז מיט דער קאָאָפּעראַציע לוינט ניט...
איצט לאָמיר זען, אויב ס׳וועט ניט זײַן קיין גערעטעניש...
רעכנט: א האלב פערד...

(עס קומט אָן העשל, גיסנדיק אף זיך קאלטע וואַסער פון א קרוג)

העשל:

א מעכײַע אביסל פרישע וואַסער... גוט, ס׳איז דא א
ברונעם אין אזוינע היצן...

מאַשע:

הונדערטונצוואנציק יאָר זאָל וואַנקע לעבן!

ערשטער פויער:

נאָר קײַן רעגן איז ניטאָ.

באָרעך:

און ס׳וועט ניט זײַן.

העשל:

האָסט א מויל א שלעכטס, באָרעך.

צווייטע פויער:

דער ווייץ קאָן נעמען דאַרן.

באָרעך:

אַלץ וועט ווערן אויסגעדאַרט.

העשל:

אַ פאַסקודנעם צונג!

באָרעך:

די ערד איז דאָ פון אײַזן. ניט פאַר קויכעס פון אַ ייִדן.

מאַשע:

וואָסי, ר'איז ניט גערעכט? זאָל איך שוין אַזוי לעבן, ר'איז גערעכט.

העשל:

פאַר וועמעס קויכעס ס'איז, פאַר וועמעס ניט.

בערע:

מײַנע הענט האָבן ניט מוירע פאַר מאָזאָליעס.

באָרעך:

אַ ייִד דאַרף זײַן באַרעכנט. און אויב, כאָלילע, עס וועט ניט רעגענען?

בערע:

בײַס זיך אָפ דעם צונג.

באָרעך:

אַז ס'וועט ניט זײַן קײַן פאַשע פאַר בעהיימעס, וועט שוין זײַן צו שפעט. איצטער קען מען נאָך באַקומען עפעס פאַר אַ קו און פאַר אַ פערד.

מאַשע:

וואָסי, ר'איז ניט גערעכט? שוין דרײַ יאָר מיר עסן זיך דאָס לײַב אין סטעפ, און וואָס?

העשל:

פריִער איז געווען אײַך בעסער, מאַשע?

מאַשע:

אַוואַדע, אַז איך בין געגאַנגען אין די הײַזער, האָב איך מער פאַרדינט, זאָל איך שוין אַזוי לעבן.



באָרעך:

און אויב מיר וועלן אויסגיין דאָ פון הונגער, וועט דען עמעצער ראַכמאָנעס האָבן? אָט איז דאַ געווען ניט לאַנג פון דײַטשלאַנד דער ראַבינער. ער איז געקומען גיבן הילף. טויזנטער האָט ער געבראַכט. האָט ער געזען, ווי מיר לעבן, אָן אַ שול און אָן אַ בעסמעדרעש, איז ער אַוועקגעפאָרן מיטן געלט, קיין גראָשן קיינעם ניט געגעבן.

מאַשע:

אַ ראָוו גיט קיינמאָל קיין נעדאָווע ניט.

באָרעך:

ער האָט געזען, ווי אַ גוי אַ וואַנקע איז דער ראָוו אין דאָרף...

בערע:

אויב דיר שטייט ניט אָן, ווער אַליין אַ ראָוו. און וואַנקען וועלן מיר זעצן אין סאָוועט.

באָרעך:

געוויס וועט ער שוין דעמאָלט זאָרגן פאַר אונדזערע כאַזײרים...

(אַף זײַנע לעצטע ווערטער קומען אָן סיאָמע, דינקע, וואַנקע און רייזל)

דינקע:

וואָס זײַנט איר אַזוי בייז אַף די כאַזײרים, באָרעך?

סיאָמע:

מיר וועלן דאָס באַשרײַבן<br>
אין מײַסעס און אין לידער —<br>
רעב באָרעכל, רעב זײַדלערל<br>
איז בייז אַף זײַנע ברידער.

בערע:

וואַנקע, באָרעך זאָגט, דו ביסט דער ראָוו פון אונדזער דאָרף.

באָרעך:

איך זאָג?.. אָט יענער, דער דײַטשישער ראַבינער... אַ יאָר אַף מיר, ס'אַרא באָכער וואַנקע איז... אַ ייִדיש קעפל...

וואַנקעלע, ס'איז אַן עמעס, די קאָאָפּעראַציע וועט האַיאָר צאָלן אַ רובל צוואַנציק פאַר אַ פוד?

**וואַנקע:**

עמעס.

**בערע:**

(צו וואַנקען). אָבער זאָג־זשע, רעבע, וואָס וועט זײַן, עס גייט קיין רעגן ניט?

**באָרעך:**

דער קאָמסאָמאָל האָט מיסטאָמע שוין באַשלאָסן עפּעס וועגן רעגן?

**דינקע:**

באַשלאָסן.

**באָרעך:**

באַשלאָסן? וואָס האָט ער באַשלאָסן וועגן רעגן?

**דינקע:**

ער האָט באַשלאָסן, אַז אַ נאַר געפינט זיך לאַנג אין רעגן, ווערט ער אַ דורכגענעצטער נאַר.

(געלעכטער פונעם עולם)

**וואַנקע:**

און דו הער זיך אויף פאַר אַלעמען צו זאָרגן, באָרעך, דער הימל וועט בײַ דיר ניט פרעגן קיין דערלויבעניש אָף רעגן. און קיינער וועט פון אונדז ניט פרעגן דיך קיין אייצע, אויב קיין רעגן וועט ניט גיין.

**סיאָמע:**

אַז ס'וואָלט געוועזן שוין אָך און ווײ,
מיר זאָלן די קולאַקעס פרעגן—
זײ וואָלטן אונדז געגעבן שנײ
און זיך אַליין גענומען רעגן.

**מאַשע:**

זאָל איך שוין אַזוי לעבן, ר'איז גערעכט!



**וואַנקע:**

בעסער זעט, כאַווײרים, עס זאָלן ניט פאַרקריכן די פערד.

(דער עולם הייבט זיך אָן פונאַנדערגיין אין פאַרשיידענע זײַטן. וואַנקע, דינקע, סיאָמע און רייזל גייען אוועק צוזאַמען)

**באָרעך:**

(לויפט נאָך רייזלען. נעמט זי אָן פאַרן האַנט) רייזעלע, דו גייסט שוין ווידער מיט דעם פלוט? איך האָב דיר געזאָגט שוין, טעכטערל, איך וויל ניט זען דיך מיט דעם יונגאַטש! (רייזל קווענקלט זיך) קיינער דאַרף דיך איצטער ניט אין סטעפ.

**סיאָמע:**

ס'איז אַ פראַגע נאָך אַ גרויסע,
ס'איז אַ פראַגע נאָך לעסאַטע,
ווּעמען דאַרף דער כטעפ,—
די טאָכטער, צי דעם טאַטע...

**באָרעך:**

אהיים! (רייזל גייט אַוועק. באָרעך שטייט און קוקט איר נאָך, ביז זי פאַרשווינדט. אים אַנטקעגן קומט אָן נאָכעם. אַ רעגע שטייען זײ ביידע און קוקן זיך אָן. נאָכעם מאַכט דאַן אַ באַוועגונג אַוועקצוגיין) עך, נאָכעם, האָסט צופיל היץ אין בלוט. איך האָב מיט דיר גערעדט, ווי ס'רעדט אַ פרײַנט, און דו האָסט זיך געוואָרפן שלאָגן.

**נאָכעם:**

כ'האָב ניט פאַרזייט אין סטעפ קיין פרײַנטשאַפט, און כ'דאַרף ניט ס'זאָלן וואַקסן פרײַנט.

**באָרעך:**

איך האָב מיט דיר גערעדט, ווײַל איך קען דיך, ווײַל מיר איז אַ שאָד אַ יונג ווי דו. דו האָסט דאָך ייִדיש בלוט אין זיך. דו האָסט געהאַט כאַלוימעס ייִדישע, געריסן זיך קיין פאַלעסטינע, און איצט האָסטו אַ שטיקל האַרטע ערד אין סטעפ און אַ כאַזער.

נאָכעם:

ס'איז נים פאר דיר צו וויסן, וואָס איך האב אין סטעפּ.

באָרעך:

דו האסט גאָרנישט דאָ אין סטעפּ... דאָס, וואָס דיר איז טײַער, האט דער שײגעץ צוגענומען.

נאָכעם:

דו ביסט א ליגנער!

באָרעך:

שלאָג זי דיר ארויס פון קאָפּ. זי איז אן אויסוואורף.

נאָכעם:

ווער?

באָרעך:

דינקע דײַנע איז אן אויסוואורף.

נאָכעם:

דו ביסט אליין אן אויסוואורף!

באָרעך:

זי איז אן אויסוואורף. זי האט פארגעסן, ווער זי איז און וואס זי איז, צונויפגעפּאָרט זיך מיט א גוי!

נאָכעם:

פארמאַך דעם פּיסק!

באָרעך:

מיט וועמען וואַלגערט זי זיך אף די סטויגעס היי? — מיט דיר, צי מיט וואַנקען? און איצטער, מײנסטו, ווו געפינט זי זיך? ווילסטו, קום, איך וועל דיר ווײַזן.

(נעמט נאָכעמען פאר דער האַנט, גייט מיט אים אויפן אנקעגן און אַנהייב זונ-פאַרגאַנג. נאָך זיי קריכן נאָך צוויי לאַנגע אויסגעצויגענע שאָטנס)

# אומוואַנדלונג

א סטויג היי אין סטעפּ.

אפן סטויג זיצן דינקע, רייזל, סיאָמע. אביסל אָפּגעזונדערט ליגט וואנקע מיטן קאָפּ ארויף צום הימל.



די זון גייט אונטער. לײַכטע פיאָלעטעווע וואָלקנדלעך ברענען אין די ראַנדן בלאסער אָפּשײַן פונעם זונפארגאַנג פאלט אפן סטויג און אף די פּענימער, וואָס געפינען זיך דאָרט.

סיאָמע, דינקע און רייזל זינגען:

בערקע האט פארזעצט קארטאָפל,
כאַנקע האט פארזייעט ווייץ,
בערקע איינער, כאַנקע איינע,
ביידע זײַנען צוויי —
האבן ביידע זיך געטראָפן
אף א סטויגל היי.

אפן סטויגל, אפן סטויגל
איז נים הארט און איז נים ווייך,
און אין ברוינעם אָוונט ווונקען
שטערן פונדערהויך —
וועט שוין וואַקסן ווייץ, קאַרטאָפל
און פּיאָנערן אויך.

סיאָמע:

און אז איך וועל ווערן ביז אף אײַך, וועל איך דאס לידל זינגען אָט אזוי:

וואנקע האט פארזעצט קארטאָפל,
דינקע האט פארזייעט ווייץ,
וואנקע איינער, דינקע איינע,
ביידע זײַנען צוויי.

דינקע:

זינג, זינג, וואַנקע הערט סײַווי נים.

סיאָמע:

וואַנקע קלײַבט זיך אויך ווערן א פּאָעט. ער שטודירט דערווײַל דעם זונפאַרגאַנג.

ר ײ ז ל:

(קוקט זיך אײַן אין הימל) א גרויסע סטאַדע קי ליגט אויסגעשפרייט אפן הימל.

ד י נ ק ע:

(שטעלט זיך אוף, קוקט זיך אײַן) ניט קי, ס'איז רויטארמייער... א דעמאָנסטראַציע... רויטע פענדלעך, קליינינקע... אסאַך, אסאַך... נאָר אין סטעפ פארגייט אזוי די זון.

װ א ַנ ק ע:

איך שפּײַ אף אזאַ דעמאָנסטראַציע און אף אזוינע רויטע פענדלעך!

ד י נ ק ע:

סיאָמע, עפשער האסטו גרייט א ליד אף װאַנקען? די זון האט אים פארזויערט היַינט.

ס י אָ מ ע:

אף װאַנקען? זיכער:

װאַנקען האט די זון פארזויערט,
דינקע איז אינקאַס:
רירט זי אים מיט אירע ליפּן,
איז איר מויל מיט קוואַס.

װ א נ ק ע:

און סיאָמע איז ניט זיס, ניט זויער,
נאָר א פוסט־און פּאַס.

ד י נ ק ע:

בראַוואָ, װאַנקע! סיאָמע, מעגסט זיך שוין באהאלטן מיט די לידלעך דײַנע.

ס י אָ מ ע:

באהאלטן זאָגסטו? גוט, זאָל זײַן באהאלטן.

(גיט א כאַפּ רײזלען און גליטשט זיך מיט איר אראָפּ פונעם כטויג. זיי בלײַבן אזוי ליגן צופוסנס פונעם סטויג, און פירן צווישן זיך א שמועס)



װ א ַנ ק ע:

א פרייד—דער הימל איז א לויטערער, די זון פארגייט מיט פענדלעך. דער הימל דארף איצטער זײַן א טריבער, מיט פײַכטע שמאַטעס אנשטאָט פענדלעך. ס'איז צײַט, ס'זאָל גיין א רעגן.

ד י נ ק ע:

ס'איז צײַט, נאר װאָס קאַעסטו זיך אזוי?

י א ַנ ק ע:

מענטשנס האָרעוואַניע ליגט אף די פעלדער. צו אלדי שוואַרצע יאר דעם הימל מיט די פענדלעך זײַנע: מ'דארף א רעגן...

ד י נ ק ע:

דו שרײַסט אזוי, ווי איך וואָלט שולדיק זײַן אין דעם, װאָס קיין רעגן גייט ניט.

װ א ַנ ק ע:

דו, געוויס... ווער דען איז שולדיק, אויב ניט דו? (נעמט זי לאַכנדיק פאר די הענט און לייגט אוועק איר קאָפּ אפן היי, ווו היין ער לייגט אויך זײַן קאָפּ) א יאַטעכע ווי דו, א גוטע קאָמסאָמאָלקע...

(די ווערטער זײַנע ווערן פארשלונגען אין היי אָדער אין אירע האָר. עס הערט זיך נאָר איר רעאגירן אף זײַנע ווערטער מיט א פריילעך געלעכטער)

ס י אָ מ ע:

אָט אזוי, היי איז ניט קיין שטרוי, און פון דײַן פאָטער דארפסטו ווערן פאָטער, וועסטו זײַן א גוטע קאָמסאָמאָלקע, וועסט אַרײַן מיט אונדז אין דער קאָמונע, וועלן מירביידע אין דער קאָמונע האבן א קאָמונע.

ר ײ ז ל:

דיר איז גרינג צו זאָגן: פון דײַן פאָטער זאָלסטו ווערן פאָטער.

ס י אָ מ ע:

מיר איז גרינג צו זאָגן, דיר איז שווער צו טאָן — ביסט א טאטנס קינד, א בורזשואַזע הון. עס פאָרט זיך ניט, פאר־

שטייסטו, רייזל, באַם קולאַק אין הויז אַ גוטע קאָמסאָ־מאָלקע.

**רייזל:**

ווײַל איך דאָך אַוועק אין דער קאָמונע.

**סיאָמע:**

וועט דער טאַטע זאָגן: רייזעלע, גיי אַהיים, איך וויל ניט זען דיך מיט דעם יונגאַטש!

**רייזל:**

נו, וועט ער זאָגן. איך וועל טאָן דאָס מײַניקע.

**סיאָמע:**

און איך דאָס מײַניקע (כאַפּט זי אַרום, פאַרגראָבט זי אין היי) אָט אַזוי ביסטו אַ יאַטעכע!

(עס קומט אָן באָרעך און נאָכעם. זיי קומען אָן פון אַ זײַט. אַז זיי זעען נאָר דינקען און וואַנקען. סיאָמע און רייזל בלײַבן פאַרשטעלט דורכן סטויג היי)

**באָרעך:**

(נעמט אָן נאָכעמען פאַר דער האַנט, ציט אים אָפּ אָן אַ זײַט און שטעלט זיך מיט אים אין אַזאַ פּאָזע, אַז מע זאָל זיי ניט דערזעען פונעם סטויג היי) אָט האָסטו זי, דײַן דינקען. נו, מיט וועמען וואַלגערט זי זיך אינעם היי? (נאָכעם ענטפערט ניט, שטייט אַ בלייכער מיט אַ פאַר־ביסענער ליפּ) ניט קיין ווונדער. אויב ייִדן, וואָס מע האָט געקוילעט ווײַבער, קינדער, מאַכן פון אַ גוי אַ גאַנצן העלד צוליב אַ ברונעם — פאַרוואָס זאָל זי מיט אים זיך ניט וואַלגערן אין היי?

**נאָכעם:**

שווײַג, דו פאַסקודנער מענטש!

**וואַנקע:**

(רעדט דינקען אין פּנים אַרײַן)... און דעמאָלט אַז דער גאַנ־צער סטעפּ וועט ווערן איין זאַוואָד, די גאַנצע ערד וועט זײַן אַ גרויסער ברויט־זאַוואָד...

**דינקע:**

און וואָס וועט דעמאָלט טאָן די זון?



**וואַנקע:**

די זון וועט ווערן אויסגענוצט ווי אַ ספּעץ אָן אומפּאַרטיי־ישער, און אויסער דעם, וועט זי פאַרברוינען דײַנע הענט, דײַן האַלדז.

(ער פּאַטשט זי איבער די הענט, דעם האַלדז, זי ווערט זיך, ער ראַנגלט זיך מיט איר און זיי קײַקלען זיך אין היי)

**באָרעך:**

ער האַלט פון ברוינע העלדזער, פּאָניע.

**נאָכעם:**

שווײַג... באָרעך... רעד ניט. דאָ איז אַ שלעכטע לופט... עס שטיקט אין האַלדז...

(אויפן סטויג האָט זיך דער גערانגל צווישן דינקען מיט וואַנקען פאַרענדיקט מיט אַ „שאָלעם“, וואָס ווערט פאַרזיגלט מיט אַ לאַנגן פאַרגײַענדיקן קוש)

**באָרעך:**

זי קאָן, דײַן דינקעלע... (נאָכעם גיט זיך אַ ריס פון אָרט, לאָזט זיך צום סטויג, בלײַבט אַ ווײַלע שטיין אַ צעטומלטער. כאַפּט אַרויס שווע־בעלעך. באָרעך לויפט צו, כאַפּט אים פאַר דער האַנט). וואָס ווילסטו טאָן, נאָכעמל?

**נאָכעם:**

האַ? אַז מע צינדט אונטער דעם סטויג פונוּנטן, קען מען אַראָפּ פונויבן?

(ער צינדט אָן אַ שוועבעלע, באָרעך פאַרלעשט מיט אַ בלאָז)

**באָרעך:**

קאָמסאָמאָלצעס קענען שפּרינגען דורך אַ פלאַם... ביסט דאָך גאָר מעשוגע, נאָכעם... ס'איז דאָך גאָרניט קײַן ייִדישע גענג...

**נאָכעם:**

שווײַג, דו פאַסקודנער הענדלער! וואָס ווייסטו, ווי אַזוי עס פלאַקערט אַ האַרץ... (גייט איבער אין אַ שעפּטש) באָרעך... אַ מעסער ווילט זיך מיר פאַרזעצן אין זײַן האַרץ... אַף דורך און דורך... דעם האַלדז איבערשנײַדן.

בּאָרעך:

(נעמט בּא אים צי די שוועבּלעך). דו שרעקסט מיך, נאָכעם. סראָגסט מיט זיך א מעסער? איך, אויבּ כ'וואָלט געדאַרפט אים הארגענען, אָט זעכסטו, וואָס איך האָבּ...

(בּאווייזט אים דעם בּרעכייזן)

נאָכעם:

דערמיט? הא? וואָס וואָלסטו געטאָן?

בּאָרעך:

ניט אים וואָלט איך דערהארגעט, נאָר זיין בּרונעם. נאכט נאָך נאכט וואָלט איך צעהאַקט דעם בּרונעם... דאָרט אויבּן די רעדלעך צעבּראָכן. דער בּרעכייזן קען דאס מאַכן איינס און צוויי.

(ער בּאווייזט אים מיטן בּרעכייזן, ווי אזוי ער וואָלט דאָס געמאַכט)

נאָכעם:

דעם בּרונעם?

בּאָרעך:

דעם בּרונעם, ער וואָלט געוואָרן אויס העלד פון וואַסער, און אלעמען וואָלט דאָס געבּראַכט א נוק. זאָל זיי ווערן נימעס דאָ דאס לעבּן, זאָלן זיי אנטלויפן פון סאָוועטסקן מידבּער.

נאָכעם:

ניט דעם בּרונעם, אים... א פּאָגראָמשטשיק איז ער מיט פּאָגראָמיש בּלוט... ניט דעם בּרונעם—אים דערהארגענען!

בּאָרעך:

ש־ש־ש... זײַ רויק, נאָכעם...

(אפן סטויג היי קלעטערט ארוף סיאָמע און רייזל, שטעקן ארויס די קעפּ, קוקן זיך איין אין וואנקעס מיט דינקעס פּאָזע. סיאָמע שאלט ארויס)

סיאָמע:

וואַנקע האט פארזעצט קאַרטאָפל,
דינקע האָט פארזייעט ווייץ...



(בּאָרעך דערזעט רייזלען. ער גיט זיך א וואָרף צום סטויג, הייבּט אָן ארופקלע־טערן פון דער קע־ניבּערדיקער זייט, וואס ס־אָמע און רייזל. זיי זעען אים ניט און זינגען ווייטער. בּיז זיין קאָפּ קומט ארויס איבּערן סטויג קעגנ־בּער סיאָמעס מיט רייזלס קעפּ. א ווײַלע קוקן זיי זיך איבּער)

בּאָרעך:

אזוי בּיסטו אהיים געגאנגען?

רייזל:

אינדר'היים איז דושנע... און כ'האבּ ניט וואָס צו טאָן איצט אינדר'היים.

סיאָמע:

כ'האבּ דיר געזאָגט, טעכטערל, איך וויל ניט זען דיך מיט דעם יונגאַטש!

(בּאָרעך נעמט ארופגיין אפן סטויג)

סיאָמע:

(קוקט אים גלייך אָן און זינגט).

סיאָמע האט פארזעצט קאַרטאָפל,
רייזל האט פארזייעט ווייץ,
סיאָמע איינער, רייזל איינע,
בּיידע זײַנען צוויי.
האבּן בּיידע זיך געטראָפן
אף א סטויגל היי.

(ער זינגט, בּיז בּאָרעך קומט צו הארט צו אים מיט רייזלען. דעמאָלט גיט ער א צי רייזלען און זיי פארשווינדן מיט א פלינקן גליטש. בּאָרעך בּלייבּט שטיין מיט א פּאָנעם פארגאָסן מיט רויטקייט פון זונפארגאנג)

## בילד 2.

(סטעפ.

נאכט. אן אָנגעטרונקענע מיט פינצטערניש און הייסן ווינטיקן אָטעם.

איבער סטעפישער ברייט זייַנען צעוואָרפן ווייַטע פייַערלעך, שייַטערס. טייל לעשן זיך, טייל פלאקערן אויף.

אינדערווייַט הערן זיך מונטערע אויסגעשרייען, הירזשען פון פערד.

בא א שייַטער זיצט א כעווריע יאטן, צווישן זיי — וואנקע, סיאָמע, דינקע און מענדע

ס׳הערט זיך פונווייַטן א רופן:

— סיאָמע!

**סיאָמע:**

האָ—האָ!

**פונחײַסן:**

— דייַן בולאַנער פארקריכט.

— מענדע, היי!

— האָ—האָ!

(ס׳קומען צו לויפן בערע און דער ערשטער פויער)

**בערע:**

וואַנקע, ווידער פערד... די גוייִם האבן פערד אריַינגע־יאָגט אין אונדזער פעלד.

**מענדע:**

שוין דאס צווייטע מאָל אין אונדזער געשיכטע.

**וואַנקע:**

וועלכע גוייִם?



**סיאָמע:**

די לעגינסקער קולאַקעס?

**בערע:**

יאָ, די לעגינסקער. אין ווייץ אריַינגעיאָגט.

**וואַנקע:**

וואַסיוק מיט זייַנע לייַט.

**סיאָמע:**

מע דארף א רייַב טאָן דעם קולאַק די זייַטן.

**ערשטער פויער:**

א רייַב טאָן? און די גוייִם זייַנע?

**וואנקע:**

ער טוט אָן זייַן אייגן דאָרף געברענטע צאָרעס. די יאַטן אונדזערע אין לעגינסק טראַכטן צו פארטרייַבן אים פון דאָרף. יאַטן, אף די פערד!

**דינקע:**

און ווער גיט מיר א פערד?

**וואַנקע:**

דו דארפסט בלייַבן, דינקע, עמעצער פון אונדז דארף בלייַבן דאָ.

**דינקע:**

פאַרוואָס פונקט איך?

**שטימען:**

— א גוירל!

— קניפלעך!

(וואנקע נעמט אייַליק צונויף טיכעלעך באם אוילעם. מע מאַכט א קניפל, מע ציט־ דינקע ציט ארויס דאָס קניפל)

**סיאָמע:**

אוי, דינקע, נעבעך ניט באשערט, זאָלסט רייַטן אפן פערד.

(אלע איילן אוועק. דע־ שייַטער צאנקט און גייט אויס. עס הערט זיך פונווייַטן א טומל און א גאלאָפיש אוועקרייַטן. בא א פריש אופגעפלאקערטן שייַטער זעען זיך זיצן יאָסע, העשל, נאָכעם און איטע. יאָסע טוליעט זיך צום שייַטער, ברומט עפעס

אונטער דער גאָז אומפּארשטענדלעכס. צום איז עס אַן אומעטיקער ייִדישער ניגון, און אַם אָפּגעריסענע ווערטער)

העשל:

הער אוף צו ברומען, טאַטע.

(יאָסע הערט ניט. ברומט ווײַטער)

יאָסע:

ס'איז היצן, זאָגט מען, און מיר איז קאַלט.

איטע:

איר וואָלט אהיים געגאנגען בעסער שלאָפן, שווער.

העשל:

און דו וואָלסט אויך געמעגט אהיים גיין, איטע.

יאָסע:

דו זאָגסט מיר עפּעס, העשל?

העשל:

איך זאָג, דו וואַלגערסט זיך ארום אומזיסט, וואָלסט בע־סער שלאָפן אין שטוב.

יאָסע:

שלאָפן? ס'שלאָפט זיך ניט, ווען ווינטן דרייען זיך אפן דאַך. זיי ברומען, און איך הער די טעכטער מײַנע וויינען אין סטעפּ.

(ער הערט זיך אײַן אינעם רויש פֿונדערווײַטן, קוקט זיך אײַן אינעם פינקלען פון די שײַטערס און ברומט)

העשל:

הער אוף צו ברומען, טאַטע.

יאָסע:

דינקען זעט מען ניט... יעסוימע אָרעמע... אײַ, דו הערסט דעם ווינט?

נאָכעם:

דינקע הערט ניט מער דעם ווינט, זי איז אליין שוין ווינט.



העשל:

דינקע ארבעט גוט. זיי מאַכן א קאָמונע זיך אין פּערעצקע. זיי האבן פײַנע קי.

יאָסע:

זי גייט אוועק פון אונדז? פארוואָס גייט זי אוועק?

העשל:

זי גייט ניט אוועק. פּערעצקע איז דא דערנעבן. (ווײַזט מיטן פינגער) אינגאנצן צען מינוט פונדאנען.

נאָכעם:

פּערעצקע איז צען מינוט פון דאָ, נאָר דינקע איז שוין ווײַט אוועק.

(עס קומט צו באָרעך און בערע)

העשל:

וואָס איז דער טומל דאָרטן, בערע?

בערע:

לענינסקער קולאַקעס האבן פערד ארײַנגעלאָזט אין אונד־זער ווייץ.

באָרעך:

לענינסקער קולאַקעס... יעדער אָרל איז צו ייִדן א קולאַק.

בערע:

וואַנקע מיט די יאַטן האבן זיך אהין געלאָזט אף פערד.

באָרעך:

א גוי געשיקט, ער זאָל באַשיצן ייִדן קעגן גויִים!

בערע:

האלעווײַ וואָלסטו געווען א ייִד אזא ווי וואַנקע!

באָרעך:

נו, יאָ, דעם ברונעם האבן מיר דאָך וואנקען צו פאר־דאנקען!

בערע:

עפּשער דיר?

בּאָרעך:

א שיינער בּרונעם, וואָס צעבּרעכט זיך יעדן טאָג!

בּערע:

ווער איז שולדיק, אז אונדזערע פויערים קענען זיך ניט בּאגיין מיט אן ארטעזיאַנעם בּרונעם?

בּאָרעך:

ניט די פויערים, דער בּרונעם טויג אינדר׳ערד!

בּערע:

דו טויגסט אינדר׳ערד!

העשל:

זידל זיך ניט, בּערע.

בּאָרעך:

בּערע דארף דעם גוי אין ראַט.

בּערע:

אוואַדע! ווינטער וועלן מיר אים שיקן אין סאָוועט. און סיאָמען אויך, און דיך—אָט וואָס!

(שטעלט אים אויס א גרויסע פײַג אונטער דער נאָז, שפּײַט אויס, גייט אוועק)

העשל:

כ׳לעבן, בּאָרעך, האסט א שלעכט מויל. וואנקע איז א גוטער יונג.

נאָכעם:

א גוטער יונג... א פּאָגראָמשטשיק מיט פּאָגראָמיש בּלוט... שעם זיך, טאַטע!

העשל:

(צו בּאָרעכן) איך בּין דיר מויכל די פּאָליטיקעס, ער (בּאווייזט אף נאָכעמען) איז אָן דיר אויך גענוג צעדרייט.

נאָכעם:

(כאפּט זיך אוף) צעדרייט... צעדרייט... זײַט איר דא אלע! יידן מיט כאַזיירים... א פּאָגראָמשטשיק איז דער פירער... פאר א שטיקל ערד פארקויפט מען די נעשאָמע!

(סונדערוויַיסן דערהערט זיך געזאנג פון יונגוואַרג)



העשל:

נאָכעם, זע, וואָס טוסטו? ווי א שאָטן בּלאָנקעסטו ארום. אָט יונגוואַרג—עס זינגט דער סטעפּ מיט זיי.

נאָכעם:

גוט איז דיר, דו הערסט, עס זינגט דער סטעפּ, און דער זיידע הערט די טעכטער וויינען אינעם סטעפּ.

(אן אָנגעכמורעטער גייט ער אוועק אָן א זײַט מיט בּאָרעכן)

העשל:

א קראַנקער קאָפּ.... פון אים קײַן נאַכעס וועט ניט זײַן...עך, איטע, ס׳איז שוין צײַט א זון צו שענקען אונדזער סטעפּ, א געזונטן זון מיט הענט געזונטע און א קאָפּ א גאַנצן. קום, איך וועל דיך אהיים פירן, טאַטע, און די גיי אויך אהיים...

(העשל נעמט אָן פאר דער האַנט דעם אלטן יאָסע, און צוזאַמען מיט איטען גייען זיי אוועק. עס קומט אָן דינע. נאָכעם דערזעט זי, לאָזט ער איבּער בּאָרעכן און גייט־צו צו איר. בּאָרעך לאָזט זיך אוועק טיפער אין סטעפּ)

נאָכעם:

דינקע?

דינקע:

דינקע.

נאָכעם:

גייסט אליין ארום אין סטעפּ?

דינקע:

נו, איז וואָס? קיין כאַיעס זײַנען דאָ דאָך ניט פאראן.

נאָכעם:

איך האבּ געמיינט, דו גייסט ניט אָן א גוי אין סטעפּ.

דינקע:

אײַ, נאָכעם, דו בּיסט א פארלוירענער פּארשוין. דײַן הויקער וועט די ערד שוין ניט פארגלײַכן.

נאָכעם:

אײַער ערד געווים ניט.

דינקע:

נו, וואָס זיצסטו אף דער ערד? וואָס ביסטו געקומען דא אהער? האסט אמאָל געוואָלט זיך לאָזן איבער די קאַווקאַזער בערג, קיין פאַלעסטינע, דוכט זיך. פארוואָס האסטו דאס ניט געטאָן?

נאָכעם:

צו וואָס איך בין געקומען דא אהער? דו ווייסט צו וואָס.. איז ליבע אויך א קאָנטער־רעוואָליוציאָנערע זאַך?

דינקע:

צו אזאַ פארשוין ווי דו, געוויס.

נאָכעם:

און צום גוי, צו וואַנקען? דו האסט כאַסענע מיט אים?

דינקע:

דו מוזט דאָס נייטיק וויסן?

נאָכעם:

געוויס, געוויס מוז איך דאָס נייטיק וויסן. (כאַפט זי אָן פאר דער האנט) דו האָסט כאַסענע מיט אים?.. דינקע, האסט פארגעסן שוין דעם בוידעם, וווביידע זיינען מיר געווען באהאלטן? אונטן האט מען ביידע מאַמעס אונדזערע דערהארגעט...

דינקע:

(רייסט ארויס פון אים איר האנט) שווייַג! דו ביסט א לעבעדיקער קיי־ווער!

נאָכעם:

א לעבעדיקער קיי־ווער... דו מיינסט, כ'האב ניט געזעען דיין אויסגעלאַסנקייט מיט וואַנקען אפן סטויג?

דינקע:

מייַן אויסגעלאַסנקייט האסטו געזעען? (לאַכט זיך שטאַרק פאַנאַנדער)

נאָכעם:

(צעטומלט פון איר געלעכטער) עפשער מאַך איך גאָר א טאָעס, דינקע... דינקע... זאָג, איך בין זיך טויע... דינקע! זאָג, דו האָסט מיך ליב ווי אמאָל...



דינקע:

ניין.

נאָכעם:

וואַנקען האסטו ליב?

דינקע:

וואַנקען האב איך ליב.

נאָכעם:

(געפאַלן) האסט ליב א גוי... פאָגראָמיש בלוט... דער זיידע זאָגט, ער הערט באנאכט אין סטעפ די טעכטער זייַנע ווײנען, די געשטאָרבענע... ער איז גערעכט, דער זיידע. איך הער אויך. הער זיך אייַן, די מאַמעס אונדזערע כליפען שטיל אין סטעפ.

דינקע:

שווייַגן! דו ביסט מעשוגע, און עס גרוילט פון דיר...

נאָכעם:

(כאַפט אָן איר האנט און לאָזט זי היסטעריש ניט ארויסרייַסן פון זייַנער)

און איצט וועלן אלע הערן. נעם דיר דעם פאָגראָמשטשיק, זעץ דיר אים אין ראַט. אלע האבן דאָ געהארגעטע... אלע וועלן הערן יאָמערן אין סטעפ די אומגעקומענע!

דינקע:

(רייסט ענדלעך איר האנט ארויס פון זייַנער) דו ביסט אליין אן אומגעקומענער! גיי אוועק פון דאָ. דער סטעפ פארטראָגט קיין טויטע ניט... די ערד ווערט דא געזייעט מיט הייסן לעבעדיקן שווייס, און דו פארטראָגסט א פוילעניש מיט זיך.

נאָכעם:

דו ביסט אן אויסוווּרף!

(סיאָמע קומט אָן מיט עטלעכע יאַטן)

סיאָמע:

עך, דינקע, קלאָגן דארפסטו אף דייַן קניפּל. פיר פערדאַטעס צוגענומען בא די לענינסקער קולאַקעס, און איינעם א צווייפיסיקן נאָך מיטגעבראכט מיט זיך.

מענדע:

דאס איז א רעקאָרד אין אונדזער געשיכטע.

סיאָמע:

דער קולאַק האט זיך געוואָרפן מיט א הראבליע הארגענענען, האט וואַנקע א־ם דערלאַנגט און דערנאָך פארבעטן. אָט גייען זיי

(עס קומען אָן וואנקע מיט נאָך עטלעכע יאטן, פירנדיק מיט זיך וואסיוקן)

וואַסיוק:

(צו וואַנקען) דו, א רוסישער, אין דער מאַמעס מאַמען דיר אריַין, צו די זשידעס האסטו זיך פארקויפט.

וואַנקע:

הע, טאַטעלע, ניט בייזער זיך. מיר וועלן רוען נאָר א קאַפ און פירן דיך אהיים. ווּעסט בא זיך אין דאָרף באַקר־מען, וואָס דיר קומט.

וואַסיוק:

דו, טיַיוולאָנישע נעשאָמע, איך בין שולדיק, אז די פערד פארבלאָנדזשען? (פונדערווייַטן זעט ער באָרעכן, רופט) באָרעך! באָרעך! (באָרעך גייט צו) ווי געפעלט דיר, איך בין שולדיק, אז די פערד פארבלאָנדזשען!

באָרעך:

נו, געוויס, מיר קענען ניט וואַסיוקן? האלעוויַי אסאַך אזוינע באַלעבאַטים... (אינדערזייַט) וואָס רייצט מען אָן אף אונדז די גוייִם? ניט אנדערש, וואנקען ווילט זיך א פאָגראָמל! וואָס אַרט דאס אים?

דינקע:

באָרעך, אַיַך טוט ווי דאָס הארץ פאר דעם קולאַק, דעם גוי?

סיאָמע:

ווי אין לידל שטייט געשריבן:

איז באָרעך א ייִדל,
וואַסיוק איז אן אָרל—
דאָך ברידערלעך טריַיע—
קולאַקעס א פאָרל.



וואַסיוק:

(קאָכט זיך) איך בין שולדיק, אז די פערד פאַרקריכן... א שלעפער אָט אזאַ!

וואַנקע:

פארמאַך דיין פיסק, קולאַק, זעץ זיך!

וואַסיוק:

באַלעבאַטים אפן סטעפ געוואָרן, אין זיַין מאַמעס מאַמען!

וואַנקע:

זעץ זיך!

וואַסיוק:

פארשאָלטענע נעשאָמע... וואַרט, א טאָג וועט קומען, אין דיַין מאַמעס מאַמען!

וואַנקע:

זעץ זיך, זאָגט מען דיר!

באָרעך:

זעצט זיך צו, וואַסיוק, באַרויִקט זיך...

וואַסיוק:

א פאַרשאָלטענע נעשאָמע! ער וועט מיר באַזוילן.

וואַנקע:

(נעמט אָן פאר בײדע אקסלען וואַסיוקן און זעצט אים אוועק)

זיץ, קולאַק!

דינקע:

(און נאָך איר די איבעריקע יאטן) בראַוואָ, וואַנקע!

(זיי מאַכן וואַנקען אָן אָוואציע. זעצן זיך אוועק און מאַכן צוגרייטונגען אָנצוצינדן א שײַטער. נאָכן בלײַבט איבער בא זיַין פריִערדיקן שײַטער, וועלכער נעמט שוין צאנקען. באָרעך גייט־צו צו וואַסיוקן, זעצט זיך נעבן אים, רעדט מיט אים עפעס)

וואַסיוק:

האסט א קאָפּ א גוטן, כע־כע... אלע ייִדן האבן גוטע קעפּ... גוט, כ׳וועל קויפן, וויפל דו וועסט האבן... אָט א שלעפער, אין זיַין מאַמעס מאַמען!

(עס קומט אָן העשל, גייט צו צו נאָכעזען)

הע של:

דער שײַטער לעשט זיך אויס. מע דאַרף אים אונטערצינדן.

נאָכעם:

(בײגט זיך־צו צו העשלען, רעדט גרויליק, ווי ער וואָלט אים אײַנגערוימט א מיורא־דיקן סוד)

אונטערצינדן... איך וועל אונטערצינדן... די קאָלאָניעס אלע... דעם גאנצן סטעפּ... און פּערעצקע די ערשטע... אונטערצינדן...

העשל:

ווערסט מעשוגע, נאָכעם...

נאָכעם:

ניט מעשוגע... זאָלן זיי פלאַקערן, די קאָלאָניעס, ווי שטורקאַצן... דער גאנצער סטעפּ וועט פלאַקערן... און אײַער העלד, דער פּאָגראָמשטשיק, וועט פלאַקערן...

(סונדערווײַטן פלאקערט אויף א שײַטער. ארום אים די כאליאסטרע יאטן שאלט ארויס מיט א הילכיקן געזאַנג)



# בילד 3.

באַם אַרײַנגאַנג אין דאָרף.

דער סטעפּ א פּארכאַלעשטער פון היץ און טריקעניש. דארע, שיטערע זאנגען דעקן צו דאָ און דאָרט דעם אויבערפלאַך. געל גראָז, שראָליקע, צעשפּאָלטענע ערד.

רעכטס די קאָלאָניע־הײַזלעך, אפן האָריזאָנט, — סילועטן פון א צווייטן דאָרף.

באָרעך שטייט און פאָרשט דעם הימל, מאכנדיק מיט די הענט א דעכל איבער די אויגן. סיגעם פעלד קומען אָן אײַנציקווײַז און אין פּאָרלעך פויערים. עס קומט אָן בערע.

בערע:

וואָס זעסטו, באָרעך?

באָרעך:

גאָרניט.

בערע:

כ׳האָב געמיינט, א וואָלקן.

(איטע קומט אָן א־ן כאפּט אונטער דאָס לעצטע וואָרט)

איטע:

א וואָלקן!

(דאָס וואָרט הייבט זיך אָן איבערוואַרפן פון מויל צו מויל)

שטימען:

— א וואָלקן!

— א וואָלקן!

איטע:

א וואָלקן, מיט רעספּעקט צו זאָגן, א שאָטן, ניט קײַן וואָלקן.

בערע:

און אז יאָ א וואָלקן? נעכטן זיינען אויך געווען וואָלקנס.

צווייטער פויער:

נעכטן האט געדונערט אויך.

בערע:

וואָלקנס גייען, וואָלקנס קומען, נאָר קיין רעגן איז ניטאָ.

א פויער: (פארייסט דעם קאָפּ, זוכט און שרייט אויס מיט קאָעס) קיין שום וואָלקן איז ניטאָ!

באָרעך:

איך האב באטראכט דעם הימל און געמאַכט א רעכענונג: וויפל דעסיאטין וועלט אויסגעפאַלן אף א קאָפּ, אויב מע וועלט דעם הימל אויך געקאָנט פארזייען. וויפל ווייץ וואָלט יעדער געקאָנט אוועקגעבן דער קאָאָפּעראציע, די קאָאָפּעראציע וועט האיאָר צאָלן גאָר א הויכן פרייז...

איטע:

איר זיינט א מאָדנער ייד, רעספּעקט צו זאָגן, שפּילט זיך גאָר מיט אונדזער ווייטיק. די ערד איז אויסגעדאַרט און פּלאצט ווי הארטער לעדער, שווינדלט ער מיט וואָלקנס!

ערשטער פויער:

דאָ ווערט אלץ פארברענט, און אים פארגלוסט זיך וויצלען!

בערע:

וואָס אַרט דאס אים? ער איז געווען א קרעמער, וועט ער ווייטער זיין א קרעמער!

מאַשע:

און איך און מיינע אויפעלעך? איך האב זיי ניט צו גיבן ברויט א שטיקל!

צווייטער פויער:

און ווער האט ברויט? און ווער וועט האבן ברויט?

דריטער פויער:

מיר וועלן עסן אנשטאט ברויט לאמפּאטש!

פערטער פויער:

שטיינער!



א פויערטע:

קראָפּעווע!

באָרעך:

איצט, אז ס'איז פארברענט דער ווייץ, אז דער קאָרן איז פארדאַרט, האט איר זיך ארומגעקוקט! און ווו זיינט איר געווען פריִער?

ערשטער פויער:

ווער האָט דאָס געוווּסט פאָרויס, אז ס'וועט ניט רעגענען!

מאָשע:

וואָס? ר'איז עפּשער ניט גערעכט? זאָל איך שוין אזוי לעבן, ר'איז גערעכט!

באָרעך:

איר האָט זיך געלאָזט באשווינדלען פון א שייגעץ מיט די קאָמסאָמאָלצעס זיינע. א רעגן צוגעזאָגט, פארבלענדט מיט פּודן ווייץ, מיט קאָאָפּעראַציע. גייט צו אים, זאָל ער גיבן אייך רעגן, זאָל ער גיבן פּודן ווייץ.

דריטער פויער:

יאָ, לאמפּאטש וועט ער ניט זשאלעווען.

פערטער פויער:

שטיינער קאָן ער גיבן.

בערע:

וואָס שרייט איר און אף וועמען שרייט איר? האָט דען עמעצער פארשפּארט דעם רעגן אין א שטאַל? אף א שלאָס פאַרשלאָסן?..

מאָשע:

גאָט האט אונדז פארשפּאַרט דעם רעגן אף א שלאָס.

באָרעך:

איר האט דאָך ניט אפילע ווו צו בעטן אף א רעגן... לעהאוודל, גויים גייען אויך מיט צלאָמים, ווען עס רעגנט ניט. האָבן מיר א סייפערטוירע כאָטש? גייט אין לייענשטיבל בעטן אף-א רעגן! זאָל וואנקע ספילע טאָן!

(חײַט אפן האָריזאָנט הייבט זיך אוף, אזויווי פון דער ערד ארויסגעוואקסן, א דאָרף א בלײַענדיקס, פארטונקט אין ביימער, א טײַך, וואס פינקלט מיט קילער פרישקײַט קעגן דער זון. דאס אפבילד דערשײַנט אזוי פון הינטערן פארהאַנג, וואס א באַ־האלטענע האנט הייבט אוף לאנגזאַם. צוערשט באַווײַזן זיך די שלאנקע ביימער, דערנאָך די הײַזלעך, דערנאָך דער טײַך. דער אוילעם קוקט אהין פארגאפט און שוויַיגנדיק. ביסלעכווײַז הייבט אָן דאס בילד פארבלאסן, פארלעשן, און ענדלעך ווערט עס אינגאנצן פארשווונדן, אזויווי די ערד וואָלט עס לאנגזאם ארײַנגעזויגן אין זיך און פארשלונגען)

בערע:

א מיראזש!

איטע:

ס'ארא בלײַענדיק דאָרף.

ערשטער פויער:

ס'ארא שמעקנדיקע קילקײַט.

צווייטער פויער:

ס'ארא טײַך! כ'וואָלט זיך אין אים ארײַנגעוואָרפן.

(עס קומען אָן דער פינפטער און דער זעקסטער פויער)

פינפטער פויער:

דער ברונעם איז שוין ווידער קאַליע.

זעקסטער פויער:

די בעהיימעס זײַנען צוגעקומען טרינקען און קײַן וואסער גייט ניט.

(צווישן דעם אוילעם ווערט א טומל. אלע ווארפן זיך צו די אָנגעקומענע פויערים. בערע און נאָך עטלעכע לאָזן זיך אוועק אין דער ריכטונג צום ברונעם)

שטימען:

— נו, ווו זיינען די בעהיימעס?

— נעכטן ערשט צורעכטגעמאַכט, און שוין צעבראָכן.

— אן אומגליק איז דאָס, ניט קיין ברונעם.

— די בעהיימעס וועלן פייגערן פון דאָרשט.

באָרעך:

א נאפקעמינע, ווי אזוי זיי וועלן פייגערן,— פון הונגער, צי פון דאָרשט.



פינפטער פויער:

די בעהיימעס זײַנען שוין אוועק קײַן לעונינסק טרינקען.

זעקסטער פויער:

וואנקע מאַכט צורעכט דעם ברונעם. ער זאָגט, אז מאָרגן וועט דער ברונעם ארבעטן.

באָרעך:

און איבערמאָרגן וועט ער ווידער זײַן צעבראָכן. מיר וועלן אונטערגיין ואָ אינעם ברענענדיקן מידבער. איך זאָג אײַך, ייִדן: ראַטעוועט זיך, ווער עס קען!

ערשטער פויער:

וואָס זאָל מען טאָן?

באָרעך:

איצט איז אויך שוין באַלד צו שפּעט. נאָר מע קען נאָך קריגן עפּעס פאר א קו, צי פאר א פערד. ווען דאס לעצטע גרעזעלע וועט זײַן פארברענט, וועט שוין גאָר אינגאנצן זײַן צו שפּעט.

מאַשע:

זאָל איך שוין אזוי לעבן, ר'איז גערעכט.

באָרעך:

ווער עס וויל זיך ראַטעווען, זאָל פאַרקויפן, וואס ער האט, און אוועק פון דאָ.

צווייטער פויער:

וווהין אוועק?

באָרעך:

אין שטעט אין ייִדישע, און נעמען זיך מיט עפּעס האנדלען, ווי די זיידעס אונדזערע און טאטעס. גאָט וועט ניט פאר־לאָזן. ייִדן גייען נאָך ניט אונטער.

ערשטער פויער:

אז אָך און ווי!

מאַשע:

און ווער וועט קויפן איצט בעהיימעס?

**באָרעך:**

איך האָב איינעם, וואָס וועט קריכן. ווער עס וויל, קען הײַנט באַקומען האַנטגעלט.

(אַ טײל פֿונעם אוילעם שטופּן זיך צו באָרעכן, פֿאַרשיטן אים מיט פֿראַגעס. עס קומט אָן וואַנקע, דינקע, סיאָמע, רײזל, מענדע, בערע און נאָך אַנדערע)

**באָרעך:**

אָט קומען די פֿאַרזאָרגער אונדזערע! וואָס הערט זיך מיטן ברונעם, וואַנקע?

**וואַנקע:**

ווידער האָט אים עמעצער צעבראָכן.

**דינקע:**

געוויס די לענינסקער קולאַקעס.

**סיאָמע:**

ס'איז מיסטאָם אַ טריוק פֿון דײַן פֿרײַנט וואַסיוק.

**באָרעך:**

און וואָס הערט זיך מיטן רעגן, וואַנקע? און וואָס הערט זיך מיט דער קאָאָפּעראַציע, וויפֿל וועט זי צאָלן פֿאַר אַ פּוד?

**מאַשע:**

און מיט ברויט וואָס הערט זיך? ברויט פֿאַר מײַנע קינדער, ברויט!

**דינקע:**

שרײַט ניט, מאַשע!

**שטימען:** (אויסגעריסענע פֿון אַ טייל פֿונעם אוילעם)

— זי זאָל ניט שרײַען? קינדער שרײַען!

— קינדער ווילן ברויט!

— מיר וועלן אויסגיין דאָ פֿון הונגער!

**וואַנקע:**

קיינער וועט ניט אויסגיין דאָ פֿון הונגער, איר וועט באַקומען ברויט.

**באָרעך:**

אַ נײַער צוזאָג! עך, וואַנקעלע, דו האַלטסט דאָך אין איין



צוזאָגן. אַזאַ פֿײַנער באָכער ווי דו, אַז ער זאָגט צו, דאַרף ער האַלטן וואָרט. האָסט צוגעזאָגט אַ רעגן, ליגט דער סטעפּ פֿאַרדאַרט; האָסט צוגעזאָגט פֿון ברונעם וועט זיך גיסן וואַסער, ווערן מיר פֿאַרכאַלעשט פֿון דאָרשט.

(דער טומל צווישן אוילעם שטײַגט. איינער רעדט אין צווייטן אַרײַן... יעדער וויל איבערשרײַען דעם צווייטן)

**וואַנקע:**

באַרויִקט זיך. איר וועט באַקומען ברויט! (דער אוילעם ווערט רויִקער, רוקט זיך נעענטער צו וואַנקען) מיר האָבן שוין באַקומען מעל אין פּערעצקע. צו דרײַסיק פֿונט פֿאַר יעדן.

**נאָכעם:**

(וועלכער איז געשטאַנען אומבאַמערקט אין אַ זײַט, שפּרינגט פֿלוצלינג אַרויס מיט אַ ווילדער געלעכטער) אין פּערעצקע? כאַ־כאַ־כאַ... אַוואַדע אין פּערעצקע!

**בערע:**

וואָס לאַכסטו, נאָכעם, פֿאַרוואָס אין פּערעצקע?

**נאָכעם:**

איר ווייסט ניט, וואָס איך לאַך? די קאָמונע איז אין פּערעצקע... זיי וועלן נעמען אַלץ פֿאַר זיך... איר וועט שוין זען, וואָס איך לאַך... כאַ־כאַ־כאַ, אין פּערעצקע...

**מאַשע:**

(און נאָך איר אַנדערע)

— און די קינדער אונדזערע?

— מיר ווילן אויך ניט שטאַרבן!

— גיט אונדז אונדזער ברויט!..

**באָרעך:**

כ'לעבן, ס'איז אַן אַוולע, וואַנקע... דאָס מעל האָבן ייִדן אונדז געשיקט, פֿון אויסלאַנד צוגעשיקט, אָרגאַניזאַציעס ייִדישע... דער ראַבינער, וואָס איז דאָ געווען, האָט אַוואַדע צוגעשיקט. ער האָט צוגעזאָגט. איצט ווילט איר גאָר ווערן

באַלעבאַטים און מאַכן זיך קאָמונעס! כּ׳לעבן, ס׳איז אַן אוולע... ביסט דאָך אַ יונג אַן ערלעכער...

(עס ווערט אַ ווילדער טומל. מאַשע און אַנדערע וואַרפן זיך מיט געבײַלטע פויסטן און געשרייען אויף וואַנקען)

שטימען:

— גיט אונדז אונדזער ברויט!
— גענוג באַשווינדלען אונדז!
— די קינדער ווילן זיי פאַרפּײַניקן!
— פון הונגער און פון דאָרשט!

(אין דערזעלבער צײַט וואַרפן זיך מענדע, סיאָמע און דינקע אויף באַרעכן)

סיאָמע:

פּאַסקודניאַק! שווינדלער, קולאַק!

מענדע:

פּראָוואָקאַטער! אַ בלעטל פּראָוואָקאַציע ווילט זיך דיר פאַר־שרײַבן אין דער געשיכטע!

ריזל:

(גייט צו צו באַרעכן) טאַטע, גיי אַהיים. (באַרעך קוקט זי אָן דער־שטוינט. זי צעוויינט זיך) איך זאָג דיר, גיי אַהיים. דו פירסט זיך, ווי אַ קולאַק!

(דער טימל שטײַגט. עס הערט זיך אַ שטאַרקער פײַף פון אַן אויטאָמאָביל. דער עולם קוקט זיך אום און ווערט אַ ווײַלע שטיל. עס הערט זיך אַ מורמל: „געסט“. באַלד קומען אָן פון שליאַך זוסמאַן און ראַבינער קראַנצנפלאַנץ)

ראַבינער קראַנצנפלאַנץ:

(פאַרנייגט זיך) גוטן טאָג, גוטן טאָג.

(דער עולם ענטפערט, שאָקלענדיק מיטן קאָפּ)

זוסמאַן:

דער ראַבינער פאָרט צוריק פון קרים, ווייל ער נאָכאַמאָל באַקוקן אַלע אונדזערע קאָלאָניעס, גרינטלעך ווייל ער זיי דערלערנען.



ראַבינער קראַנצנפלאַנץ:

נו, ווי גייט׳ס?

מאַשע:

זאָלן מײַנע סאָנים קענען גיין אַזוי.

שטימען:

— קײַן רעגן איז ניטאָ!
— פאַרברענט איז אַלץ געוואָרן!
— קײַן ברויט ניטאָ פאַר קינדער!
— קײַן וואַסער איז ניטאָ!

ראַבינער קראַנצנפלאַנץ:

יאַ... דאָס איז שלים... שאַדע... שאַדע...

זוסמאַן:

ס׳קאָן נאָך רעגענען, וועט געראָטן זײַן די זומער־טווייץ, די קאַרטאָפל און די קוקורוזע.

באַרעך:

פּוסטע מײַסעס! ס׳וועט קײַן רעגן שוין ניט זײַן.

מאַשע:

(פאַלט צו צום ראַבינער) האָט ראַכמאָנעס, לאָזט ניט אונטערגיין.

איטע:

פויערים, רעספּעקט צו זאָגן, אַ ביזאָיען פאַר אַ פרעמדן מענטשן.

(אַנדערע שטופּן זיך צו צום ראַבינער. מאַשע וויינט. די איבעריקע שרײַען איינער אין צווייטן אַרײַן. פון אַ טייל הערן זיך נאָר אָפּריסן)

שטימען:

— זעט, זיי זאָלן אונדז פאַנאַנדערטיילן אײַער מעל!
— ברויט!
— קינדער!
— אײַער שטיצע!
— מעל!

ראַבינער קראַנצנפלאַנץ:

יאַ, דאָס האָב איך ניכט... איך בין אײַן ראַבינער נאָר, ראַבינער קראַנצנפלאַנץ אויס קיטסבורג... שטיצע האָב איך

ניכס... לײַדער, לײַדער, אײַן ראַבינער נאָר אויס קיס־
סבורג... (דער טומל ווערט ניט קלענער, מאַשע גייט איבער אין א קאַפּאַסדיקן געוויין. ראַבינער קראַנצנפּלאַנץ כאַפּט זיך אַרויס א דערשראָ־קענער פונעם טומל און גייט אַוועק, באַגלייט פון זוסמאַנען) אַף ווי־דערזען, מײַנע הערן.

(ער פאַרשווינדט. און עס הערט זיך באַלד א פּײַף פון אַן אַוועקראָלנדיקן אויטאָ־מאָביל. מאַשע און די איבעריקע בלײַבן שטיין מיט אַנטוישונג אַף די פּנימער")

מאַשע:

א ייִד א כאַזער! א ראָוו גיט קיינמאָל קיין נעדאָווע ניט.

צווייטער פויער:

און דאָס מעל?

דריטער פויער:

ער איז מיט זיי יאַדאַכעס.

פערטער פויער:

ער האַט אַליין לאַמפּאַטש!

וואַנקע:

איצטער זײַנט איר רויִקער... גייט אַהיים. מיר וועלן ברענגען דאָ אַהער דאָס מעל און פאַנאַנדערטיילן...

באָרעך:

דו ביסט א טײַערער באָכער, וואַנקעלע, נאָר מיר ווילן, אַז דאַס מעל...

וואַנקע:

דו פאַרשפּאָרסט צו וועלן. דיר וועלן מיר קיין מעל ניט גיבן. דײַן אָרעמקײַט אַף אונדז געזאָגט. בעסער וועלן מיר די קינדער גיבן מער אַביסל.

מאַשע:

זאָל איך שוין אַזוי לעבן, ר'איז גערעכט.

(וואַנקע מיט די יאַטן נעמען גיין. דער עולם שפּאַרט זיך־צו צו וואַנקען. פרעגט, רעדט. אַלע לאָזן זיך אַוועק אין דער ריכטונג צו די הײַזלעך. דער האָריזאָנט ווערט הינטער זיי רויט־צעפלאַקערט, און די סילועטן פון די הײַזלעך דאָרט אַפן האָרי־זאָנט ווערן צעגליט. עס זעען זיך דאָרט דרייען עטלעכע ברענענדיקע וויכער־זײַלן (סמערטשעס). פון רעכטס קומען אָן העשל און יאָסע. העשל שטעלט זיך אָפּ. זײַן פּנים קאָרטשעט זיך פון א פּלוצים - באַפאַלנעם שרעק. ער באַווײַזט מיט א פינגער אַפן צעפלאַקערטן און רויכערדיקן האָריזאָנט)

העשל:

פערעצקע ברענט... ער האָט אונטערגעצונדן...

יאָסע:

הא? אונטערגעצונדן? ווער?

העשל:

נאָכעם... ער האט אונטערגעצונדן... ער וועט ווײַטער צינדן, דער אומגליקלעכער נאָכעם... (ער דערזעט די אַוועקגיי־ענדיקע פויערים. שרײַט זיי נאָך) היי, כאַווײרים! ייִדן! ס'ברענט! שטיים! פערעצקע ברענט!..

(אַלע דרייען זיך אום דערשראָקענע)

מאַשע:

פערעצקע? וואס שטייען מיר?! אונדזער מעל!..

(דער עולם ווערט צעטומלט. טייל לאָזן זיך לויפן. אַנדערע שטעלן זיך אַוועק, קוקן זיך אײַן)

וואַנקע:

עס ברענט ניט. ס'איז א זונפאַרגאַנג אַזאַ.

בערע:

פאַראַיאָרן איז אויך געווען אַזאַ זונפאַרגאַנג. מ'האָט גע־מיינט, עס ברענט.

ערשטער פויער:

איצט איז טאַקע דאָרט א סרייפע... איר זעט דעם רויך?

בערע:

הא... יאָ... א רויך... א גרויסער רויך אין די פלאַמען...
יאָ, עס ברענט...

שטימען:

— יאָ, יאָ, א רויך!
— ס'אַרא פלאַמען!
— מיר ברענען!

**מאשע:**

ווי איז מיר! וואָס שטייען מיר? דאָס מעל! עס ברענען אונדזערע לייבער און מיר שווייגן!

**נאָכעם:**

(שפּרינגט אויף) וואָס שטייט איר טאַקע, האַ? אָט איז דער אונטערצינדער! (באַווייזט אויף וואַנקען) וואָס צעברעכט איר ניט זיין קאָפּ? (וואַרפט זיך מיט די פויסטן אויף וואַנקען. בערע האַלט אים איין) וואָס צערייסט איר ניט זיין לייב? איך האָב אים אליין געזען אין פרעצקע פאָרען זיך מיט שוועבעלעך און נאַפט... בענזין געגאָסן... צוערשט דאָס מעל ארויסגענומען, דערנאָך געמאַכט א פייער, און איצטער וועט זיין א קאָמונע... ווייסט איר שוין וואָס כ'האָב געלאַכט?

(עס ווערט א מוירעדיקער טומל. מאשע וואַרפט זיך מיט א קוויטשערײַ אויף וואַנקען)

**העשל:**

(וואַרפט זיך צווישן דעם אוילעם און וואַנקען) יידן, ס'איז א ליגן... ניט וואַנקע האָט אונטערגעצונדן... ניט וואַנקע... אונטערגעצונדן האָט... ער!

(באַווייזט אויף נאָכעמען. די בעהאָלע שטייגט. פונעם אוילעם ווערט א טומלדיקער קנויל)

**דינקע:**

(שרייט מיט אלע קויכעס) מעשוגאָים! קיינער האָט ניט אונטערגעצונדן... ס'איז א זונפאַרגאַנג אזאַ...

(נאָר אין מעשוגענעם טומל הערט קיינער ניט אירע ווערטער)

פאָרהאַנג.



# דריטער אַקט

## בילד 1

באָם ארטעזיאנישן ברונעם

נאַכט

דער הויכער ברונעם שטעכט זיך אריַן אין דער טיפער פינצטערניש, און עס דוכט זיך, אז ער באוועגט זיך לייַכט. פונדערוויַטן זעען זיך פיַערלעך פון דאָרפישע היַזקעס. עס הערט זיך בילן הינט. פון ציַט צו ציַט הערט מען א געזאנג פון יונגוואָרג אין סטעפּ.

וואנקע, דינקע, סיאָמע און רייזל

וואַנקע:

און איך בין זיכער, אז ס'איז ניט קיַין ארבעט פון לעניני־סקער קולאַקעס, נאָר פון אייגענע.

סיאָמע:

(צו רייזלען)

דו פאַרשטייסט? — דיַין טאַטעלע, און וויַטער קיינער, א געזונט אין זיַינע ביינער!

וואַנקע:

יאָ, ס'איז זיַינס א שטיקל ארבעט. ער דאַרף, דער אוילעם זאָל זיך צעלויפן, וועט ער א קערבל מאַכן בא די קי און פערד.

דינקע:

א טייל פון אוילעם האָט ער טאַקע גוט צערייצט.

וואַנקע:

ניט צערייצט, מעשוגע האָט ער זיי געמאַכט: די זון גייט אונטער, זעען זיי סרייפעס... פערעצקע ברענט. דאָס זיַינען מיר אליין זיך שולדיק.

דינקע:

דו רעכנסט אויך, אַפּאָנעם, אַז דעם רעגן האָבן מיר פאַרהאַלטן. קיינער איז ניט שולדיק. מענטשן זעען זייער מי פאַרדאַרט, ווערן זיי צערייצט. זיי קוקן אפן סטעפּ — ער ברענט; דער הונגער הענגט אינדערלופטן, ווערן זיי פאַרצווייפלט, און מיר וואָס קענען טאָן? די לײַבער צו דער ערד, דער אויסגעדאַרטער פּרעסן, זי זאָל אַרײַנזויגן אין זיך די זאַפטן אונדזערע? וואָלט דאָס דען געהאָלפן? מיר וואָלטן דען נים אַלע דאָס געטאָן?

וואַנקע:

קײַן רעגן טאַקע קענען מיר ניט געבן, אָבער זען האָבן מיר געדאַרפט, מע זאָל אזא פאַרשוין פאַרטרײַבן, צו אלדי שוואַרצע יאָר, פון דאָרף ארויס, ווי די לעונינסקער כאַווירים טוען מיט וואסיוקן. א שווערע צײַט אזא, און אזעלכער גראָבט און גראָבט.

סיאָמע:

(צו רייזלען). הערסטו, רייזל, דאָס מיינט מען אַלץ דײַן טאַטעלע, א געזונט אין אים. איך מיין, דו דאַרפסט די ערשטע שיקן אים אהין, ווו וואַנקע זאָגט.

וואַנקע:

ש־ש... מיר ריידן שוין צופיל. מיר זײַנען צופיל מענטשן דאָ. מע וועט באמערקן אונדז... גייט אוועק צום סטויגל היי. ס'איז גענוג, אז איך וועל בלײַבן.

סיאָמע:

איך בלײַב אויך, די ערשטע קלעפּ מוז איך דערלאַנגען, און די יאַטעכעס, די צוויי, קענען גיין צום סטויגל היי...

(דינקע און רייזל הייבן אָן גיין. רייזל שטעלט זיך אָפּ)

רייזל:

סיאָמקע, שלאָג ניט, כ'בעט דיך. ס'איז פאַראַן א ראַט, מיליציע. זיי וועלן שוין באַשטראָפן...



סיאָמע:

אַ שאָד דער טאַטע, נעבעך, האַ? אָט א קאָמסאָמאָלקע! אַפּאָנעם, א קולאַק איז ניט קיין הון.

דינקע:

וואָס טוט א הון אינמיטנדרינען?

סיאָמע:

פאראַן א ליד אזאַ:

ניט נאָר הינדלעך האָט א הון,
א הון קאָן האָבן קאטשקעלעך;
א קולאַק איז ניט קײַן הון,
האָט ער נאָך קולאַטשקעלעך.

רייזל:

א הון צי ניט קיין הון, נאָר שלאָגן זאָלסטו ניט. אלציינס, דער טאַטע צי אן אנדערער. זאָג מיר צו, אניט חעל איך ניט גיין.

סיאָמע:

איך וועל ניט שלאָגן, קניאַקן וועל איך! נו, גוט, איך זאָג דיר צו, און טראָג זיך אָפּ וואָס גיכער.

(דינקע און רייזל גייען אוועק. וואנקע און סיאָמע פארשטעקן זיך הארט באם ברונ;ם)

וואַנקע:

פאָרזיכטיק. וועסט ארײַנפאַלן נאָך אין גרוב.

סיאָמע:

אז מע פאַלט אהער ארײַן, איז פאַרפאַלן מיטן קניאַק.

וואַנקע:

אז מע פאלט אהער ארײַן, איז שוין נאָכן קניאַק. דער גרוב איז זייער טיף, און שטיינער ליגן דאָרט שפּיציקע און גרויסע.

סיאָמע:

ווייסט, וואַנקע, וואָס איך טראַכט, מיר פּאַטערן אומזיסט די נאַכט. ס'וועט ניט קומען קיינער.

וואַנקע:

שאַ.

סיאָמע:

וואָס איז?

וואַנקע:

גאָרניט... אין סטעפּ באַנאַכט הערט מען וויַט.

סיאָמע:

גיב א פּאַפּיראָסל.

וואַנקע:

וואָס רעדסטו? ש־ש... מע גייט.

(זיי הערן זיך איַין)

סיאָמע:

מע גייט ניט. ס'איז א פעלדמויז.

וואַנקע:

א פעלדמויז?

סיאָמע:

נו, א פּראָסטע מויז, און עפּשער גאָר א לייב.

וואנקע:

און עפּשער גאָר א נאַר.

סיאָמע:

ש־ש... איצטער גייט מען טאַקע.

וואַנקע:

(הערט זיך איַין) קיינער גייט ניט. ס'איז דער ווינט.

סיאָמע.

ס'איז דושנע, טרוקן אינעם האַלדז... ווייסטו, וואנקע, איך וואָלט גאָר א פיַיף געטאָן אף אלץ, געלאָזן דיר דעם גאנצן סטעפּ, און מאַשען דיר געלאָזן אף גליק, און אליין אוועק־געלאָזט זיך אין פאבריק.

וואַנקע:

דו פיַיף ניט. דאָרטן, ווו מע שטעלט דיך, דאָרט איז דיַין פאבריק.



סיאָמע:

גיב א פּאַפּיראָסל, וואַנקע, קיינער וועט סיַיווי ניט קומען.

וואנקע:

דו קאָנסט ניט שטיין אף וואַך.

סיאָמע:

איך קאָן, נאָר קיינער וועט ניט קומען.

וואַנקע:

עס ציט דיך, סיאָמע, צו דעם סטויגל היי. גיי, מיר דאַרפן ביידע דאָ ניט שטיין.

סיאָמע:

כ'וועל נאָך אביסל וואַרטן; וועט מען קומען, מוז ער קומען באַלד. די לעוואָנע הייבט באַלד אָן ארויסגיין.

וואַנקע:

גיי שוין, כיאָמע, גיי צום סטויג. מע דארף ניט צוויי, מיר מאַכן נאָר א רויש. אויב עפּעס, וועל איך רופן.

סיאָמע:

בעסער גיב א פּאפּיראָסל.

וואנקע:

נא א פּאפּיראָס־און גיי.

סיאָמע:

וועסטו רופן?

וואַנקע:

כ'וועל דיך רופן. (גיט אים א פּאַפּיראָס. סיאָמע גייט אוועק. וואנקע ציט זיך אויס אף דער ערד. פּלוצלינג קאָרטשעט ער זיך איַין. אינדערפינצטער קומט פון ערגעץ אָן א פיגור און נעמט ארופקלעטערן אפן ברונעם. וואנקע שפּרינגט אוף.

ווער איז דאָרטן, האַ? (גיט באַקומענדיק קיַין ענטפער פון דער פיגור, וואס קריכט אלץ העכער, הייבט אָן וואנקע אויך קלעטערן ארוף אפן ברונעם. אינדערהייך בלײַבן זיי ביידע אין א שטייענדיק־וואקלענדיקער פּאָזע איינער לעבן צווייט;. אפן האָריזאָנט גייט ארויס א געלע לעוואָנע און מיט איר מוטנער, קרומער ליכט באלײַכט זי וואַנקעס און נאכעמס פּנעמער)

נאָכעם:

דו דאַרפסט מיך?

**וואַנקע:**

דו גאָר?

**גאָכעם:**

איך. דו דארפסט מיך?

**וואַנקע:**

דאָס וועל איך דיר דערנאָך שוין זאָגן. גיי דערווײַל אראָפּ.

**נאָכעם:**

(כאַפּט ארויס א ברעכאײַזן און הייבט אָן האַקן אין ברונעם) כ'וועל ניט אַראָפּ, איך וועל צעהאַקן, פארניכטן אָט דעם ברונעם דײַ־נעם... אלע אייך... צעהאַקן... פארניכטן...

**וואנקע:**

(כאַפּט אָן דעם ברעכאײַזן) אַראָפּ פונדאנען, זאָג איך דיר! (נאָכעם נעמט זיך ראנגלען מיט אים. ביידע באלאנסירן זיי אף די ברונעם־שטאַנגען) גיי אראָפּ, מעשוגענער. אז מיר פאלן דאָ ארונטער, ווערן מיר געהאַרגעט ביידע. א שרעקלעכע גרוב איז דאָ.

**נאָכעם:**

געהאַרגעט ביידע... גוט, דאס וויל איך... וועט דינקע ביידן אונדז באַגראָבן... ביידן! ביידן! מײַן לעבן איז סײַ:וי אן אויסגעברענטער גראָז אין סטעפּ... לעב דו אויך ניט... שטארב, פּאָגראָמשטשיק, שטארב! שטאַרב!

(ער וואַרפט זיך מ'ם דער גאנצער קראַפט אף וואַנקען. וואנקע ראנגלט זיך מיט אים, ענדלעך רײַסט וואנקע בא אים ארויס דאָס ברעכאײַזן און לאָזט זיך פלינק אראָפּ פונעם ברונ;ם. פינדערווײַטן שאַלן אויס לידער אין סטעפּ)

**וואנקע:**

(פונגנטן ארופרעדנדיק צו אים) גיי אראַפּ, מעשוגענער!

**נאָכעם:**

זיי זינגען, און דער סטעפּ זינגט מיט זיי... פאַרשאָלטן! זאָלן זיי פארשאָלטן זײַן! אָט איז דינקעס קאָל... (ער צע־שרײַט זיך מיט א ווילדער שטימע) די—נקע! דינ—קע! דינ—קע!

**וואַנקע:**

גיי ארונטער, אונטן וועסטו שרײַען... איצטער האסטו דאָך אויבן גאָרניט וואָס צו טאָן.



**נאָכעם:**

כ'האב שוין איצט גאָרניט וואָס צו טאָן... טאקע גאָרניט וואָס צו טאָן... ניט אויבן... ניט אונטן...

(גיט זיך פלוצלינג א האסטיקן וואָרף אין גרוב ארײַן)

**וואַנקע:**

(רופט) סיאָ—מע! סיאָ—סיאָ—מע! דינ—קע! היי, סיאָמ'ן! (גייט צו נאָענט דער צו גרוב. רופט) נאָכעם... נאָכעם... דערהאַר־געט זיך... סיאָ—מע! דינקע!

(רײַבט אָן שוועבעלעך, בעמט זיך אראָפּלאָזן טיפער אין גרוב, נאָר דער ווינט לעשט די שוועבעלעך איינס נאָך איינס. די לידער אינעם סטעפּ שאַלן אוף מיט מער קראַפט)

# בילד 2

פאר העשלס הײַזל.

העשל, יאָסע, בערע, ערשטער פויער, צווייטער פויער, מאַשע, באָרעך, אייניקע ווײַז קומען צו אַלץ מער און מער פויערים און פויערטעס.

די קעפ זײַנען אַראָפּגעלאָזטע, דערשלאָגענע. העשל זיצט אַ שוויַיגנדיקער. מיט אַ ציטעריקן טרויער אויף זײַן שוואַרץ־באוואקסן פּנים און אויף זײַנע אַראָפּהענגענדיקע אויגן)

**מאַשע:**

א יונגער בוים אזא, יונג אזוי פאַרשניטן.

**ערשטער פויער:**

א ווילער יונגערמאן געווען, קיין פליג נים אָנגערירט.

(ס׳קומען אָן עטלעכע פויערים און פויערטעס. מיט אַ שטומען קאָפּ־שאָקל באַגריסן זיי זיך מיט העשלען און זעצן זיך אוועק)

**צווייטער פויער:**

(גייט צו צו העשלען) זאָל דער אייבערשטער דיך טרייסטן, העשל.

**א פויערטע:**

(ווישט די טרערן) זאָל ער מײַען זיך פאר אונדז. א זײַדן קינד געווען.

**באָרעך:**

איר ווייסט קיינער ניט, וואס נאָכעם איז געווען.

**העשל:**

(הייבט אויף דעם קאָפּ, קוקט א ווײַלע אויף באָרעכן) איך ווייס, איך ווייס... איך בעט אײַך, רעדט ניט וועגן דעם... (דער עולם ווערט שטיל. א ווײַלע זיצן אַלע אין פאַרלעגנהײַט, ניטוויסנדיק פון וואָס אָנהייבן).



**דריטער פויער:**

ווידער קײַקלען זיך די וואָלקנס.

**פערטער פויער:**

וואָלקנס פעלן ניט, זיי גיבן נאָר קיין רעגן ניט.

**צווייטער פויער:**

וואָלט כאָטש איצט גערעגנט! די קארטאָפל וואָלטן געראַטעווע געווען.

**בערע:**

ס׳וועט, אפּאָנעם, האיאָר שוין ניט רעגענען! איר מיינט, נאָר אויף אונדז איז א ראַכמאָנעס? ס׳טוט ווי דאָס האַרץ צו קוקן אפן סטעפּ. ער וויל אויך, ס׳זאָל וואַקסן, און ליגט פארכאלעשט. ער פלאצט פון היץ.

**מאַשע:**

ווי א נאָגיד איז דער הימל דאָ. שענקט קיינמאָל קיין נעדאָווע ניט.

**פערטער פויער:**

וואָלטן כאָטש די וואָלקנס ניט געשלעפּט זיך! וואָס לאַכן זיי פון אונדז?

**יאָסע:** הא? ווער לאַכט דאָס, העשל? פארוואָס האָט נאָכעם זיך געריסן שטאַרבן?

**העשל:**

רעד ניט, טאטע.

**יאָסע:**

הא? ווי אלט איז ער געווען, נאָכעם? (נעמט עפּעס ציילן פאר זיך אויף די פינגער).

**העשל:**

הער אויף צו ברומען, טאַטע.

**בערע:**

היי, העשל, דו באַרויִק זיך... מיר זײַנען, דוכט זיך, אויסגעפּרוווטע, הא, רעב יאָסע, ווי זאָגט איר? מיר האָבן שוין געזעען, ווי דער טויט זעט אויס...

יאָסע:

געזעען... שטאַרקער זײַנען מיר פון אים... איך הער אין סטעפּ די טעכטער מײַנע װײנען, די געשטאָרבענע, און איך האָב גאָר קײַן מורא ניט... אױסגעשטאָרבן זײַנען אַלע מײַניקע שױן באַלד. אז שטאַרבן װעס דער לעצטער, װעל איך לעבן אײנער... נאָכעם האט געװאָלט, איז ער געשטאָרבן, און איך װיל ניט. איך װעל ניט װעלן קײנ־מאָל... ניט טרױער, העשל, מע טאָר ניט טרױערן נאָך אײנעם, װאָס איז אַלײן דעם טױט אין מױל אַרײַנגע־שפּרונגען... איך טרױער ניט, און װיל איך, טאַנץ איך...

(הײבט אָן טאַנצן)

העשל:

טאַטע! טאַטע!

(יאָסע הערט אים ניט און טאַנצט װײַטער. עס קומט אָן דינקע)

יאָסע:

אײַ, דינקע... דו ביסט אױך א יונגס... טאַנץ מיט מיר. דינקע, מיר האָבן בײדע ניט קײַן מורא פאַרן טױט... טאַנץ מיט מיר, מײַן דינקעלע!

דינקע:

װאָס איז מיט דיר... זײדע?

יאָסע:

העשל טרױערט... דײַן לײַב איז ברױן אזױ װי אײַזן, דינקע... הא? ער ברענט, דער סטעפּ, ער ברױנט? טאַנץ מיט מיר, מײַן טאָכטער!

(כאַפּט ארום דינקען און נעמט טאַנצן)

העשל:

טאַטע... טאַטע... װאָס איז מיט דיר? הער אױף צו טאַנצן! (דער אַלטער הערט ניט. העשל שרײַט מיט קאַעס) הער אױף צו טאַנצן!



יאָסע:

(שטעלט זיך אָפּ) הא? עס ברעכן מיר די פּיס... ס'װעט רעגענען... כ'האָב פײַנט א רעגן... ס'טױג ניט, אז די זון הערט אױף צו װאַרעמען...

בערע:

שרעקט זיך ניט, רעב יאָסע, זי װעט װאַרעמען, די זון, זי הערט ניט אױף.

יאָסע:

מע קען ניט בױען קײַן װענט אַרום דעם סטעפּ. אָן אָפּע־נער איז אונדזער סטעפּ. דעק מיך אײַן — עס איז מיר קאַלט.

(דינקע נעמט יאָסען, פירט אים צוריק אױף זײַן אָרט. װעצט אים אװעק, דעקט אים אײַן. עס קומען אָן װאַנקע, סיאָמע און מענדע, פאַרשטױבטע, פאַרמאַלטע און דער־היצטע. אין א װײַלע אַרום קומט אָן דײזל)

מענדע:

נו, דאָס מאָל איז אָנגעקומען.

מאשע:

מאָל?

סיאָמע:

הערסטו, מאשע, טאַקע מאָל און ניט קײַן קלײַען, און דײַנע פּיקערס װעלן האָבן װאָס צו קײַען.

װאַנקע:

אין א האַלבער שאָ אַרום ברענגט מען דאס אהער. מע װעט דאָס דאָ צעטײלן.

(ס קומען אָן פױערים און פױערטעס און װאַרפן זיך מיט פראַגעס)

שטימען:

— אָנגעקומען מאָל?
— װיפל אױף א קאָפּ?
— און װיפל פאַר א קינד?
— װעט מען באַלד פאַנאַנדערטײלן?

ד י נ ק ע:

וואַרט א ווײַלע, מיר דאַרפֿן פֿריִער טאָן אַן אַנדער שטיקל אַרבעט (דער אווילעם רוקט זיך צו איר מיט נײַגעריקײַט). מע דאַרף באַשליסן פֿריִער, וואָס מיר זאָלן טאָן מיט א סוינע, וועלכער זיצט מיט אונדז.

ש ט י מ ע ן:

— א סוינע?

— זיצט מיט אונדז?

— וועמעס סוינע?

וו א נ ק ע:

אָט דעם פּאַרשוין, דער באָרעך זײַדלער.

ב אָ ר ע ך:

איך — א סוינע? וועמען? יידן? מײַנע ברידער? כע־כע, ווי געפֿעלט אײַך? וואַנקע גייט באַשיצן יידן קעגן זייער סוינע באָרעך?

מ ע נ ד ע:

אַזוינס איז שוין געווען אין דער געשיכטע, באָרעך!

(פֿון שליאַך הערט זיך א קעצישע מוזיק פֿון פֿאַרשיירענע פּרימיטיווע אינסטרומענטן, דעריקער פּײַפֿלעך. עס באַווײַזט זיך א כעוורע רוסישע יאַטן און וואַסיוק. אַלע קוקן זיך אײַן אין דעם בילד. וואַנקע לויפֿט אַרויס צו זיי און קומט צוריק מיט וואַסיוקן)

וו אַ נ ק ע:

דאָס באַגלייטן לעניִנסקער כאַווײרים אַרויס פֿון זייער דאָרף וואַסיוקן. א דאָרף־פֿאַרזאַמלונג האָט באַשלאָסן איִם אַרויס־טרײַבן.

וו א ס י ו ק:

כ'וועל זיי נאָך באַווײַזן, אָט די לײַזיקע, די קאָמסאָמאָל־צעס, אין זייער מאַמעס מאַמען...

וו אַ נ ק ע:

וואַסיוק האָט עפּעס טײַנעס דאָ צו אונדז. נו, רעד, וואַ־סיוק, וואָס ווילסטו?



וו א ס י ו ק:

ניט קיין טײַנעס (ער ווענדט זיך צו באָרעכן) איך וויל צוריק מײַן האַנטגעלט.

ב אָ ר ע ך:

ער האָט געקויפֿט בײַ מיר בעהיימעס טעלעכע און האָט גע־געבן האַנטגעלט. (צו מאַשען) נו, מאַשע, גיט צוריק די זיבן רובל האַנטגעלט, וואָס כ'האָב אײַך געגעבן.

מ אַ ש ע:

ווי געפֿעלט אײַך א קולאַק? פֿריִער רעדט ער אײַן, כ'זאָל נעמען, איצט גיב צוריק! זיבן רובל! זיבן מאַקעס זאָלן זיך שטעלן מײַנע סאָנים!

ב אָ ר ע ך:

איר פֿאַרקויפֿט דאָך ניט די קו.

מ אַ ש ע:

זאָלן מײַנע סאָנים די נעשאָמעס זייערע פֿאַרקויפֿן!

ב אָ ר ע ך:

אַז איר פֿאַרקויפֿט ניט, גיט צוריק דאָס געלט!

מ אַ ש ע:

וואָס האָט ער אָנגעטשעפּעט זיך? ס'אַרא געלט, ס'אַרא קו?.. א ייִד א כאַזער, גיב איִם געלט!

ב אָ ר ע ך:

דאָס דינט איר אָפּ פֿאַר גוטס! (צום דריטן פּויער) און איר...

ד ר י ט ע ר פּ ו י ע ר:

(שלעפּט אַרויס פֿון טאַש עטלעכע רובל און גיט זיי באָרעכן) נאַ דיר אָפּ דײַן געלט. כ'האָב ניט געוווּסט, דו קויפֿסט דאָס אויף פֿאַר איִם, פֿאַר אַזאַ פּאָגראָמשטשיק. כ'וואָלט לאַמפּאַטש געגעסן און ניט געטאָן אַזוינס!

וו א נ ק ע:

נו, ס'וועט זײַן גענוג. מיט אונדז, וואַסיוק, האָסטו ניט וואָס צו טאָן. בײַ אונדז פֿאַרקויפֿט ניט קיינער קיין בע־היימעס.

וואַסיוק:

און מײַן געלט? איך האָב פֿײַנט זשידאָווסקע שטיקלעך! אויסגענאַרט בײַ מיר דאָס געלט און דערנאָך געמאַכט, די קאָמסאָמאָלצעס זאָלן מיך טרײַבן פֿון דאָרף, אין זייער מאַמעס מאַמען.

וואַנקע:

פֿאַרמאַך דײַן מיסטקאַסטן, וואַסיוק! וועמען האָסטו געלט געגעבן, — באָרעכן, צי אונדז?

וואַסיוק:

באָרעכן. האַנטגעלט אַף בעהיימעס.

וואַנקע:

גוט, וואַרט צו אַ ווײַלע, וועסט מיט אים באַלד רייד'ן, וויפֿל דו וועסט וועלן... נו, כאַווייריִם, איצט פֿאַרשטייט איר שוין, וואָס באָרעך האָט געדאַרפֿט? פֿאַרוואָס ער האָט געוואָלט צעשטערן אונדזער דאָרף... איך לייג פֿאָר, מיר זאָלן דאָסזעלבע טאָן, וואָס די לענינסקער. זאָל ער גיין צוזאַמען מיט וואַסיוקן.

מאַשע:

זאָל איך שוין אַזוי לעבן, ר'איז גערעכט.

ערשטער פּויער:

מע דאַרף אַ ייִדן ניט טרײַבן פֿונעם דאָרף.

צווייטער פּויער:

עפּשער גאָרניט שלעכט אַזוי געמיינט... עפּשער גאָר געוואָלט אַ טויווע טאָן.

סיאָמע:

געווויס אַ טויווע: אויב ניט מאַשען, אין די טאַשן...

באָרעך:

(רערמוטיקט פֿון די ווערטער פֿון די צוויי פּויערים) דערווײַל איז דאָס אַ ייִדישע קאָלאָניע. כ'האָב דאָ מערער רעכט צו זײַן, ווי ער.

בערע:

(גייט צו צו באָרעכן, רעדט אים אין פּנים אַרײַן) דו האָסט מערער רעכט פֿון אים? אונדזערער איז וואַנקע. אונדזער מי און



וואַנקעס מי, אונדזער שווייס און וואַנקעס שווייס. און דו אַ ווערד ביסטו, קראָ־פּעווע און גאָר!

באָרעך:

מיר ווייסן נאָך דערווײַל ניט, וואָס וואַנקע טוט, ווען קיינער זעט ניט. אונדז איז נאָך ניט קלאָר, מיט וועלכן טויט איז אומגעקומען נאָכעם.

דינקע:

כאַווער באָרעך, דיר איז אויך ניט קלאָר?

וואַנקע:

(נעמט אַרויס דעם ברעכײַזן, גייט צו צו באָרעכן) וועמעס איז דער ברעכײַזן? דײַנער אָדער ניט? (באָרעך שווײַגט. וואַנקע טײַטלט אים דעם אײַזן אין פּנים אַרײַן) וואָס שווײַגסטו? קוק זיך אײַן, דײַנער אָדער ניט?

באָרעך:

מײַנער.

וואַנקע:

דײַנער... מיט דעם אײַזן האָט ער באָרעכן געשיקט צעברעכן אונדזער ברונעם.

(זײַנע ווערטער רופֿן אַרויס אַ גרויסע אויפֿרעגונג צווישן עולם)

באָרעך:

נאָכעם האָט בײַ מיר געבאָרגט דעם אײַזן.

וואַנקע:

ס'איז דאָך דער אײַזן, וואָס דו טאָרסט ניט קיינעם באָרגן! (ער הייבט אויף דעם ברעכײַזן, באַווײַזט אים אַלעמען) דעם קראַנקן, צעדרייטן נאָכעם האָט ער אויסגענוצט, געשיקט אים נאַכט נאָך נאַכט צעברעכן אונדזער ברונעם. וואָס שווײַגסטו, קולאַק? האָסט נאָכעמען געשיקט צום טויט און איצטער שווײַגסטו!

באָרעך:

(אַ פֿאַרלוירענער) איך האָב ניט געוווּסט, נאָך וואָס ער דאַרף דעם אײַזן.

**ס י אָ מ ע:**

דאס איז דער אײַזן, וואָס קאָן א קלוגן קאָפּ אף צוויי צע־
האקן—יאָ, רעב באָרעכל?

(די אופרעגונג פונעם אוילעם וואקסט און גייט איבער אין א שטײַגנדיקן צאָרן, יעדער איינער נעמט אין האַנט דעם אײַזן און באַטראַכט אים)

**ש ט י מ ע ן:**

— א ווערד אזאַ!
— קולאַק פּאסקודנער!
— אזוינעם דארף מען הארגענען!

(בּערע און נאָך אים די איבעריקע לאָזן זיך אף אים מיט שטעקנס, מיט פויסטן)

**וו אַ נ ק ע:**

באַרויִקט זיך, כאַווײַרים. מע דארף די האַנט ניט לייגן אף אזוינעם.

(דער אוילעם וויל זיך ניט באַרויִקן)

**ש ט י מ ע ן:**

— זאָל זיך זײַן געביין דאָ ניט געפינען!
— טראָג זיך אָפּ!
— ארויס פון אונדזער דאָרף!

**וו אַ נ ק ע:**

דו פארשווינד וואָס גיכער. ביסט אין א סאָוועטיש דאָרף, פאַרשטייסט?

**ב אָ ר ע ך:**

איר פארשפּאָרט זיך היצן. איך פאָר סײַווי אוועק. כ'האָב אפילע שוין פארקויפט די קי. וואָס? כ'וועל וואַרטן ביז זיי וועלן פייגערן? רייזל, קום!

**ר יי ז ל:**

איך וועל בלײַבן דאָ.

**ב אָ ר ע ך:**

וואָס? וואָס זאָגסטו? דו וועסט בלײַבן? מיט וועמען?



**ס י אָ מ ע:**

מיט מיר, מיר אלעמען, מיט אונדז.

**ב אָ ר ע ך:**

(גייט צו צו רייזלען, נעמט זי פאר דער האַנט, בעטנדיק דערשלאָגן)

וואָס רעדסטו נארישקייטן, רייזל? ווי קען איך לאָזן דיך אליין?

**ר יי ז ל:**

דו דארפסט פאַר מיר ניט זאָרגן, טאַטע.

**ב אָ ר ע ך:**

ווער דען וועט זאָרגן, ער—דער פלוט? און איר—וואָסווילט איר נאָך פון מיר? נו, א קולאַק... איז דען ניט קײַן טאַטע? רייזל, רייזעלע, טעכטערל... האָב מיטלייד... קום מיט מיר...

(רייזל לאָזט אראָפּ די אויגן און הייבט אָן גיין מיט באָרעכן)

**וו אַ נ ק ע:**

איצט, וואַסיוק, קאָנסטו גיין מיט באָרעכן דײַן געשעפט פארענדיקן.

(וואסיוק, באָרעך און רייזל גייען אוועק)

**ס י אָ מ ע:**

ס'איז דושנע, טרוקן אינעם האלדז, איך וואָלט גאָר געטאָן א פײַף אף אלץ און געלאָזט זיך אין פאבריק.

**ד י נ ק ע:**

דאָס פײַפט זי ארויס פון דיר, האסט פארגעסן, סיאָמע, האסט אליין געזאָגט:

א קולאַק איז ניט קײַן הון:
א הון קען האבן קאַטשקעלעך;
א קולאַק איז ניט קיין הון,
האָט ער נאָר קולאַטשקעלעך.

און דו צעקריך ניט, סיאָמע...

(עס הערט זיך א דונער)

בערע:

עס דונערט ווידער.

ערשטער פויער:

עס פעלן ניט קײַן דונערן. עס דונערט יעדן טאָג. עס וואָלט געדעגנט בעסער!

יאָסע:

האַ? א טראָפּן אף דער נאָז... עס רעגנט?

בערע:

ניין, רעב יאָסע... א פלוי אוואדע...

דריטער פויער:

פון אזעלכע רעגנס וואַקסט לאַמפּאטש!

פערטער פויער:

שטיינער!

א פויערטע:

קראָפּעווע.

וואַנקע:

עך, פויערים, ניט צעקריכט ווי באַבעס... דער קולאַק האט אנגעיאָגט אף אײַך א שרעק... מע גיט אײַך ברויט, צו פארזייען וועט מען געבן — מע וועט די שווערע צײַט אריבערטראָגן, און ס'קאָן נאָך רעגענען אויך.

ערשטער פויער:

אף א רעגן דארף מען מער ניט וואַרטן.

דינקע:

(גייט-צו צו העשלען, גלעט אים די האָר) וואָס האלטסטו אראָפּגעלאָזט די אויגן, פעטער? מע טאָר ניט לאָזן זיך צעקוועטשן פון אן אומגליק... נאָכעם איז סײַווי געווען פארפאַלן.

העשל:

ניט דאָס, דינקע, ניט נאָכעמען באַקלאָג איך... איך ווייס... נאָכעם איז שוין פריִער טויט געווען, ארומגעבלאָנקעט טויט אין סטעפּ... נאָר אלץ צוזאַמען, דינקע... אונדזער מי ווערט אויסגעדארט, די ערד וויל ניט ארויסגעבן קײַן



פרוכט... נאָכעם איז מײַן איינציק שפּראָצעלע געווען, א פארדאַרטס, א קראַנקס, האט עס אויך די הארטע ערד פארשלונגען... כ'האב געוואלט א נײַעם לעבן, ס'זאל לעבן, ס'זאָל וואַקסן, ס'זאָל שפּראָצן. וויל ניט גיין קיין רעגן, קומט קײַן נײַ לעבן ניט. ניט עס וואַקסט און ניט עס שפּראָצט.

(ער פארשטעלט זיך מיט די הענט די אויגן, מע זאָל זייער פײַכטקײַט ניט זען. ס'קומט איטע)

איטע:

די שוואַרצע קו האט זיך געקעלבט, א ביקעלע אָן אײַנהאָרע. (העשל נעמט אוועק זײַנע הענט פון די אויגן, קוקט זי אָן מיט פארוווּנדערונג. זי דערזעט די טרערן-פײַכטקײַט אין זײַנע אויגן) העשל... העשל... (בייגט אים אוועק אין א זײַט) באַרויִק זיך... העשל...

בערע:

(שרײַט אויס) טראָפּנס פאַלן!.. ס'רעגנט!..

איטע:

באַרויִקט זיך... (זאָגט עפּעס העשלען אינדערשטיל)... אויב ס'וועט זײַן באַשערט, וועט זײַן א זון... א סטעפּישער...

העשל:

(גיט זיך א כאַפּ פארן פּאָנעם) טראָפּנס... ס'רעגנט!

שטימען:

— א רעגן!

— עס רעגנט!

— די קאַרטאפל!

— עס רע־ג־נט!

א פויער:

(שטעלט זיך אוועק מיטן פּאָנעם פאריסן צום הימל און נעמט לאַכן הויך אף א קאָל) רעגנוואַסער!

העשל:

(נעמט טאנצן) עס רעגנט! ס'וועט שפּראָצן, ס'וועט וואַקסן!

(ס'קומט צו לויפן רייזל, לויפט צו צו סיאָמען)

ר יי ז ל :

איך בלײַב !

ס י אָ מ ע :

אט אזוי ביסטו א יאַטעכע. עס רעגנט, רייזל!

(עס קומען צו לויפן די לענינסקער יאטן מיט זייערע פײַפלעך. דער רעגן שטאַרקט זיך. צוזאַמען מיט אים — די פרייר פון די מענטשן. אלע גייען אין טאנץ אונטערן גאָלדענעם פלייצנדיקן שלאקסרעגן)

פ אָ ר ה אַ נ ג.

מאָסקווע

נאָיאַבער — יאַנוואַר 1928 — 1229

# א י נ ה אַ ל ט:


פּ"ן מעכאבער . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 4.

„האנענקריי" (מיסטעריע אין צוויי אקטן) . . . . . . . . . . . . . 7.

„ברילליאנטן" (קאָמעדיע אין פיר אַקטן) . . . . . . . . . . . . . 87.

„נאַפּטאָלי באָטווין" (דראַמע אין פיר אקטן) . . . . . . . . . . . 191.

„דער סטעפּ ברענט" (פּיעסע אין דרײַ אקטן) . . . . . . . . . . . 311.